יצחק ליבמאַן

# בויער און שאַפער פון מיין דור

צווייטער באַנד

פאַרלאַג „וואָכנבלאַט"
ניו־יאָרק, 1955

צום באַוואוסטן אינדוסטריאַליסט און
באַשיידענעם כלל־טוער נייטן וואַרשאַ —
אונזער עפענטלעכן דאַנק פאַר זיין גרויסע
הילף, וואָס האָט פאַרגרינגערט די אַרויס־
געבונג פון דעם איצטיקן באַנד.

י. ל.

# BUILDERS AND CREATORS OF MY GENERATION

## Volume Two

By Isaac Liebman



Printed by
GRENICH PRINTING CORP.
New York 1, N. Y.


166

# אינהאַלט־פאַרצייכעניש פון צווייטן באַנד
# „בויער און שאַפער פון מיין דור"

•

# מאָריס אײזענמאַן

## א

בײ זײן לעבן, פּונקט װי אויף דער לװיה פון מאָריס אײזענ־מאַן — מיט אַן ערך פון זיבן יאָר צוריק — האָבן זיך בולט אָנגעזען, חוץ די לאַנדסלײט, — די ביאַליסטאָקער, — צװײערלײ טיפּן פּנימער: טרוימערישע פּנימער און סוחרישע פּנימער, װײל מאָריס אײזענמאַן איז געװען דער סינטעז פון זײ בײדן: אַ טרוימער, אײנער מיט פליגלען אין זײן מוח, אָבער מיט אַ פעסטן סוחרישן באָדן אונטער זײנע פיס.

אָט־די צװײערלײ פּנימער אין זײן לעבנס־קרײז, פּונקט װי בײ זײן לװיה זײנען כאַראַקטעריסטיש פאַר אײזענמאַנס געזעלשאַפטלעכן לעבנס־װעג, װײל דער אידעאַליסט אין אײזענמאַנען האָט זיך קײנמאָל ניט געלאָזן מיטרײסן פון אידײען און אידעאַלן װאָס האָבן ניט קײן רעאַלן באָדן. מיר דאַכט, אַז דאָס פאָלגנדיקע װאָלט געקאָנט דינען אַלס אַ ריכטיקע מאָטאָ פאַר זײן לעבנס־לאַנגער געזעלשאַפטלעכער ליניע: „מײן אידעאַל מוז אויך זײן רעאַל“. ה׳ אײזענמאַנס געזונטער שכל הישר האָט אים תמיד פאַרהיט, ער זאָל ניט פאַרפירט װערן פון זײפן־בלאָזערישע אילוזיעס און טרוימען. ער האָט שטענדיק געװאָלט פילן באָדן אונטער די פיס.

## ב

קומענדיק אין אַמעריקע פון אַ שטעטעלע לעבן ביאַליסטאָק מיט 64 יאָר צוריק, האָט ער, ניט קוקנדיק אויף זײן דעמאָלטיקער שװערער לאַגע זיך גלײך פאַראינטערעסירט מיט דער ראַדיקאַלער באַ־װעגונג. דורכמאַכנדיק אַ רײ גלגולים, פון פּעדלערײ ביז אַ פּרעס־סער בײ רעק, האָט ער, ענדלעך, דערגרײכט צו דעם קװאַל פון פּרנסה װאָס איז אים געװען אַמנאָענטסטן — דאָס איז געװען אַ געװײנלעכע סטײשאָנערי סטאָר. אָבער אַזױ שנעל װי אײזענמאַן האָט עס איבערגענומען, האָט מען די סטאָר ניט דערקענט. עס איז געװאָרן מער אַ צענטער פאַר קולטור און געזעלשאַפטלעכקײט װי פאַר געשעפט. ער האָט, קודם, אַרײנגענומען די דעמאָלט פּאָפּולערע

וואָכנבלעטער „אידישע גאַזעטן‟, דעם „פאָלקס אַדוואָקאַט‟, „די אַר־בעטער צייטונג‟, א. אַז. וו. קיין טעגלעכע אידישע פּרעסע איז נאָך דאַן נישט געווען. קומענדיק קויפן דאָרט די צייטונגען און בלע־טער, פלעגט מען שוין דאָרט, דערוויל, פאַרפירן אַ שמועס מכוח אַלערליי צייט־פראַגן, און אַמאָל אויך אויספעכטן פּאָליטישע געפעכטן. און אַזוי אַרום האָט אייזענמאַן געקראָגן די געלעגנהייט צו באַקע־נען זיך מיט די אַלערליי ריכטונגען אין דער דעמאָלטיקער אַרבע־טער באַוועגונג. ער האָט זיך טאַקע גלייך אַליין אַריינגעוואָרפן אין דער „באַוועגונג‟. פריער, אַלס אַן אַנהענגער פון דע ליאָן, האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אַן דער ס. ל. פּ., און שפּעטער, אין דער אַלגע־מיינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

וועלנדיק קאָמבינירן דאָס אידעאַלע מיט דאָס פּראַקטישע, האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט די אידייע פון אַרבעטער־רינג, אין וועמענס גרינדונג ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל, זייענדיק פון די ערשטע 15 מיטגלידער וואָס האָבן געגרינדעט דעם ערשטן ברענטש פון אַרבעטער רינג. דער איצטיקער ריזיקער אַרבעטער אָרדן אין וועלכן ער איז ביז דעם לעצטן טאָג געווען אַ מיטגליד (ד. ה. דער ברענטש 2 אַרבעטער רינג) איז אויך געגרינדעט געוואָרן — האָט מיר אייזענמאַן אַמאָל דערציילט — ביי אים אין סטאָר, אין 214 איסט 98טע גאַס, נ. י.

די זעלבע ליניע, פון פאַרבינדן אידעאַליזם מיט פּראַקטיש־קייט, האָט ער אויך דורכגעפירט אין זיין געשעפט. ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דער קליינער צאָל לעזער, וואָס פלעגן קומען צו אים אין קרעמל, שלינגען די דעמאָלטיקע גאַזעטן. ער האָט געוואָלט זיין אינסטרומענטאַל אין פאַנאַנדערטראָגן דאָס געדרוקטע אידישע וואָרט אין דער ברייט און אין דער ווייט. דאָס וואָלט, ערשטנס, געווען אַ גרויסער קולטור־אויפטו און אויך אַ באַדייטנדיקער געשעפטלעכער דערגרייך. האָט ער, ניט איבערשעצנדיק זיינע כוחות, גענומען דורכ־פירן זיין פּלאַן טראָט ביי טראָט.

צום ערשטן האָט ער דערוואָרבן אַ צאָל צייטונגס־פאַרקויפער, וועמען ער פלעגט אַליין צוברענגען די צייטונגען. שפּעטער האָט ער זיך אַרויפגעקלעטערט אַ שטאַפּל העכער, קויפנדיק אַ בייסיקל, און שפּעטער־צו, זיך באַנוצנדיק שוין מיט אַ פערד־און־וואָגן, איז ער גע־ווען דער איינציקער אין פעלד מיט אַזאַ „פּאַרנעם‟, ווייל די אַנדערע פלעגן אַרומפירן די צייטונגען אויף פושקאַרטס אָדער אין אַלטע קינ־דער־וועגעלעך. דערביי האָט ער זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געוואוסט, אַז כדי די אידישע פּרעסע אין ניו יאָרק זאָל זיך קענען ווי געהעריק צעוואַקסן, מוז מען אָנווענדן אַן אַנדער סיסטעם, מוז מען

איינפירן אַנדערע, נייערע מעטאָדן. און דאַן, מיט 55 יאָר צוריק, איז אים איינגעפאַלן דער פּלאַן פון אַ צענטראַלער צייטונגס־אַגענטור, צו וועלכן געשפּעט ער האָט אויך צוגעצויגן זיינע דעמאָלטיקע קאָנקורענטן און איצטיקע שותפים — מר. קאַלמאַנאָף, מר. וויינשטאָק, מר.



פון רעכטס צו לינקס: מאָריס איזענמאַן, דר. שמריהו לעווין און בנימין ווינטער.

ראָזען און מר. הורוויץ, און ס'איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן די איצט־מעכטיקע „מעטראָפּאָליטאַן ניוס קאָמפּאַני", אַ מיליאָן דאָלאַרדיקע פירמע, וועמענס הונדערטער שווערע טראָקס און אויטאָמאָבילס צעפירן טאָג־טעגלעך אין גרייטער ניו יאָרק, אויסער די אידישע צייטונגען, אויך זעכציק אַנדערע טעגלעכע צייטונגען, און אַרום פופציק זשורנאַלן און וואָכנבלעטער אין ענגליש און אין פופצן אַנדערע שפּראַכן.

ג

האָבנדיק אויפגעבויט אַזאַ פעסטונג האָט דער אויפטוער אין אייזענמאַנען זיך נאָך ווייט ניט באַרויִקט.

עס האָט דאַן צוגעשפּילט די געלעגנהייט, און שמריהו לעווין באַאיינפלוסט אייזענמאַנען צו אָפּשטאַטן אַ וויזיט קיין ארץ ישראל.

קומענדיק דאָרט און זעענדיק אמתע אויפבוי־אַרבעט אין שטאָט און דאָרף, זעענדיק אַז ציוניזם איז ניט קיין חלום, ווערט ער אָנגעצונדן מיט דער אידייע, און ווערט אַ באַגייסטערטער ציוניסט. איז ער צופרידן צו נעמען אויף זיך אַלערליי פליכטן און ער ווערט געווילט צו פאַרשיידענע פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין דער היגער ציוניסטי־שער באַוועגונג. און גאַנץ קירצלעך טראָגט ער שוין מיט ליבע אַ טייל פון דעם ציוניסטישן עול, און איז שוין דאָרט אַ היימישער.

שמריהו לעווין, וואָס האָט צוזאַמען מיט ביאַליקן אים „פאַר־קויפט״ די ציוניסטישע אידייע, האָבן אים אויך אַריינגעצויגן אין דער אויפלעבונגס־אַרבעט פון דער העברייאישער שפּראַך. ווען דער פאַר־לאַג „דביר״ איז איבערגעפירט געוואָרן קיין ארץ ישראל און האָט זיך געשטעלט גרויסע פאַרלעגערישע אויפגאַבן איז פאַרן „דביר״ קלאָר געוואָרן, אַז אָן אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל וועט מען ווייט ניט אַוועקגיין. און שמריהו לעווין איז געקומען אין אַמעריקע וועגן דעם. און אַמע־ריקע פאַר אים, אין דעם פּרט, האָט געהייסן — מאָריס אייזענמאַן. ווען אייזענמאַנען איז קלאָר געוואָרן אַז די „דביר״־פּלענער הענגען ניט אין דער לופטן, איז ער געוואונען געוואָרן פאַר דער אידייע. דער פאַרלאַג איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַ קאַפּיטאַל פון 200,000 דאָ־לאַר, וואָס אייזענמאַן, מיט דער הילף פון נאָך עטלעכע רייכע אידן, און, איבערהויפּט, מיט דער הילף פון בנימין ווינטער, האָבן שטיל און שנעל געשאַפן.

ד

מיט אַן ערך פון 12 יאָר צוריק, האָב איך געלייענט מעל־דונגען אין דער אידישער פּרעסע וועגן הכנות צו פייערן מאָריס איי־זענמאַנס 70טן געבורטס־טאָג, בין איך אַרויף אים זען אין זיין אָפיס אויף קריסטי סטריט. ווען ער האָט אויסגעפונען אַז דער צוועק פון מיין באַזוך איז אַן אינטערוויו פאַר דעם „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, האָט ער געמאַכט אַ מינע פון פאַרוואונדערונג, ווי ער וואָלט זיך ניט געהאַלטן וויכטיק פאַר דעם.

אין לויף פון שמועס האָב איך איינגעזען אַז אייזענמאַנס עניוות איז נישט קיין געקינסטלטע. אַלץ וואָס ער אונטערנעמט און פירט דורך קומט ביי אים אַרויס נאַטירלעך. און אַזוי אַרום באַטראַכט ער ניט זיינע קהלשע אויפטואונגען אַלס זאַכן וועגן וואָס מען דאַרף מעריש עולם זיין.

אויף מיין פראַגע, וואָס עס איז זיין גרעסטער שטאָלץ, האָט ער מיר דאַן אַזוי געזאָגט:

— די גרעסטע עשירות, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט און מיט

וועלכער איך שטאָלציר איז ניט די געלט־עשירות, נאָר די פריינט־שאַפט מיט גדולי הדור, מיט אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי יעקב גאָרדין, מאָריס ווינטשעווסקי, לואי מילער, יוסף באַראָנדעס, דר. יצחק אייזיק הורוויטש, ח. נ. ביאַליק, שמריהו לעווין, דר. חיים זשיטלאָווסקי און אַנדערע רביים, ביי וועמען איך בין געקומען שעפּן תורה ווי אַ תלמיד. נאָר וואָס מער איך האָב געוואָלט זיין ביי זיי אַ שמש, אַלץ מער האָבן זיי מיך פאַררעכנט פאַר אַ חבר. עס קען זיין, אַז אין אַ סך זאַכן האָבן זיי אפשר עטוואָס געלערנט פון מיין געזונטן שכל הישר, ווי זיי האָבן מיר עס אָפט דערקלערט.

אין די קרייזן פון „הרצליה", די באַוואוסטע ניו יאָרקער העב־רעאישע הויכשול, צירקולירט די פאָלגנדיקע מעשהלע ווי אייזענמאַן האָט מיט אַן ערך 14־15 יאָר צוריק אָנגענומען די קרוין פון פרעזידענט־שאַפט פון אָט־דעם וויכטיקן חנוך־אַנשטאַלט. מען האָט אייזענמאַנען נאָמינירט צום ערשטן מאָל אַלס פרעזידענט פון „הרצליה", האָט ער געהאַלטן אָט־די אַקצעפּטירונג־רעדע:

— דר. שמריהו לעווין האָט אַמאָל געזאָגט אַז „די מערסטע פרע־זידענטן פון די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן זיינען עם־הארצים, וואָס שפּילן דעם תלמיד־חכם. פאַראַן אָבער דאָ עטלעכע אידן וואָס זיינען ניט אַזעלכע גרויסע עם־הארצים, שפּילן זיי דווקא דעם עם הארץ. איינער פון זיי איז אייזענמאַן". וויל איך דערצו באַ־מערקן אַז איך בין אפשר ניט גענוג עם־הארץ פאַר שמריהו לעווין, איך בין אָבער, גענוג עם הארץ צו זיין פרעזידענט פון „הרצליה".

אויף דעם האָט אים דעמאָלט פּראָפ. טשערנאָוויץ, אַ פריערדיקער פרעזידענט פון אָט־דעם לערן־אַנשטאַלט, געענטפערט אַז „אין קמח — איז תורה..."

ה

אויף מיין דעמאָלטיקער פראַגע, וועלכע פון די רעדעס אויף די צאָלרייכע באַנקעטן וואָס ווערן אָפט לכבוד אים איינגעאָרדנט האָט אויף אים איבערגעלאָזן דעם שטאַרקסטן רושם, האָט ער מיר דעמאָלט איבערגעגעבן די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג:

— אויסער די גייסטרייכע רעדעס פון שמריהו לעווין, ח. נ. ביאַליק, ב. וולאַדעק, א. אַנד., געדענקט זיך מיר שטאַרק אַ רעדע פון „איינעם פון פאָלק". ער האָט, לפי ערך, אַזוי געזאָגט: „ה' אייזענ־מאַן איז אַמאָל אַריינגעקומען צו מיר אין געשעפט, האָט זיך פאַרגע־שטעלט און האָט דערקלערט, אַז איך דאַרף געבן צוויי הונדערט דאָ־לאַר פאַרן „דביר". איך, ניט וויסנדיק און ניט הערנדיק פון אַזאַ נאָמען וואָלט דאָך, אָן שום קשיות, געגעבן ה' אייזענמאַנען די פאַר־

לאַנגטע סומע, שוין צוליב דעם, וואָס ה׳ אייזענמאַן, פון וועלכן איך האָב, אַגב, גענוג געהערט, האָט זיך אַליין מטריח געווען וועגן דעם. איך האָב אים אָבער דערקלערט, אַז איך בין אַליין איצט געדריקט און איך מוז זיך אַליין ראַטעווען מיט אַ הלוואה פון צוויי טויזנט דאָ־לאַר. און צו מיין גרויסער פריידיקער איבערראַשונג, האָט זיך מר. אייזענמאַן אַנגעבומען צו לייען מיר די סומע. ס׳פאַרשטייט זיך, איך האָב אים די סומע שוין לאַנג צוריקגעצאָלט, און איך דענק אַז אין דעם פאַל בין איך פון די זעלטענע אויסנאַמען, ווייל די מערסטע וואָס כאַפּן ביי אים אַזעלכע הלוואהלעך פאַרגעסן עס גאַנץ אָפט צו־ריקצוצאָלן״.

נאָך איידער ה׳ אייזענמאַן האָט פאַרענדיקט דעם לעצטן זאַץ פון דער מעשהלע איז ער אַוועקגערופן געוואָרן אויף אַ דרינגענדיקער קאָנפערענץ.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך אים ווידער געטראָפן, ווי אַלע אָוונט, אין קאַפע ראָיאַל, אַרומגערינגלט מיט שרייבער און שוישפּילער, וועל־כע פלעגן געניסן גאַנץ אָפט זיין שטילע שטיצע.

איינער פון אָט די „געניסער״ איז געווען וויקטאָר כענקין. זייער ווייניק ווייסן וואָס פאַר אַ גרויסע סומע אייזענמאַן האָט אויסגעגעבן אויף אַרויסצופירן כענקינען אין ניו יאָרק, און ווער ווייסט וויפל אַזעלכע כענקינס ער האָט געשטיצט אין דער שטיל?

פון אייזענמאַנס לעצט־יאָריקע מעשים טובים איז דעם אידישן עולם באַקאַנט געווען זיין העלפן ברענגען ריינהאַרדטן קיין אַמעריקע, אויפצופירן דעם גראַנדיעזן ספּעקטאַקל „די עטוירנאַל ראָוד״, וואָס האָט גלאָריפיצירט די אידישע געשיכטע. די סומע געלט וואָס דאָס האָט אייזענמאַנען געקאָסט איז אַ גענוגנדיקע צו דעקן דעם יערלעכן דע־פיציט פון אַ טעגלעכער אידישער צייטונג...

אויך אייזענמאַנס אַרויספירן לודוויג זאַצן אַלס מאַלער האָט אַרויס־גערופן פיל שבח אין די קרייזן פון דער אידישער אינטעליגענץ.

דער פאַרשטאָרבענער איז אויך געווען אַ הייסער אָנהענגער און אַ שטילער שטיצער פונם „וואָכנבלאַט״. נאָר בכלל איז ער קיינמאָל ניט אַריינגעצויגן געוואָרן גרזיס־צוגיק פאַרן אידישן בוך און פאַרן אידישן זשורנאַל.

# לעאָן אַרקין

## א

וועדליק אַ אידיש קינד פון צאַרישן רוסלאַנד, איז ער געקומען אַ באַלאָדענער מיט כל טוב, — מיט מאַטעריעלע גיטער און מיט גייסטיקע נכסים — צו טיילן זיך מיט די מענטשן, מיט די



געקריוודעטע, איבערהויפּט, פון זיין דור. ער איז, קענטיק, געבאָרן געוואָרן אין אַ זיידן העמדל, און ס'האָט אים, מעגלעך, דערוואַרט אַ דערפאָלגרייכע קאַריערע אויף די מוח־געדרייטע דרכים וואָס פירן צו דער כסא הרבנות, אָדער אַ בכבודיקע שטול אין דער מזרח־וואַנט פון דעם עולם המסחר. אָבער דער סאָציאַליסטישער יצר־הרע —

דער „בונד״ — האָט אים צו 15 יאָר שוין געהאַלטן פעסט געפאַנגען אין זיין רשות. אין דער וואָלאָזשינער ישיבה האָט זיין אויסגעשאַרפט מוח גרונטיק־געזנוג תופס געווען די עטלעכע בונדישע פּראָקלאַמאַציעס, און אַ „געענדיקטער״ איז ער צוריק געקומען אין זיין געבורט־שטעטל לונא (גראָדנער גובערניע) צו ענטפערן דעם „רוף״ פון זיין האַרץ און טאַקע אויסצופּרובירן זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע באַגאַבונגען. ער גרינדעט אין לונע אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע און אין אַ יאָר צייט דערוואַרבט ער אַ בכבודיקן סטאַזש אין דער פּאַרטיי.

מיט אַ היפּשן תלמודישן פּאַק פון איין זייט און מיט אַ טיפער ידיעה אין דער געאָגראַפיע פון צאַרישע פּאַרפאָלגונגען און גזירות אויף אידן קומט ער, אַ סאָציאַליסטיש־אינספּירירטער, אין 1906 קיין אַמעריקע, וואו ער קריגט, אין יענע פּיאָנערן־יאָרן, דעם באָדן און די געלעגנהייט אויפצושפּילן זיינע פעאיקייטן און אויסצולאָדן זיינע ענער־גיעס. זיינע צוויי הויפּט־געביטן פון היגער געזעלשאַפטלעכער אויס־לעבונג זיינען פון אָנהויב אָן געווען אין דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג און אין אַרבעטער־רינג, און דאָ האָט ער זיך אויסגעלעבט ביז זיין סאַמע לעצטן טאָג ממש מיט דעם רודער אין זיין האַנט.

ב

די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין פּרוואַו־שטיין, אַ נסיון־פּעריאָדע פאַר ניט איין געזעלשאַפטלעכן רודערער אויף דער אידישער אַרבעטער־בירזשע אין אַמעריקע, ווי אין ערגעץ אַנדערשוואו מיט אַ מינימום כאָטש פון פרייען אויסדרוק. דער גאַלאָפּירנדיקער קאָמוניזם וואָס האָט געהאַלטן אין שטורעמען און טאַקע אויך פאַרכאַפּן איין אַרבעטער־פעסטונג נאָך דער אַנדערער אין אַמעריקע, ווי אין די מערסטע אַנדערע דעמאָקראַטישע לענדער, האָט געהאַלטן ווי אין אַ טראַנס די אַזוי־גערופענע אידישע אַרבעטער־גאַס אין די גרויסע און קלענערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. נאָר גאָר ניכטער־דענקענדיקע טוער און פירער מיט פאַרשטאָלטע הערצער אין דעם אַרבעטער־לאַגער האָבן געהאַט אין זיך דעם גע־פאָדערטן כוח און דעם געבענטשטן מוט צו וואַגן צאַמען אָט־דעם כמעט־אומאָפּשטעלבאַרן קאָמוניסטישן פערדל אין גאַלאָפּ. לעאָן אַרקינס רבניש־אויסזעענדיקער קאָפּ האָט באַזעסן אַזאַ מוח און ער האָט זיין האַרץ אויסגעשטאָלט אין פאַרמעסט מיט אָט־דעם ווילד־וואַלדיקן שונא. אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין ניו־יאָרק, אין 1921, האָט ער דערוואָרבן אַלגעמיינע אָנערקענונג

פאַר זיין העפטיקן ווידערשטאַנד קעגן די איבערלויפער אין דער לינקער מחנה. און ווען יענע פירערשאַפט איז, אין איר מערהייט, אַן אַנט־שיידענע אַוועק אין די קאָמוניסטישע דרכים איז דער דעלעגאַט פון פיטסבורג, דער פּראָווינצלער אַרקין, געוואָרן דער פירער פון דער אָפּאָזיציע, וועלכע האָט זיך רעאָרגאַניזירט אין דעם אידישן סאָציאַ־ליסטישן פאַרבאַנד. אין פייער פון יענע קאַמפן איז זיין פירער־פנים אויסגעהאַמערט געוואָרן און אויף די שטרייט־פעלדער פון פּראָלעטאַ־רישן ברודער־קריג האָט ער דעם נסיון אויסגעהאַלטן.

## ג

אין יאָר 1923 איז מר. אַרקין אַנפּאַרטרויט געוואָרן מיט פאַרוואַלטערשאַפט פון „פאָרווערטס" אין באָסטאָן — אין יענע צייטן אַן עיר ואם בישראל. עס האָט אים ניט לאַנג גענומען צו ווערן פאַר־היימישט אין אַלע ווינקלען פון דער ניי־ענגלענדישער מעטראָפּאָליע. זיין עכטע דעמאָקראַטישקייט מאַכט אים ביי אַלעמען באַליבט, און זיין שפּרודלדיקע ענערגיע ברענגט געבענטשטע רעזולטאַטן פאַר דער באַוועגונג. די שטאָט דערפילט אַז ס'איז דאָ אַ באַלעבאָס וואָס וואַכט, אין געטריישאַפט, אויף איר באַלעבאַטישקייט.

אָבער נאָך מער האָבן עס געפילט די זייטיקע, די אַנפּאַרנדיקע צי די דורכפאָרנדיקע. איבערהויפּט — די רייזנדע אין שליחות פון אידישן וואָרט. פאַר זיי איז נומער איינס סטואַרט סטריט — דער לאַנג־יאָריקער אַדרעס פון באָסטאָנער „פאָרווערטס" — געווען די וועלקאָמענע היים, און אַרקין — דער צוגעלאָזענער ברודער און מדריך. אויף זיין לוויה, זונטאָג דעם 4טן אָקטאָבער (1953) האָב איך ניט איינעם פון יענע רייזנדיקע געטראָפן מיט עכטן טרער אין זיינע אויגן.

## ד

לעאָן אַרקין איז געווען אַ ניו־יאָרקער ווען ער איז נאָך געווען אין דער אַזוי־גערופענער פּראָווינץ, פּונקט ווי די מערסטע ניו־יאָרקער זיינען פּראָווינצלער.

אין די קאַרגע לעצטע פינעף יאָר וואו ער האָט געגרונטיקט זיין היים אין ניו־יאָרק האָט זיך נאָך מער גענומען אַרויסזען זיין פירער־פיגור. איז געוואָרן פאַרוואַלטער פון אַנאָנסן־אָפּטייל אין „פאָרווערטס". איז דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג. האָט זיך באַ־ליבט געמאַכט אין די קרייזן פון הסתדרות און ישראל־באָנדס. ער האָט

דערהויבן דעם ניוואָ פֿון דעם וואָלדעק אָפּען־פּאַרום אין ניו־יאָרק. ער האָט אָנגעהויבן קריגן אַכטונג אין אַלע נייערע און נייערע שיכטן.

⁂

דער אינגל פֿון לונע, גראָדנער גובערניע, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין אַ ייִדן העמדל, און איז געקומען אַ באַלאָדענער מיט כל טוב צו טיילן זיך מיט די מענטשן פֿון זיין דור, האָט נאָך געהאַט געניג וואָס צו געבן און געניג וואָס צו טיילן, ווען ניט דער שאַרף פֿון מלאך המות אין מיטן פֿון זיין נאָך־בליענדיקן פֿינף־און זעכציק־יאָריקן עלטער.

# גרשם באַדער

## א.

ווען איך האָב דאָנערשטיק, דעם 12טן נאָוועמבער (1953) דערזען אין ״פאָרווערטס״ גרשם באַדערס בילד — אַ שמייכלענדיק פּנים פון אַ ניט־געוויינלעכן גבור — איז דער ערשטער בליק־געדאַנק געווען: מסתּמא אין פאַרבינדונג מיט זיין געפּלאַנטן 85־יאָריקן יובילעי, וואָס דער „גאַליציאַנער פאַרבאַנד״ האָט זיך געקליבן, מיט גרויס פּאַראַד, אויפשפּילן לכּבוד זיין באַרימטסטן לאַנדסמאַן. דער נאָמען „באַדער״, ווי „הערמאַן גאָלד״, צ. ב., איז פאַר שרייבער און פאַר אַקטיאָרן, ווי בכלל פאַר דעם באַגרענעצטן קרייז אינטעלעקטואַלן און „ליבהאָבער״־באַזוכער פון דעם ניט־לאַנג־אונטערגעגאַנגענעם קאַפע־„ראָיאַל״ געווען כמעט אַ שם־נרדף, אַ סינאָנים צו לעבן, צו באַהעמישקייט און צו שפּרודלדיקער יוגנטלעכקייט. יע, דער 85־יאָריקער גרשם באַדער איז געבענטשט געווען, חוץ מיט פיל אַנדערע וויכטיקע באַגאַבונגען, אויך מיט אומאויסשעפּלעכער יוגנטלעכקייט. און דערפאַר, אפשר, פלעג איך פילן צו אים אַזאַ גלייך־עלטערדיקייט, כאָטש ער איז פון מיר און מיט די מענטשן פון מיין דור שיר־ניט געווען עלטער מיט פולע צוויי דורות. דער מענטש וואָס איז מיט זיין עצם זיין מיט אונז געווען די פאַרקער־פערונג פון לעבעדיקער אידישער געשיכטע און גלייכצייטיק דער קוואַלפּולער פאַרשרייבער פון דעם קעגנווערטיקן אידישן דברי הימים האָט זיך מיט דעם אינגסטן פון די אינגסטע געפילט היימיש, ווייל פון דער נאַטור געווען אַ ריז: אַ ריז אין קערפּער און אַ ריז אין זיינע גייסטיקע קאַפּאַציטעטן: אין גוטסקייט, אין לומדות, אין ראָמאַנטיציזם, אין זיין פענאָמענאַלן זכרון, און ריזיק אין זיין אייביקער קינדישקייט, — אין זיין יוגנטלעכקייט. דער גיין אָדער ניט גיין אין קאַפע ראָיאַל, נאָך אַ ליטעראַרישן אָוונט איז, אָפּט, אַנטשידן געוואָרן מיט דער אַטראַקציע, אַז וואָס־זואָס, נאָר דער שטאַם־גאַסט פון „ראָיאַל״, גרשם באַדער, וועט דאָך דאָרט זיכער זיין. און סע פלעגט אַ וואַרעם־טאָן דאָס בלויזע דער־מאָנען זיך אָן זיין נאָמען. אַז ביי זיין טיש וועט מען, חלילה, זיך ניט לאַנגווייליקן. אַז ביי זיין טיש וועט ניט צוגעלאָזן ווערן דער צעפּרעסע־רישער יאוש. אַז לעבן באַדערן איז גוט צו צעלאָזן זיך מיט אַפּיקורסישע

רייד. אַז אים, דעם „דיען” פון אידישן זשורנאַליזם קען מען ניט אײ־בעררעשן ניט מיט רעוואָלוציאָנערע רייד און ניט מיט רעוואָלטירנדיקע מעשים. ער האָט דאָך אָנגעהויבן מיט פירן אַ סטרייק פון די פויערים און איז שיר־ניט אומגעבראַכט געוואָרן פון זיי. און ער אַליין איז ביזן טיפן עלטער געווען אַזאַ שטענדיק־רעוואָלטירנדיקער, ווייל אַ קיינמאָל־ניט־אַרויסגעוואַקסענער פון זיין יוגנטלעכן געמיט־צושטאַנד.

ב.

**פּונקט ווי אברהם רייזען פלעגט זיין דער נאַטירלעכער און** זעלבסטפאַרשטענדלעכער באַטייליקטער אין אַלע „וואָכנבלאַט”־קאָנ־צערטן און יום טובים — אויך אַזוי גרשם באַדער ע”ה. איך פלעג ניט דאַרפן מאַכן קיין באַזונדערע הכנות, כדי צו פאַרזיכערן זיך מיט זיין באַטייליקונג אין אַ סימפּאָזיום, אין אַ ליטעראַרישן אָוונט, צי אין אַן אינ־טימער שמחה. אין דער „וואָכנבלאַט”־משפּחה וועט מען ניט אַזוי לייכט פאַרגעסן דאָס קומען פון גרשם באַדער אין די ערגסטע און אָפּט־געפערלעכע וועטערן, אין שפּעטער שעה פון נאַכט, אויפן ניינטן שטאָק פון 41 יוניאָן סקווער, און זיך ניט נאָר גלייך דערפילן היימיש, נאָר, מעשה אמתער מחותן, אַריינברענגען דער גאַנצער מסיבה אין דער אַט־מאָספערע פון היימישקייט און פון עכטער באָהעמישקייט. און עס איז, דעריבער, קיין וואונדער ניט, וואָס זיין צווייטע פרוי האָט ער געפונען און גענומען פון דעם „וואָכנבלאַט”־ווינקל. די שריפטשטעלערין און דראַמאַטורגין שיינע רחל סעמקאָף איז געווען טאַקע אַן אָפטע באַזוכערין פון קאַפע „ראָיאַל”, נאָר אויף די קאָלומס פון „וואָכנבלאַט” האָבן זיי זיך מער נאָך דערנעענט, און נאָר אויף די שמחהלעך, די פריילעכע, די אויפמונטערנדיקע, די אין־געזאַנג־פאַרגייענדיקע פון דער „וואָכנבלאַט”־באָהעמיע האָט געקענט געשאַפן ווערן דער געהעריקער קלימאַט פאַר דער הייראַט־לוסט פון אַזעלכע צוויי קאַפּריזנע און ראָמאַנטישע נאַטורן.

און אַז עס איז געקומען דער טאָג פון זייער חתונה — זיינען מיר דאָרט אַלע געווען. מיר האָבן ניט געציילט די מנינים פון די אויסגע־ליידיקטע פלעשער משקה און מיר האָבן ניט פאַרצייכנט די הונדערטער לידער וואָס אונזערע ניט־הייזעריק־געוואָרענע שטימען האָבן יענע נאַכט אויסגעזונגען. נאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר באַדערס באָהעמישקייט און יונגקייט, אַז נאָך אַ טאָג און אַ נאַכט פון הוליען אין זייער דעמאָלסט־דיקער דירה, אויף זיבעטע גאַס, צווישן עוועניו „בי” און עוועניו „עי” האָט ער אונז נאָך איינגעלאַדן, אַרום צוויי אַזייגער אין האַלבער נאַכט, צו פאַרענדיקן די אייגנאַרטיקע שמחה מיט אַ פרישן טעפּעלע קאָפע אין קאַפע־ראָיאַל.

ג

פון דער יוגנטלעכקייט זיינער שטאַמט זיין שרייבערשע אַפּיקורסות, און דערמיט דערקלערט זיך זיין נאָענטקייט מיטן „וואָכנ־בלאַט״ און זיין שטענדיקע גרייטקייט מיטצואַרבעטן אין די כלערליי ליטעראַרישע פּראָיעקטן מיינע. מיינע מוראדיקע קאַמפן אין ניו־יאָרק פאַר דעם קיום פון מיינע זשורנאַלן און צייטשריפטן האָבן אים דערמאָנט אָן די ענלעכע קאַמפן זיינע אין לעמבערג, וואו ער איז געווען דער באַזעלטער פּיאָנער פון דער אידישער און העברעאישער פּרעסע און זשורנאַל־וועזן. ער אַליין פלעגט ניט מיד ווערן צו ריידן ביי די עפנטלעכע יום־טובים אונזערע וואָס עס ברענגט אים צו מיינע זשורנאַלן, און דאָס איז דער גייסט און דער פאַקט פון פרייע פּרעסע, — אַ ניט־פּאָפּולערער אַרטיקל, אַ זייער־קאָסטבאַרע פלאַטפאָרמע, אַזוי קאָסטבאַר, אַז אפילו די ניט־אידישע אַמעריקע מיט אירע מיליאָנען האָט עס ניט געקענט באַוויזן. אָט־דאָס האָט אים, דעם שטענדיקן אָפּאָזיציאָנער, אימפּאָנירט און געהאַלטן נאָענט און לאָיאַל צו מיין אַזוי־גערופענער מלוכה ביז די לעצטע טעג זיינע.

ביי אונזערע באַגעגענישן איז ער תמיד פול געווען מיט נייע ליטעראַרישע פּלענער, מיט אָנהויבונגען. אַזוי, צ. ב., האָט ער צו זיין 82טן עלטער אָנגעהויבן אין „וואָכנבלאַט״ אַ נייע „פּיטשור״: „פּראָבלע־מען פון היינט און מאָרגן״. און עס איז טשיקאַווע צו זען ווי ז׳ער „ארי שבחבורה״, דער לייבן־פּעכטער אין דער שרייבער־משפּחה, פּרובירט לייזן „פּראָבלעמען פון היינט און מאָרגן״.

אין דער וואָך פון 17טן מערץ, 1950 נעמט ער אויף דעם פּו׳אָבלעם פון ראובן ברייניגס צענטן יאָרצייט, און פאַרענדיקט זיין קאָלום כהאי לישנא:

„די אַמעריקאַנער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעשיקט אויף אירע הוצאות איר וויס־פּרעזידענט, דעם גרויסן שרייבער ראובן ברייניגן, קיין ארץ־ישראל, צו ברענגען פון דאָרט אַ וואָרט פון דערמו־טיקונג, האָט דאַן דער וויס־פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע מועל געווען אין זיין שליחות און פאַרקויפט צום קעגנער פון דער ציוניסטישער אידייע — נישט זיך, דעם באַוואוסטן שרייבער, נאָר דעם „וויס־פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע״...

„עס נויטיקט זיך צו פאַרשטיין אַז ווען ראובן ברייניגן זאָל געווען פאַרקויפן דעם אידישן שרייבער ראובן ברייניגן צו די „יעווסעקן״, וואָלט נישט קיינער געקענט האָבן עטוואָס דאַקעגן. האָט אָבער אונזער ברייניגן

פאַרקויפט דעם „ווייס־פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע". איז דאָס שוין געווען אַן אומפאַרגעבלעכער פאַרברעכן.

„אַ מענטש ווי ראובן ברײַנין האָט געמעגט פלוצים באַקומען אַנ־דערע איבערצײַגונגען, אַז נישט אין ציון שטעקט די הילף פאַר אידן. האָט ער אין אַזאַ פאַל געדאַרפט פריער רעזיגנירן פון זײַן אַמט אַלס ווייס־פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און זיך דער־נאָך צוריקציען פאַר אַ געוויסער צײַט פון יעדער עפנטלעכער טעטי־קייט, איטלעכער זאָל זען, אַז די ענדערונג אין זײַנע איבערצײַגונגען איז נישט די פּרוכט פון אַ „פּרינציפּיעלער קאָניוקטור", ווי עס האָט אים דאַן יעדער חושד געווען, נאָר עס קומט פון אַ טיפן שטודיום אין דער אידישער לאַגע.

„האָט אָבער ראובן ברײַנין נישט אַזוי געטאָן, נאָר אָנשטאָט אַהיים צו קומען אַן אַנטוישטער פון ארץ־ישראל און עפנטלעך דערקלערן, אַז די ציוניסטישע אידייע איז ניט דורכפירבאַר, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, כדי צוריק צו קומען פון דאָרט מיט אַן ענטוזיאַסטישן באַריכט וועגן רוסלאַנד, וואו עס איז ביי אים אַרויסגעקומען אַלצדינג ווייס ווי שניי, אָן דעם מינדסטן ברעקל „שוואַרצקייט"...

„יעדער פון אונז געדענקט אויך ברײַנינס פּראָצעס קעגן ביאַליקן וועגן זײַנע רוסישע באַריכטן — און ווי ער איז דעמאָלט מיט פויקן און טאַצן דורכגעפאַלן.

„וואָלט איצט בעסער געווען, נישט צו וועלן אויפרודערן די מעשה ברײַנין אויפסניי. ראובן ברײַנין איז טאַקע געווען אַ גרויסער אידי־שער שרייבער, האָט ער אָבער מיט זײַן איבערגיין צו די „יעווסעקן" אָפּגעווישט זײַן גאַנצע ליטעראַרישע פאַרגאַנגענהייט, ווי אַן אמתער „מאבד עולמו בשעה אחת".

„נישט וויכטיק, וואָס רוסלאַנד האָט ביי דער „יו־עך" געשטימט פאַר אָפּגעבן ארץ־ישראל צו אידן, ווייל אפילו קינדער אין די וויגן ווייסן, אַז דאָס איז געווען אַ מין פּאָליטישער „טריק" קעגן ענגלאַנד. והא ראיה, אַז רוסלאַנד שטייט איצט שטאָל און אייזן פאַר אינטערנאַ־ציאָנאַליזירן ירושלים...

„דער עיקר איז, אַז די יעווסעקן זײַנען אַבסאָלוט גאָר נישט אויסן געווען, צו קויפן דעם שרייבער ראובן ברײַנין, נאָר דעם „ווייס־פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע" — און מיט דער דאָזיקער טאַט זײַנער האָט ראובן ברײַנין, דער „יעוו־סעקן־חבר", דערהרגעט דעם גרויסן אידישן שרייבער ראובן ברײַנין!..

תנצב"ה!"

***

אין דער וואָך פון 17טן אָקטאָבער, 1950, באַרירט ער, צ. ב. די פראַגע פון ליטעראַרישן טראַסט, ד. ה. ווי אַזוי עטלעכע שרייבער האָבן אַריינגעקראָגן אַ מאָנאָפּאָל אויף דעם „לאַמעד־פאָנד", און ער באַשולדיקט זיי, מר. לאַמעדן מיט זיינע כלומרשטע ריכטער, אין גנבת־הדעת:

„די „פּריז־ריכטער", ווי אומפּאַרטייאיש זיי זאָלן נישט וועלן זיין, זיינען אויך נישט מער ווי מענטשן מיט געוויסע „סימפּאַטיעס" — און ווען זיי קענען נישט צונעמען די פּריזן פאַר זיך אַליין, האָבן זיי „גוטע ברידער", מיט וועמען מען זיצט אַמאָל צוזאַמען אין אַ „קאַפּע־הויז" און זיי האָבן אויך איבערגעגעבענע חברים, קרובים אָדער מחותנים, וואָס שרייבן ביכער. מוז דאָס טאַקע האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף דער באַשטימונג פון די פּריזן!

„האָט זיך דאָס דאָזיקע פאַרהעלטעניש שפּעטער אַנטוויקלט אין אַ שטענדיקן סיסטעם. אַזוי ווי דער נדבן האָט געדאַרפט אויסקלייבן יעדעס יאָר אַנדערע „פּריז־ריכטער", האָט זיך עס אַזוי געמאַכט, אַז די פּריז־ריכטער פון איין יאָר זיינען געוואָרן די פּריז־געווינער פונם אַנדערן יאָר. דערצו האָט עס אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע דערשטוינונג, ווען דאָס ברייטע פּובליקום האָט דערזען די חבורים, וואָס האָבן געוואונען די פּריזן. האָבן דאָן מאַנכע אויפגעהויבן אַ „ויצעקו", אַז אַ געוויסע גרופּע שרייבער האַלט אָקופּירט דאָס אַמט פון די „פּריז־ריכטער", און מען מעג דערפאַר צווייפלען אין דער אומפּאַרטייאישקייט פון זייערע „פּסקי־דינים"...

***

מען האָט געמוזט באַוואונדערן די שאַרפקייט פון דעם 82־יאָריקן קריטיקער, ווען ער האָט, עטלעכע וואָכן שפּעטער, רעצענזירט סטוטשקאָווס „אוצר פון דער אידישער שפּראַך":

„דער מחבר פון אָט דעם בוך איז נ ח ו ם ס ט ו ט ש ק אָ ו ו און אַרויסגעגעבן איז ער דורכן „יידיש וויסענשאַפטלעכן אינסטיטוט" (ייוו"אָ), אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקס ווײנרייך.

„שטיי איך און גאַף, ווי מענטשן מיט די בעסטע כוונות, איינער אַ פלייסיקער צוזאַמענקלייבער און דער צווייטער — אַ געבילדעטער שפּראַכן־קענער, נעמען זיך דורכפירן אַזאַ מיזאַמע אַרבעט, אין וועלכער עס ליגט בלויז אַן אומזיסטער שוויס.

„אָט זיינען דאָרט צונויפגעקליבן אַריבער 200 טויזנט אידישע

ווערטער, יעדעס וואָרט אַוועקגעשטעלט לויט עפּעס אַן אייגנאַרטיקער קלאַסיפיקאַציע, מיט טויזנטער אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, אינ־גאַנצן נישט־דערקלערטע, וועלכע ווערן נישט קיינמאָל געברויכט אין אידיש פון קיין שום שרייבער.

„מוז זיך דערפאַר דערוועקן ביי יעדן דער חשד, אַז אַזאַ אויסמיש פון ווערטער, מאָדנע צוזאַמענגעשטעלט און אָן שום פאַרטייטשונג, האָט בלויז דעם צוועק צו פאַרטומלען דעם לייענער, וועלכער זעט די דאָזיקע ווערטער צום ערשטן מאָל, נישט וויסנדיק פון וואַנען עס האָבן זיך אַזעלכע אויסטערלישע ווערטער גענומען, וואָס ווען אַ מענטש האָט נישט דורכגעמאַכט עטלעכע קאַלעדזשעס, זיינען זיי פאַר אים גאַנץ אומפאַרשטענדלעך.

„ווען עס זאָל זיך עמעצער געפינען, אַריינצונעמען יענע אויסטער־לישע ווערטער אין אַ ספּעציעלן „ווערטערבוך", מיט אויספירלעכע דערקלערונגען צו יעדן וואָרט, וואָלט דאָס אפשר געהאַט אַ באַרעכטי־קונג, ווייל כאָטש די אידן פון מיין גאַס און פונם מחבר'ס גאַס מוזן נישט די דאָזיקע ווערטער פאַרשטיין, קען זיך אָבער טרעפן, עס זאָל קומען אַ מענטש מיט אַ „דיגרי" פון קאַלעדזשעס און זאָל וועלן אויס־געפינען לאַטיינישע אָדער גריכישע מקורים אין אונזער אידישן לשון, ווייל אָן אַזאַ מין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג קען איך נישט איינזען די נויטיקייט, עס זאָל עמעצער זיין מחויב צו וויסן די באַדייטונג פון אַזעלכע ווערטער ווי: פּורגאַטאָריום, אכעראָן, מאַרמאַר, האדעס, פלעגטאָן, פּאַנדעמאָניום, וועלכע דער מחבר האָט צוזאַמענגעשטעלט אַלס שוועסטער־ווערטער צום באַגריף „שאול תחתיה"...

„איר דאַרפט אויך די דאָזיקע אויסטערלישע ווערטער גאָר נישט זוכן, ווייל איר האָט זיי כמעט אויף יעדן בלעטל, אַ שטייגער, ווי ווען איר מישט אויף דאָס וואָרט „שייכות", זאָגט אייך דער מחבר, אַז דאָס איז דאָס נעמלעכע וואָס „אַפּראָקסימאַציע" אָדער „קאָרעלאַציע" — און איר וועט שוין דאָס איבעריקע אַליין פאַרשטיין...

„דאָ ערשט נישט לאַנג האָט מיך אַ לייענער פונם „אוצר" געפרעגט אַ שאלה: פון וואַנען ער קען וויסן, וואָס עס הייסט „עפּיפאַניע" אָדער „איקאָנאָלאָגיע", וכדומה אַזעלכע ווערטער, וואָס געפינען זיך אינם „אוצר" און קיינער ווייסט נישט דעם טייטש זייערן? — האָב איך אים געגעבן דעם אַדרעס פונם מחבר, ער זאָל דאָרט פאַרשלאָגן, אויסצושרייבן אַ פּרייז פאַר איינעם, וואָס ווייסט דעם טייטש פון די דאָזיקע אַלע ווערטער!"

⁂

גרשם באַדער ע״ה, כידוע, איז געווען ניט נאָר אַ פּיאָנער פון דער אידישער פּרעסע אין גאַליציע, און ניט נאָר אַ גרונטשטיין־לייגער פון ציוניזם, נאָר אויך אַ מנהיג פון טראַדיציאָנעלן אידנטום. אין ליכט פון דעם איז כדאי צו זען ווי אַזאַ מין שרייבער רעאַגירט (אין 408טן נומער „וואָכנבלאַט״, פון 10טן נאָוועמבער, 1950) איבער אַ סכסוך אינם קאַבינעט פון מדינת ישראל, אַ סכסוך וואָס האָט שיר־ניט געפירט צו אַ קריזיס:

„דער סכסוך אינם קאַבינעט פון מדינת ישראל האָט זיך אָנגעהויבן, ווען עס איז דאָרט אָנגעקומען אַ מחנה פּליטים פון תימן, איז אַזוי ווי מען האָט דאַן אונטערזוכט דעם געזונט־צושטאַנד פון זייערע קינדער, איז איינער פון די בוירסעס איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף ביי די דאָזיקע קינדער אָפּשערן די האָר פונם קאָפּ און נישט איבערלאָזן אפילו די פּאות, וואו די „בנים״ האָבן דאָס בעסטע באַהעלטעניש...

„ווען אַ גוישע רעגירונג זאָל געווען אַרויסגעבן אַזאַ „גזרה״, איז שווער צו וויסן, צי אידן וואָלטן „גוזר תענית״ געווען, דער אוי־בערשטער זאָל זיך מרחם זיין און בטול מאַכן די גזרות. איך בין אָבער זיכער, אַז נאָך אַ ביסל קווענקלעניש וואָלטן זיי זיך אונטערגעגעבן צו דער „גזרת המלכות״, אַזוי ווי מען האָט זיך אַמאָל אונטערגעגעבן צו די גזירות פונם רוסישן צאַר וועגן די פּאות. העכסטנס וואָלטן זיך די „גדולי התורה״ אַנטשולדיקט פאַר זייער אייגענעם געוויסן מיטן אויסרייד פון „דינא דמלכותא דינא״...

„ביי אַ אידישער רעגירונג האָט מען זיך אַזוי גיך נישט געוואָלט אונטערגעבן, האָט מען אַלאַרמירט גאַנץ „תפוצות ישראל״ און יענע אידישע מיניסטאָרן, וואָס זיינען גלייכצייטיק רבנים, האָבן געסטראַ־שעט מיט אַ רעזיגנאַציע פון דער רעגירונג.

„האָט זיך דאַן אונזער בן־גוריון זייער דערשראָקן פאַר דעם גרויסן פאָלקס־צאָרן, אַז מען האָט אים אַזש אמתדיק געדאַרפט זאָגן: „מי שענה ליצחק על גבי המזבח, הוא יענך!״... די היגיענע פון די תימנער קינדער האָט געהייסן, נישט צו שוינען די פאַרלויזטע פּאות. האָבן אָבער די פאַרשידענע אָרטאָדאָקסישע קרייזן געמאַכט אַזאַ „ויצעקו, גלייך ווי מען וואָלט, חלילה, געוואָלט צווינגען די תימנים, עובר צו זיין אויף „כל התורה כולה״. זיינען דאַן אפילו געוויסע אַמעריקאַנער, „רעפאָרמירטע״ אידן געוואָרן פול מיט רחמנות, נישט אויף די תימנער קינדער, נאָר אויף די „בנים״, וואָס זיי האָבן מיטגע־בראַכט פון תימן און אָפּגעהיט אויף זייער לאַנגן וועג.

„איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן וועגן דעם דאָזיקן ענין מיט צוויי רבנים, וואָס האָבן זיך גאָר „צעריסן דעם פעלץ" פאַרן כבוד פון די תימנער „כנים". האָב איך דאַן געוואָלט זאָגן, אַז אַזוי ווי מען איז נאָך אין אונזערע הייליקע ספרים נישט דערגאַנגען צו וויסן, ווי אַזוי די „כנים" זיינען זיך „פרה ורבה", וואָלט מען אפשר געמעגט אי־בערלאָזן דעם אַנטגילטיקן פסק־דין אין אַ „תיקו" און דערוויל טאָקע מבער זיין די „כנים" פון די תימנער פאות, כמצווה ההיגיעניע!..."

***

אַלס ביאָגראַפישער מאַטעריאַל וועט פאַר קינפטיקן היסטאָריקער זיין פון אַ באַשטימטן ווערט גרשם באַדערס בליק אויף דער מהות פון געשיכטע און געשיכטע שרייבער. דעם 1טן דעצעמבער, 1952, נעמט ער אויף אין „וואָכנבלאַט" די וויכטיקע פראַגע, צי „מעג מען פעלשן די אידישע געשיכטע צוליב אַ כלומרשטער אהבת ישראל", און מיר הערן פון אים דעמאָלט אומצווידייטיקע און שאַרף־אַרויסגערעדטע ווערטער:

„עפעס פלוצעם האָבן זיך אין אונזער איצטיקן לעבן באַוויזן פאַרשידענע נייע „היסטאָריקער". זיינען דאָס מערסטנטיילס דורכגע־פאַלענע „ראַדיקאַלן", וואָס האָבן אין די ערשטע יאָרן פון אונזער יאָרהונדערט פערזענלעך געבושעוועט אין רוסיש־פוילן און טעראָ־ריזירט די אַזוי אַנגערופענע אידישע „בורזשואַזיע" אָנפאַלנדיק אין די שבתים מיט „שפייערס" אין די הענט אויף אָרטאָדאָקסישע שולן — און אַזוי ווייטער...

„וואָלט איך דאָס נישט דערמאָנט, ווען די מענטשן וואָלטן נישט דאָ אין אַמעריקע געגומען זיך פלוצעם חקרענען איבער פאַרשיידענע היסטאָרישע געשעענישן, וואו זיי שטויסן זיך אָפטמאָל אָן אויף געוויסע מאָמענטן, ביי וועלכע אידן קומען אַרויס נישט אין גאַנצן ווייס ווי די „מעל־סוחרים", ווייל עס האָט געקענט פאַסירן, אַז אידן האָבן אַמאָל אָפגעטאָן מעשים, פון וועלכע זיי זיינען אַרויסגעקומען שוואַרצע ווי „קוימענקערערס"...

„איז דערפאַר ביי יענע נייע היסטאָריקער בולט געוואָרן אַ געדאַנק, אַז צוליב „אהבת ישראל" זאָל מען נישט שרייבן אַלצדינג און „מפני דרכי שלום" זאָל מען גאָר אַמאָל אַוועקגיין פונם היסטאָרישן אמת!..

„דאַרף יעדער ערלעכער שרייבער ווי צום שאַרפסטן אַרויסטרעטן קעגן אַזאַ מין אָנזיכט. ווען אידן זיינען אין פאַרלויף פון זייער גלות, צוליב אומשטענדן, געווען געצוואונגען אָפצוטאָן מעשים, פון וועלכע מיר שעפן נישט היינט קיין נחת, טאָר מען דאָס נישט באַהאַלטן אָדער פאַרדרייען, ווייל דאָס איז אין אמתן נישט אונזער חרפה, נאָר עס

איז דער שאַנדפלעק אויפן געוויסן פון יענע, וואָס האָבן אונז צו אַזעל־כע מעשים געצוואונגען. דאָס זעלבע זאָגט אויך אונזער גרויסער דיכטער יהודה ליב גאָרדאָן אין זיין שיר „אחותי רוחמה": „לא לך החרפה, כי אם למעניך!" (נישט דו דאַרפסט זיך שעמען, ווייל שעמען דאַרפן זיך דיינע פייניקער!).

„אַ היסטאָריקער האָט בלויז די אויפגאַבע, צו רעגיסטרירן די געשעענישן, געגנוי ווי זיי זיינען פאָרגעקומען. דערביי מוז ער נישט די פון אים געשילדערטע געשעענישן באַאורטיילן צום גוטן אָדער צום שלעכטן. נאָר טאָמער רייסט זיך ביי אים אַמאָל אַרויס אַ שאַרפער וואָרט אין דער קריטיק פון די אייגענע, דאַרף מען שטענדיק געדענקען דעם מאמר פון דער גמרא אין דער דערקלערונג פונם פסוק „נאמנים פצעי אוהב ונעתרות נשיקות שונא", וועלכעס מיינט, אַז אַ מענטש קען פאַרטראָגן די וואונדן פון אַ גוטן פריינט, אָבער די קושן פון אַ שונא זיינען אים צו לאַסט (משלי, קאַפּיטל כ"ז, פסוק ו'). זאָגט דאָרט ר' שמואל בר נחמני אויפן נאָמען פון ר' יונתן: „טובה קללה שקילל אחיה השילוני את ישראל מברכות שבירכן בלעם", דאָס מיינט, אַז עס איז בעסער די קללה פון אחיה השילוני, וועלכער האָט געשאָלטן די אידן, איידער די ברכות וואָס בלעם האָט זיי געבענטשט (תענית, דף כ', עמוד א' און סנהדרין, דף ק"ה, עמוד ב')".

די אויבנגעבראַכטע ציטאַטן פון גרשם באַדערס פעדער אינם יונגן עלטער פון 82 יאָר ווייזן אויף דעם שטורמישן כאַראַקטער פון זיין לעבן, אויף זיין אומאונטערבראָכענעם מוט אין קאַמף פאַר פּרינציפּן און אין געפעכט פאַרן אמת. איבער 70 יאָר האָט ער אַזוי געשטורעמט מיט דער פען און מיט דער פה, ועוד ידו נטויה — ווען ניט דער קאַפּריזן־שווערד פונם מלאך המות . . .

ד

כאָטש גרשם באַדער האָט די רייפסטע יאָרן פון זיין לעבן געווירקט און געשאַפן אין אַמעריקע, איז אים, אָבער, ווי אַן עמוד האש, פאַראויסגעגאַנגען דאָ אין לאַנד, אויף די עוועניוס און אויף די סקווערן, זיין רומפולער נאָמען, וועלכער איז אַלס וועג־ווייזער, לערער און פירער, אַלס גרינדער, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער ערשטער אידישער טעגלעכער צייטונג אין גאַליציע, אויפגעגאַנגען פאַר דעם גאַליצישן אידנטום ביים סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט. און כאָטש סע לאָזט זיך אָנשרייבן וועגן גרשם באַדער אַ דיקלעך בוך, וועל איך זיך דאָ, אין דער ראַם פון מיין איצטיקן באַשיידענעם פאָרטרעט, מוזן באַ־

נוגענען מיט די ציפערן און דאַטעס, וואָס דער בעל־־הלעקסיקאָן ברענגט אונז, על רגל אחת:

גרשם באַדער איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע, אין יאָר 1868 אין אַ משפחה, וואָס האָט געפירט איר יחוס פון גרויסע רבנים. ער האָט געלערנט גמרא ביי פּריוואַטע מלמדים און ביי זיין פאָטער.

ווען ער איז אונטערגעוואַקסן האָט ער אויך גענומען זיך לערנען פּויליש און דייטש, און צו 14 יאָר איז ער אַוועק צופוס קיין בערלין, וואו ער האָט פּרובירט אָנקומען אין אַ ראַבינער־סעמינאַר. ער איז אָבער געווען געצוואונגען זיך אומצוקערן אַהיים און ווערן אַ לערער ביי אידן אין די דערפער אַרום קראָקע.

אין 1889 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין קאָלאָמיי, וואו ער האָט איי־בערגענומען די רעדאַקציע פון דעם העברעאישן וואָכנבלאַט „השמש". צוויי יאָר שפּעטער האָט מען אים איינגעלאַדן צו ווערן לערער פון העברעאיש אין קראָקער לערער־סעמינאַר.

אין יענער צייט האָט ער אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויף אַ פּוילישער איבערזעצונג פון חומש.

צוואַנציק יאָר האָט גרשם באַדער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן פון גאַליציאַנער אידנטום. ער איז געווען צווישן די ערשטע ציוניסטן אין גאַליציע און האָט גע־שריבן אין די העברעאישע און פּויליש־אידישע צייטונגען. זיין הויפּט־פאַרדינסט איז אָבער געווען אַלס פּיאָנער פון דער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע אין גאַליציע. ער איז געווען פון די גרינדער פון דער טעגלע־כער צייטונג „דאָס טאָגבלאַט" אין לעמבערג. שפּעטער האָט ער אַרויס־געגעבן יאָר־ביכער מיטן נאָמען „באַדערס אידישער פאָלקס־קאַלענדער" און די זאַמל־ביכער „שטראַלן", וואו עס האָבן זיך געדרוקט די מערסטע יונגע שרייבער און דיכטער פון גאַליציע.

די מער באַקאַנטע אויסגאַבעס פון גרשם באַדער זיינען געווען: „הצופה לבית ישראל" (1891—1890); „מעטאָדע", צו לערנען העב־רעאיש (1892); „השרון", צוויי־וואָכנבלאַט (1895); „אוצר הספרות" (1896).

אין דערזעלבער צייט האָט ער אַליין געשריבן מעשהלעך און דער־ציילונגען, היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס און ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען. ער האָט אין יענער צייט אָנגעשריבן עטלעכע טעאַטער־שטיק, „טאַטע־מאַמעס צרות"; „ישראל בעל שם־טוב", אַ פאָלק־פּיעסע, אין פיר אַקטן; „אין קעלער"; „דער רב אין פייער"; „צווישן לעבן און טויט"; „פרוי בלייבט פרוי; „דעם רבינס ניגון"; „די גאָלדענע רויזע" און אַנדערע טעאַטער־ווערק וואו טייל פון זיי האָט מען אויפגעפירט אין די ניו יאָר־קער אידישע טעאַטערס און זיי זיינען געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

אין 1912 איז גרשם באַדער געקומען קיין אַמעריקע, און איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „אידישן טאַגעבלאַט" און האָט זיך אויך באַטייליקט אין „הדואר", אין „וואָכנבלאַט" און אין פאַרשידענע אַנ־דערע צייטשריפטן.

גרשם באַדער האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל וויכטיקע ביכער אין ניו יאָרק. צווישן זיי: „דרייסיק דורות אידן אין פוילן", דריי בענד וועגן די תנאים און אמוראים מיטן נאָמען „אונזערע גייסטיקע ריזן"; אַ העבּ־רעאישן לעקסיקאָן פון די אידישע חכמים און שרייבער פון גאַליציע; „דברי חן ושכל"; „נייע האָריזאָנטן" און אַ ריי אַנדערע ביכער און ספרים.

גרשם באַדערס אָפּערעטע „דעם רבינס ניגון" איז געשפּילט גע־וואָרן עטלעכע סעזאָנען און האָט געשאַפן — ווי מען זאָגט — „געשיכטע" אין אידישן טעאַטער. לודוויג זאַץ און אַנדערע באַרימטע אידישע אַקטיאָרן האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער פּיעסע און האָבן לאַנג גע־שפּילט אין איר.

ער איז געווען ביי אַלע זיינע חושים ביז דער סאַמע לעצטער שעה זיינער. ווען זיין פרוי, די שריפטשטעלערין שיינע רחל סעמקאָף איז אים דעם 11טן נאָוועמבער — דעם טאָג פון זיין פּטירה — געקומען באַזוכן אין בית ישראל האָספּיטאַל, און האָט אים געבראַכט דעם ערשטן עקזעמפּליאַר פון זיין נייעסטן בוך „פון קראָקע ביז קראָקע", וועלכער איז דערשינען אין אַרגענטינע, איז ער שוין געווען אַזוי שוואַך, אַז ער האָט שוין ניט געקענט נעמען דאָס בוך אין האַנט אַריין.

ער איז, אָבער, אויסגעגאַנגען מיטן באַוואוסטזיין, אַז נאָך אַ ספר זיינער איז צוגעקומען צו דער היפשער פּאָליצע פון זיינע אידישע, העבּ־רעאישע, פּוילישע, ענגלישע און אַנדער־שפּראַכיקע ווערק, אַז זיין נאָמען וועט נאָך לאַנג־לאַנג אַסאָציאירט ווערן מיט לעבן. און פּונקט ווי זיינע ביכער וועלן דינען פאַר די קומענדיקע דורות ווי אַ מאָנומענט פאַר זיין אַלזייטיקן שאַפן, פּונקט אַזוי וועט זיין אייגנאַרטיקער לעבנס־שפּאַציר אויף דעם ניט־לייכטן קלעטער־וועג פון אַ קעמפער און פון אַ באָהעם גם יחד דינען פאַר די אַלע נייערע און נייערע מחנות יוגנטלעכע אַלס מוסטער־געשטאַלט נאָכצוגיין און אַלס אַן אינספּיראַציע אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט און אין זוך פון דעם אמת.

# הערמאַן גאָלד

## א

ווען די כלומרשטע מאַכט־האָבער אויף דער אידישער לי־טעראַרישער עוועניו וואָלטן כאָטש אַ פּאַרעווען געוויסן געהאַט, וואָלט דער טויט — ווען ניט דאָס לעבן און ווען ניט ביי זיין לעבן — פון הערמאַן גאָלד געדאַרפט פון די סאַמע גרונטן אַ טרייסל־טאָן „די אידישע גאַס". איז דאָך דער טויטלעך־פאַרשוויגענער דענקער און דיכטער געווען דער סאַמע אַמעריקאַנישסטער — און טאַקע אָן איין־איינציקן אפשר — שרייבער ביי אידן. ס'איז געווען אַ צייט ווען הי־וואויגענדיקע אידישע דיכטער — עכטע און פּסעוודאָוואַטע — האָבן אָנגעהויבן פאַרהיימישן אין זייערע געבויען און אין זייערע געהילצן „שטאָל און אייזן". און באַלד האָבן די פּעכאָטנע קריטיקער זיך אויף זיי אַ לאָז־געטאָן מיט זייער חריפות און מיט זייער פּקחות, האָבן אָנגעהויבן אַרומטאַפּן זייער נייעם באַגאַזש, און האָבן אין דעם „שטאָל־און־אייזן" דערזען אַמעריקע — די 18־קערעטדיקע אַמעריקע. אָבער די שטאָל־און־אייזן־באַנאַליטעט איז ניט קיין ערגערע און ניט קיין בעסערע פון וועלכער עס איז אַנדערע מליצות פון דער האַמעטנער זשורנאַ־ליסטיק אונזערער. עס ווערט אונז פון זייער שטאָל־און־אייזן־פּראָ־זשעקטאָר ניט ליכטיקער און ניט וואַרעמער.

הלל גורני, דער בריסקער אינגל, וועלכער האָט, מעשה פּאַרליב־טער און אַריינגעוואַקסענער אין דעם וואונדער־לאַנד פון דעם צוויבער־לעכן קאָנטינענט, אַרומגעשמאַיעט איבער די רעגנבויגנדיק־קאָליריקע לאַנדשאַפטן און פייזאַזשן אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט געקענט אינטים די פאַראייניקטע שטאַטן ווי קיין אַנדערער אידיש־ריידנדיקער און אידיש־שרייבנדיקער מענטש צווישן אונז. מיר איז אויסגעקומען אַפּט, אונטערצוהערן זיינע ראַנד־באַמערקונגען וועגן לאַנד אַמעריקע. „אָפיציעלע" אַמעריקאַנער און אַמעריקאַנאַ־געלערנטע, וויסנשאַפטלער, היסטאָריקער פלעגט ער איבערראַשן מיט זיינע געניאַלע בליצן וועגן דעם אורשטאַם, צי אָפּשטאַם פון היסטאָרישע פיגורן, קאָלאָניעס, אינ־

סטיטוציעס פון די „שטאָטן". ער האָט אַזוי צ. ב. אַמאָל, אין אַ קאַפע־הויז, אין לייכט־שטיפערישן טאָן, געפרעגט מיינעם אַ באַקאַנטן, אַ היס־טאָריקער פון נאָרט־אַמעריקע, מיט אַ היפשן קרעדיט פון אָפּגעדרוקטע און אָנגענומענע געשיכטע־ביכער זיינע ווען און וואו די־און־די פאַמי־ליע האָט זיך באַזעצט דאָ אין לאַנד. ווען דער היסטאָריקער האָט גענומען קוועטשן מיט די פלייצעס, ווייל אין זיינע אייגענע טעקסט־ביכער און אויך אין אַנדערע געשיכטע־ביכער איז ניטאָ קיין ענטפער אויף דעם, האָט אים גאָלד, אין זיין געניאַלער פשטות, דערקלערט, אַז אויב דער־און־דער נאָמען לייגט זיך אויס אַזוי־און־אַזוי האָט זיין אור־אור־עלטער־זיידע זיך באַזעצט אין דער־און־דער קאָלאָניע אין דעם־און־דעם יאָר; אויב, אָבער, דער נעמלעכער נאָמען ווערט אַנ־דערש אויסגעלייגט, האָט זיין אור־אור־עלטער־זיידע זיך באַזעצט אין דער־און־אַנדערער קאָלאָניע אין יענעם־און־אַנדערן יאָר. אין קיין אוניווערסיטעטן האָט מען דאָס ניט געקענט אויסלערנען. נאָר איינער מיט אַ נאָפּל־צום־היגן־באָדן צוגעבונדענער און מיט אַ זעקסטן חוש אין זיין קאָפּ האָט געקענט אַזוי געניי קענען אַלע געדרייטקייטן און אַלע פאַרבאָרגנקייטן פון דער מעכטיקער און יונג־פאַרשייטער מדינה.

## ב

זינט מיין ערשטן זשורנאַל „דער אויפגאַנג" וועלכן איך האָב געגרינדעט אין אָנהויב 1923 האָט זיך גאָלד באַטייליקט אין אַלע מיינע זשורנאַלן און בלעטער. דאָס איז שוין אַ קימאַ־לן פון דרייסיק יאָר. אָבער בעל־פּה האָב איך אים נאָך פריער געקענט. זיין לוסט צו לעבעריי, צו שפּאַצירעריי, זינגעריי, שטיפעריי איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק, איבער די טישלעך פון די אידישע קאַפע־הייזער איז געווען געלאָדן מיט פּונקט אַזוי פיל אימפּעט, ווי זיין פען איז געווען באַ־פאַנצערט מיט ווירטואָזישער איינגעהאַלטנקייט, מיט ווערטער געצוימט אין גאַלאָפּ. און אַזוי ווי ער האָט פויגל־פריי געשוועבט דורך די טעג און דורך די אָוונטן איבער די מאַניענדיקע נעסטן פון אידישן קלאַנג פון געכרך ניו־יאָרק, אַזוי האָט ער אין זיין דמיון, אָפט, דורכגעשניטן די לענג און ברייט פון גראַנד־אַמעריקע, זיך אָפּשטעלנדיק ווען אין איין גרויס־שטאָט און ווען אין אַנדערן קליין־דאָרף. און אָט איז גאָלדס אייגנאַרטיקער דרך וואָס פירט אים קיין באָסטאָן. זיין אריינפיר־קאַ־פּיטל צו זיין היסטאָרישן ראָמאַן פון די ענגלישע קאָלאָניעס **„אַ איד פון באָסטאָן"**, געדרוקט אין 1931 און 1932 אין מיין וואָכנבלאָט „אונזער פאָלק", לייענט זיך אַזוי:

„דאָס איז געווען צווישן באָסטאָן און ניו־יאָרק. דער וועג איז אַמאָל, מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, געווען גאַנץ ווילד. אָבער יהודה האָט שוין גענוג דורכגעמאַכט אין זיין דרייסיק־יערלעכן לעבן, און ער האָט געוואוסט — ס'איז ניט געפערלעך.

„אַ מענטש מיט אַ מענטשן קאָן אויסקומען. מיט חיות אויך. נאָר מיט מענטשן איז בעסער.

„יהודה געדענקט, אַמאָל האָט ער געדאַרפט אין אַ וואַלד דורכ־מאַכן אַ וועג ערגעץ אין די בערמודאַ אינזלען. אויסגעמאַטערט פון אַ וואַרעמען טאָג, האָט ער ביינאַכט געפילט אַזאַ ווייך ווינטל, אַז ניט ווילנדיק האָט ער זיך אויסגעצויגן אונטער אַ בוים, צוגעמאַכט אַן אויג, און צוגעשפאַרט דאָס קעפל ערגעץ אויף אַ גרין גרעזל.

„ערשט, ווי נאָר ער מאַכט צו די אויגן, קומט אַ לעמפערט צו אים צו, און נעמט אים אַ לעק טאָן. אָפריער דערשרעקט ער זיך. דער־נאָך עפנט ער די אויגן. זעט ער, ווער דאָס איז.

„— אָ, אַ לעמפערט! — זאָגט יהודה צו זיך. — דאָ דאַרף מען זיך ניט שרעקן. דאָ מוז מען בעסער האַנדלען ווי אַ חכם!

„און יהודה איז גראָד געווען אַ חכם. אַ סך געלערנט, אַ סך געוואוסט, און אַ סך פאַרשטאַנען. כאָטש מיר מוזן צוגעבן, געווען זיינען גענוג זאַכן, וואָס ער האָט ניט געוואוסט, ניט געלערנט, און ניט פאַרשטאַנען.

„איצט, אַז ער האָט געזען דעם לעמפערט, איז ער אַפילו ניט אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער. ער איז זיך ווייטער געלעגן, אַרויס־געשטעקט זיין צונג, און צוריק געלעקט דעם לעמפערט, אָט ווי זיי־נעם אַ גלייכן.

„איז דאָס, וויזט אויס, דעם לעמפערט זייער שטאַרק געפעלן. בויגט ער איין דאָס קעפל, דער לעמפערט, און טוליעט זיך צו אים.

„גלעט אים יהודה איבערן קעפל. און ער זינגט אים אַפילו אַ לידעלע:

חיהלע שיין חיהלע,
שלאָף אין וואַלד אַליין.
ווייל איך קאָן מיט דיר ניט זיין,
איך דאַרף ווייטער גיין.
חיהלע שיין חיהלע,
הער אַ סוף, אַן עק.
איך קאָן בלייבן דאָ ניט לאַנג,
איך גיי שוין אַוועק.

„גלייך איז טאַקע דער לעמפערט איינגעשלאָפן. און יהודה איז טאַקע אַוועק.

„נאָך אַ סך מאָל האָט יהודה געהאַט צרות און באַגעגענישן מיט מענטשן, און נאָך ערגער ווי מיט חיות. אָבער ער ווייסט שוין, יהודה, אַז אַ מענטש קאָן מיט מענטשן און מיט חיות און מיט אַלעמען אויס־קומען.

„אַ קראַליק לויפט דערווייל אַרויס פון ערגעץ. און גלייך שניידט זיך אין דער שטילער לופט אַריין אַ דין געקלאַנג פון אַ גלעקל. יהודה שטעלט אָן אַן אויער. עמיצער, דאַכט זיך, פאָרט אַרונטער פון באַרג. אַ קליינע ווייל קלינגט עס העכער אַ ביסל. ווי אַ זיס געזאַנג, וואָס זאָגט אָן אין דער שטילקייט, אַז מענטשן קומען. דער גאַנצער ווילדער וועג אַרום קריגט גלייך אַן אַנדער פנים. עס פאַנגט אָן לעבן.

„וואוהין גייט אַ סוחר? — פרעגט אים אַ מאַן פון וועגעלע אַרונטער, וואָס האָט ביז איצט גערעדט צו אַ צווייטן, און ווי יהודה זעט, האָט ער זייער ליב צו ריידן. ער וואָלט שטענדיק וועלן ריידן, און דער צווייטער זאָל הערן.

„ענטפערט יהודה קורץ:

„—קיין באָסטאָן.

„— קיין באָסטאָן גאָר? דער שטייגער פון די סוחרים איז צו גיין קיין ניו־יאָרק, צו די דאַטשן. זעט אויס אַ דאַטשמען.

„— ניין, ניט קיין דאַטשמאַן.

„— אָבער ניט קיין ניי־ענגלאַנדער?! אפשר אַ בריטישער? זעט ניט אויס.

— אַ איד.

„ווען יהודה האָט איצט אַ קוק געטאָן אויף זיי, האָט ער געזען, אַז דאָס האָט זיי גלייך פאַראינטערעסירט. דער צווייטער אין וואָגן, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, געהאַלטן די לייצעס און געקייט טאַבאַק, האָט אַ גרויסן שפיי געטאָן זיין קיי, און איינגעלאַדן יהודהן אין וועגעלע:

„— די קינדער פון ישראל זיינען מיינע ליבע געסט. מיר פאָרן אין דערפל ניי־כנען וואָס אין געבענטשטן קאָנעקטיקוט.

„יהודה איז אַרויף אין וואָגן".

א. ראַבאַי האָט געשריבן געזונטע לירישע פּראָזע פון אַמעריקע. י. י. שאַרץ האָט געלייגט פּאָעטישן קלאַפּטער פון דעם אידנס גאַנג איי־בער די פּריירים. אָבער נאָר געאָלד מיט אַזאַ ווי נאָר־וואָס ציטירטער דיסטילירטער עברי, אין קאָמבינאַציע פון אולטראַ־מאָדערניזם מיט פּרימיטיוער כמו־ביבלישער אידילישקייט, האָט געלאָזן דעם חלוץ

יהודה אײנקאַרבן זײנע פּיאָנערישע טריט אין װילד־װאַלד פון יונג אַמעריקע און מיט דעם אַװעקלײגן אַ קינסטלערישע חזקה, אַ מין פּאָעטישן מאַרטגעדזש אויף קאָלאָמבוסעס אַנטדעקטער ביי־װעלט.

ג

הערמאַן גאָלד איז ניט נאָר געװען דער אַמעריקאַנישסטער שרײבער בײ אידן, נאָר דער פיזיש־מעכטיקסטער פון אַלע — ביבליש גערעדט — װאָס ציען מיטן רוט פון דעם סופר. צו זײנע 65 יאָר האָט ער אויסגעזען װי ער װעט ציען נאָך אַ פולן יאָרהונדערט. און דערפאַר האָט ער זיך ניט אונטערגעאײלט, צו געשטאַלטיקן אַלע זײנע פאַרטראַכטע העלדן, און צו אויפשטעלן אַלע זײנע פראָיעקטירטע בנינים. און כאָטש „אַ האַנט“ אין „טאָג“ האָט געװאָגט צו לאָזן זײן פען אין נאַרישן צעפילדער, אַז הערמאַן גאָלד „האָט געװאָלט זײן אַ שרײבער בײ אידן, ער װאָלט עס מסתמא געקאָנט זײן, נאָר עפּעס האָט געשטערט, עפּעס איז נישט געגאַנגען“, האָט, אָבער, אַן אַנדער האַנט — די האַנט פון געשיכטע — פאַרצײכנט אויף גאָלדס קאָנטע 6 אָפּגעדרוקטע ביכער, נאָך פולע זעקס צי מער ביכער װאָס מען װאָלט געקענט צוזאַמענשטעלן פון זײנע סעריעס עסײען, דערצײלונגען, לידער, תורה, װיסנשאַפט, װאָס ער האָט, מיט פולע הויפנס, פאַרעפנטלעכט אין מײנע פילע זשורנאַלן, און װי שיקט זיך אַז אַ קינפטיקער פלײסיקער לי־טעראַטור־פאָרשער װעט, מיט יאָרן שפּעטער, ניט אויפדעקן נאָך בײ־ביקע כתב־ידן אין פאַרשײדענע פאָרמען פון קינסטלערישן אויס־דרוק ?

איז, דעריבער, כדאַי דאָ װידערהאָלן מײנע באַשײדענע נאָטיצן, — װעלכע װעלן דינען אַלס מאָגערע שטריכן צו זײן רײכער און מעכ־טיקער ליטעראַרישער געשטאַלט — נאָטיצן װעלכע איך האָב פאַר־עפנטלעכט אין יאָר 1928, אין מײן זשורנאַל „אונזער בוך“. די דאָזיקע נאָטיצן האָבן אַ שטיקל געשיכטע. אין די יאָרן 1927 און 1928 האָט הערמאַן גאָלד פאַרעפנטלעכט אין דעם זשורנאַל „אונזער בוך“ אַ סע־ריע פון 13 אָפּהאַנדלונגען איבער אידישע שריפטשטעלער, א. נ. „דרײצן אַמעריקאַנער שרײבער“. װען ער האָט געענדיקט אָט־יענע סעריע — פון װעלכער יעדער אַרטיקל האָט אַנטהאַלטן 50 פאַראַגראַפן — האָט דער שרײבער פון די שורות אָפּגעדרוקט אין דער זעלבער צײטשריפט אַן אָפּשאַצונג פון גאָלדס געדאַנקען־ און אידײען־װעלט, א. נ. „דער פערצנטער“. אָט־דאָס בינטל פאַראַגראַפן איז נאָר אַ פאַרזוך געװען צו מרמז־זײן אויף אײניקע הויפּט־עלעמענטן פון דער פערזענלעכקײט ה. גאָלד. דער תוך פון יעדן פאַראַגראַף װאָלט געדאַרפט, בײ אַ גע־

לעגנהייט, ברייטער, און פיליכט מיט מער הסברה אַרומגערעדט ווערן — אַן עובדא וואָס עס וואָלט זיך מיר גערן געוואָלט דורכפירן, ווען צייט און אַנדערע אומשטענדן וואָלטן דערלויבט. איז דאָך גאָלד איי־נער פון דעם ערשטן מנין גאַנצע אַמעריקאַנער אידישע שרייבער! איי־נער פון די דעמבעס פון דער מאָדערנער אידישער וועלט־ליטעראַטור!

אין 1944 איז געוואָרן 40 יאָר זינט גאָלד האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטן כתב־יד. לכבוד די 40 יאָר פון זיין פאַרשוויגנקייט, האָב איך אים צוגעטראָגן די נאָטיצן אין אַ באַזונדערן ביכעלע. גיי, ווייס, אַז דער דעמביקער דענקער, דער וואָס האָט געדאַרפט באַגלייטן צום אייביקן וועג דעם אינגסטן פון די אינגסטע, אַז זיין מוח זאָל אין בליץ און בלוט געשטירצט ווערן, און זאָל אונז איבערלאָזן, אין דער ברוטאַל־ציניזירטער ליטעראַרישער אַלייע, אַן זיין גאָלדישן שמייכל, שטיף און חן דורך די גרויע האַרבסטיקע טעג און אַן שום שוץ אין די פּראַקטיקע לאַנגע נעכט!

און איצט — צום דריטן מאָל — קומען די נאָטיצן מיינע, די באַשיידענע, צום וואָרט:

דער אַקצענטירטער ציפער — וואָס ווענט דעם „אונזער בוך״־לייענער לייכט פירן צו אַסאָציאַציע מיט ה. גאָלדס נאָר־וואָס פאַר־ענדיקטער סעריע „דרייצן אַמעריקאַנער שרייבער״ — טוט ניט בלויז אָנדייטן אויף פּרעטענזיע פון לאָגישן דערגענץ, נאָר איז הויפּטזעכלעך אַן אויסרייד פאַרן אויטאָר פון איצטיקן השערה־אָנוואורף זיך אַריינציען אין אַ דיסציפּלינירטן זעלבסט־שמועס מכוח אַ באמתדיקן היגן אידישן שריפטשטעלער, וועלכער איז אַפילו פון זיינע מערסטע זיך־רעקלאַ־מירנדיקע אָנהענגער, האַלטער, דערקלערער און מבינים פאַרשטאַנען און אויפגענומען געוואָרן פלאַך, אויב ניט לעכערלעך.

***

דער אידיש־מעטאָדאָלאָגישער פּרינציפּ „אין מוקדם ומאוחר״, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר גאָלדס עסיי־מעסיקע שריפטן, און, וואָס האָט זיך איבערהויפּט שאַרף אַרויסגעזען אין זיין סעריע „13״, וועט אויך אין דעם „הוספה״־אַרטיקל אָפּגעהיט ווערן, און דערמיט מער כשרן די איצטיק־„אַריינגעשמוגלטע״ פּופּציק פסוקים צום ציפער דרייצן.

***

דרייצן איז בלויז איין הויפן היגע אידישע שרייבער וואָס האָט זיך אַרויסגענומען כמעט ווי אַ זכה־בגורל קוויטל. גאָלד האָט דאָ ניט בדעה געהאַט קיין דיסקרימינאַציע. עס האָט פונקט אַזוי געקענט זיך

אָט־די רשימה: ראובן אייזלאַנד, מ. אָלגין, ציליע דראַפּקין, זישע לאַנדוי, א. לוצקי, ל. מילער, נ. ב. מינקאָוו, מנחם, יעקב סטאָדאָל־סקי, יאָסל קאָטלער, י. ראָלניק, ב. ריווקין און י. י. שוואַרץ.

*
**

„דרייצן", פאַרמערט אין אַן אַריפמעטישער, צי אַ געאָמעטרישער פּראָגרעסיע, גלייכט זיך ביי אים צום איינס, וואָס איז אַן אָפּצווייג פון אַמעריקאַנישן שרייבערשן איינס און איז אַ וויטערער אָפּצווייג פון אַמעריקאַנישן אידנטום אַלס טייל פון אַמעריקאַנער פעלקער־משפּחה, צעפּירט אין זיך אויסברייטערנדיקע צירקלען פון ראַסע, מענטשהייט, וועלט־ערד און וועלט־אַל.

*
**

דער „בלינדער", אידיש־טראַדיציאָנעלער „אחד" איז ביי אים דער באַוואוסטזיניקער איינס דורך וועלכן ס'ווערן אים קלאָר סיי די אותיות ומופתים, סיי די קאָמפּליצירטסטע מענטשלעכע דילעמעס.

*
**

רעדוצירנדיק אַלץ צו זיין טעאָרעטישן „איינאונאיינציקטום" — זיינען די ליטעראַטורן פון שכנישע פעלקער, נאַציעס בלויז געגנזייטיקע פּאַראַפראַזירונגען. די כלומרשט־אַנדערשדיקע ליטעראַטורן — איין ליטעראַטור. איבערזעצונגען פון איין ליטעראַטור־שפּראַך אין אַ צווייטער קוקט אים אויס ווי געטאָן נוצלאָזע און אַמאָל אַפילו דעפעקטיווע אַרבעט, אָדער זעלבסטקאַריקאַטוריזירט.

*
**

דאָס אויפנעמען אַלץ און אַלעמען אין ליכט פון דעם איינציק־אומבאַשטרייטבאַרן „אחד" פירט ניט דווקא צום שטאַנדפּונקט פונם קלוג־וואָרט: „אַלע יונים האָבן איין פּנים".

*
**

זיין „אחד" אין די קונסטן און אין דער שיינער ליטעראַטור איז די ליניע וואָס פירט צום פּרימיטיוו.

פּרימיטיווקייט איז זיין מאָס צו שרייבער, שווישפּילער, מאַלער און מוזיקער. האָט דאָס איינער, ט'ער זיך איינגעקויפט ביי איםביידע וועלטן. „אין וואָס איז רייזענס גרויסקייט? — וואָס ער האָט געזען דעם פּרימיטיוו אין זיין גאַנצער גרויס, אַז ער איז אַזש פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם" („אונזער בוך", ז. 173, 1926).

***

ריידנדיק פון יהואשן ווי פון „אַ גרויסן, גרויסן פּאָעט" גענינגנט אין נאָטיץ זיינעם איבערלייענען („יהואש און זיין נאָמען", „אונזער בוך", ז"ז 86־88, 1926) און וויסן אַז יהואש איז ניט זיין פּאָעט, ווייל יהואשעס ווערק פירן ניט צום פרימיטיוו.

***

אין ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק און אין פּלאַסטישער קונסט זוכט ער דאָס פרימיטיווע וואָס איז ביי אים סינאָנים צו דאָס אידישע. ניט מער ווי נאָך אַ וואָרט פאַרן זעלביקן באַגריף.

***

אָפּט גענוגנט אים איין פּינטל (.) כדי אָנשלאָגן זיך אָן דעם נויטיקן און געזוכטן טאָן.

***

אין דער פּונקטואַציע־משפּחה איז דאָס פּינטעלע (.) זיין באַ־ליבטסטער מיטגליד, אָן וועמען ער מאַכט ניט קיין פּסיעה גסה. די דאָזיקע אייגנשאַפט וואָס איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר לוצקין וואַקסט אַרויס פון דער אוממיטלבאַרער געמיטלעכקייט וואָס באַהערשט אים אין אַלע פאָרמען און פאַזן פון זיין שריפטשטעלערישן אויסדרוק.

***

אָפּט, ביים ערשטן זאַץ דערזעט ער דעם מהות פון שרייבער. איז דער זאַץ־פאַרמעג צווישן דריי און פיר ווערטער ציט זיך דאַן די ליניע ביזן אורשטאַם פון אידישן פּסוק און סע שטימט: אַ איד. צ"ב ליכט און גלאַטשטיין. דער ערשטער לויט דעם מאַסשטאַב — אַ גוי; דער צווייטער — אַ איד.

***

ניט דערפאַרענע גליטשער לאָזן זיך לייכט שטרויכלען דורך דער פאַרפירערישער שילד: „איד־מאָטיוון", וואָס „מע" האָט אויפ־געהאָנגען אויף זיין ליטעראַרישער פיזיאָנאָמיע. איד־גוי און גוי־איד שטעלן זיך ניט אויס קיין ציינגער. זיינען ניט אָדער־אָדער. פאַרקערט, זיי ציען זייער וועג כמעט אין פאַראַלעלער ליניע, נאָר זייערע פאָרמען פון זיך אויסלעבן געדאַנקלעך זיינען אַנדערע.



זיינע אידן זיינען ענלעך צו גויים. עסן פיינע פישן, באַקן חלה, גייען זיך באָדן, האָבן ליב שפּאַצירן, לוסטן צו וואַלד־וואַנדלעריי, זיינען זיך מחיה מיט מעשה־שפּיל און פּורים־שפּיל. איבערהויפּט — פריי־לעכקייט און שפּיל. גייט אַ איד זיך באָדן, פאַרלירט ער אַ שוך, פאַלט דאָרט אַריין אַ פיש, און אַזוי פאַרשלעפּט ער אַ פיש אויף שבת. באַקט אַ רביצין אַפּ חלה, וויל פון דעם דאָס מייזעלע פאַרזוכן און די קאַץ — אַוודאי; ווערט אַ געשלעג, אַ טומל — כאַפּט זיך אויף דער רב, די רביצין, ווערט גרעסער דער ליאַרעם, אינטענסיווער — דער שפּיל. שטילט זיך איין דער טומל, שטעלט זיך אָפּ דער שפּיל און — די מעשה איז אויס.



אידיש לעבן, אין אַלע זיינע מאַניפעסטירונגען, האָט מיטן פּאַקט פון „דאָ־זיין" שוין אויך מיטגעבראַכט אַנגעשריבענע טעאָריע־ביכער, וואָס זיינען אָפּן פאַר אַלע וואָס זיינען געאיבט, צי באַגאַבט, מיט דער לייען־קונסט פון „אותיות וואָס שוועבן אין רוים". גאָלד, וועמעס התפּעלות פון פּלפּול־ספרים איז ווייט פון אַ וואַרשיינלעכקייט, איז, צווייפללאָז, אַ מתמיד אין אָט־די סאָרטן „לייענביכער" — ווייל כאָטש זיי שוועבן אין רוים זיינען זיי ענג פאַרקניפּט מיט ערדישן באָדן, צו וועלכן ער איז מיט אַלע זיינע חושים איבערגעגעבן, ווי דער טרייס־טער דינער.



אידיש איז ניט בלויז קיין באַצייכענונג פאַר דער שפּראַך און אירע צווייגן, וואָס דאָס איז, געוויינלעך, דער דורכשניט־באַגריף פונם וואָרט. דאָס פינף־אותיותדיקע וואָרט איז ביי אים אומבאַגרענעצט און גרויס, ווי רוים, גאָטהייט און איז פול ווי אַן אומגעהויער־ריזיקער מילגרוים, וואָס אַנטהאַלט אַ קאָמפּלעקס פון דער וועלט מיט אירע באַשעפעניש — ביזן קלענסטן שאַרף פון דעטאַל.



ווען מען וויל, אָבער, אידיש פאַרשאַרפן (אידישיזם) קוקט עס אים אויס ווי דינען אַ זייטיקן, אָפּט שעדלעכן צוועק און, אין די מער־סטע פאַלן, ווי אַ סתירה צום צוועקלאָזן צוועק וואָס אידיש טראָגט מיט זיך אָן כוונה און אָן חשבון.



אידישקייט, דער צענטראַלער מאָטיוו פאַרן קאָמפּלעקס געפעכטן צווישן אונזערע אַלערליי קריגנדיקע דיוויזיעס — וואָס איז איצט

אַזוי שאַרף אַקטועל, ווי נאָר וואָס צעפלאַקערט — האָט אים ניט „אַריינגעצויגן אין די רייען". אַ קאַמף וועגן דער נויטיקייט, אָדער עקזיסטענץ־רעכט פון דער שלאַף־פונקציע וואָלט זיך ביי אים אַלגע־ברעאיש געגליכן צום אומגעהויער־באַזינטן שלאַכט צווישן אידן וועגן דעם אידישקייט־מהות.

⁂

דער צד־השוה פון די מערסטע וואָס ריידן וועגן וועלטלעכער אידישקייט איז — איינגעזוברעוועטע רעטאָריק. אין זיין געמיטלעך־דענקערישער פאָזע זעט ער און לעבט דעם קעגנוואַרטיקן אידיש־וועלטלעכן לעבן וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון — פון — פון און פון ביז — ביז — ביז און ביזן אידישן עברישן פרימיטיוו וואָס איז דער אור־פאָטער פונם „עבר־הנהר".

⁂

אידיש־מענטשלעך־נאַציאָנאַלע תביעות, סיי געשטעלט פּאָליטיש, סיי קינסטלעריש (ווי ל. שאַפּיראָ, אין זיין בוך „די אידישע מלוכה") איז, לויט גאָלדן, אַנטי־אידיש, אַנטי־מענטשלעך און אַנטי־נאַציאָנאַל.

⁂

זיין איך־אידעאָלאָגיע איז די פּערפעקטסטע און ריינסטע פאַר־קערפּערונג פון וועלטלעכער אידישקייט.

⁂

מענטשן בטבע טיפּזיניקע האָבן אויפגעכאַפּט גאָלדס הויפּט־שע־פערישן מהות: אַקצענטירטע אידישקייט. ביי זיי טייטשט זיך עס: אָנהאַלטונג פון רעליגיעזן און טראַדיציאָנעל־נאַציאָנאַלן צערעמאָניאַל, אַריינשמוגלענדיק עס ביים עטאַבלירן ליטעראַרישע סטאַנדאַרטן און פאַקטן.

⁂

טייל קאָלעגן ריידן צו אים וועגן דעם. מען שטימט עס אַפילו אָפּ און ער שטימט אויך דאַפיר. ער איז אָבער זיכער אַז מען רעדט דאָ וועגן יענעם גאָלדן מיט וועמען ער דאַרף זיך ערשט באַקאָנען.

⁂

טייל בילעטן־קויפער אין גאָלדס מעשה־לאַבירינט דערוואַרטן אידיש־רעליגיעזן צערעמאָניאַל אין פּלאַסטיק: אידן מיט ברייטע און לאַנגע באָרד און פאותן טראָגן שוואַרצע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, זיצן

אין סוכה, שלאָגן כפרות, גייען צו תשליך, בענטשן אתרוג, פאַסטן ענויים, בלאָזן שופר און דאַוונען בצבור. די דאָזיקע לייט ווערן, אומגעריכטערהייט, באַרייכערט ווערן מיט נאָך אַן אַנטוישונג.

⁂

אייניקע טענהן אַז אין זיינע מעשיות נעמט די פאַבולע אַזאַ באַשיידן אָנטייל, אַז זי האָט ניט גענוג כוח צו פאַראינטריגירן דעם קינד. גאָלד וועט, אָבער, זיכער איבערראַשט זיין אויסגעפינענדיק אַז די לעצטע באַערונג שטעלט אים אין דער בחינה פון אַ ציַיטונגמאַן, וועמעס מעשיות, פון היינט און ווייטער, דאַרפן זיין שטרענג נייעס־מעסיק — פאָטאָגראַפירטע סצענקעס „פון לעבן אָנטנומען״.

⁂

ביי טייל גאָר לאָפקע יונגעלייט איז גענוג איין פראַזע און, בדיעבד אפילו אַ וואָרט און — זיי האָבן שוין תופס געווען זיין גאַנצן פאַרמעג. „פיש אויף שבת״ — אידישקייט ; „צפת״ — קבלה; אינדיאַנער — אַמעריקע, א. אַז. וו.

⁂

צוליב דעם אינטענסיוון אינטערעס וואָס ער האָט צו מעשה־פלאָנטעריי איז ער אייך שטענדיק „גרייט צו דינען״. דאָס שטילסטע פון דאָס שטילע קען אים באַרוישן און באַצווינגען און פירן צו אַן „אַמאָל איז געווען״. אַ פראַזע און אַפילו אַ וואָרט האָט גענוג שכרות־שטאָף אים צו באַהערשן און אים פירן צום אָנהויב פון אַ מעשה.

⁂

ווען זיינע מעשה־פינאַלן וואָלטן זיך ניט אַזוי אָפט געפורעמט מיטן „שטעקעלע אַריין און שטעקעלע אַרויס״ וואָלט מען געקענט משער זיין, אַז די כמעט־מעכאַניזירטע מעשה־שלוסן זיינען אַ דעמאָנסטרירטער איבערברוך פון שאַבלאָנירטע מאָדערניזמען. ווען עס נעמט אָבער אַן אַזאַ פּראָפּאָרציע ווי עס איז זיין בוך „מעשהלעך״, לאָזט זיך עס לייכט — און מיט לאָגישער פּרעטענזיע — מאָטיווירן מיט באַקוועמען נאָכ־גיין דער ליניע פון לייכטסטן ווידערשטאַנד.

⁂

מערסטע פּעדאַגאָגן און אויך וויסנשאַפטלער וואָס האָבן אַ קרובה־שע שייכות מיט קינדער־דערציאונג האָבן אַ טבע צו צעגרענעצן אַלץ וואָס מענטשלעכע חושים קענען אויפנעמען אין צוויי שאַרף־אָגדערש־

דיקע רשותן (קינדערשע און דערוואַקסענע) האָבן אויך דורכגעפירט די מחיצה אין דער ליטעראַטור. אונזערע אָפּיציאָזן, ניט בלייבנדיק הינטערשטעליק אין דער הינזיכט, האָבן — מיטן צוואוואוקס פונם וועלטלעך־אידישן שול־וועזן — אויך קלאַסיפיצירט אונזער שיינע ליטעראַטור און דער גורל האָט זיינע מעשיות גענומען אונטערן שוץ פון דער קינדערשער קאַטעגאָריע.

⁂

קעגן זיין שטאַרקער באַמיאונג צו האָבן שלום־בית ביי אידן האָט ער דאָך דעם קינד צוגערעכנט צו דעם מין מענטש און ס'איז אויסגעמעקט געוואָרן די שאַרפע ליניע צווישן קינד, מיטליעריקן און אַלטן און ס'איז געבליבן: מענטש.

⁂

די אַלע פה (לאו־דוקא בעל־פה אָדער כבד־פה) און „פ־ע־ך" מפרשים זיך באַנוצנדיק, נאַטירלעכערוויז, מיט די גאַר לעצטע מעסט־מעדיאומס שטעלן אים צווישן גראַפאָמאַניע (אַ באַגריף וואָס צוליב זיין איינפאַכקייט און אַבסאָלוטער אומצווייידייטיקייט איז אַפילו צוגענג־לעך פאַר דער תפיסה פון זויג־קינדער) און פלוידעריי לשמה. דאָס זיינען גראָד ניט די מחמירים, ניט פון די בית־שמאי.

⁂

ווען גראַפאָמאַנאַלאָגיע וואָלט ניט געווען אַנגעשלאָגן אין די שוס־טערשע הויפן וואָלט זיך געוואָלט וועמען איבערראַשן מיט דערפינדע־רישקייט, אַז דער אמתער, עכטער און איינציק־איציק־גרויסער גראַף גראַפאָמאַן איז הערמאַן גאָלד. צווישן קרוב עטלעכע הונדערט היגע אידישע שרייבער וואָס איך קען, ווייס איך ניט נאָך איינעם וואָס זאָל אַזוי אינטענסיוו הנאה האָבן פון דער שרייב־וועזנטלעכקייט, ביי וועל־כער טעטיקייט מען קען אים אָפט אַנטרעפן אין סאָבווייַ און אין פּאַרק, אין קאַפע־הויז און אין זיין פריינטס סטודיע, אין מיטן טאָג, פאַרטאָג און אין מיטן דערינען.

⁂

וואָס איז שייך פלוידעריי, ווען אַפילו לשמה, זיינען רעוויזיאָנס־קאָמיסיעס אין דעם פאַל ניט דרינגענד. די לייט וואָס האָבן אַטעסטירט גאָלדן האָבן זייער אורטייל אַרויסגעטראָגן, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, נאָך אַ גרינטלעכן אונטערזוך, אַזוי, אַז אין ענין פלוידעריי מעג זיי געגעבן ווערן פול קרעדיט און צוטרוי.

*
**

בטבע אַ רעאַליקער — ווי ער אַליין וואָלט עס פּאָקוסירט — זעט ער, אָבער, ניט קיין זין אין רעאַליזם — אויב געגומען אין שטרענגן באַגריף. אילוזיע־אַנהויך פון מינימאַלסטן מינאָר פּלוס דעם אומ־דענקבאַרן רעאַליזם און — ער האָט זיך איינגעקויפט אַ שטול אין אויבנאָן.

*
**

לעבנדיק און ליבנדיק דאָס רויע, ראַשיקע, מיט רויט־בלוט־וויברירנדיק לעבן איז אים, אָבער, באַוואוסט אַז זיינע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע שטאָט־לאַנד־ און וועלט־לייט קריגן — אין די בולטערע שטריכן — כמעט איין און די זעלביקע דערפאַרונג, אַזוי אַז דאָס רע־גיסטרירן די „מעשים בכל יום״ קאָן האָבן בלויז אַן אינפאָרמאַטיוון אינטערעס. ווען די „מעשים בכל יום״ ווערן, אָבער, עטוואָס דער־הויבן און וויקלען זיך אין געוועבן פון אייגנאַרטיק אינדיווידועלער פאַנטאַזיע־וועלט געווינען זיי זיך קינסטלערישע עקזיסטענץ־רעכט.

*
**

צופאַל שפּאַנט ער אין לויט געלעגנהייטלעכע אויסדרוק־אינ־טערעסן.

*
**

וויסנשאַפט איז ביי אים דאָס פאַרקערטע פון וויסן. די אָרגאַני־זאַציע פון וויסן טייטשט זיך — וויסנשאַפט. נאָך אַ טייטש: די פאַר־פלאָכונג, פאַרמינערונג פון וויסן איז וויסנשאַפט.

*
**

להיפוך זיין אַנשויאונג פּרובירט ער אין זיינע אייגענע ווערק („אידישע פאָרמאַלאָגיע״ ; „פילאָזאָפיע פון אידישער ליטעראַטור״ און זיינע עטלעכע כתב־ידן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען) אריינ־ברענגען אָרדענונג און סיסטעם.

*
**

וויסנשאַפטלייט זיינען מענטשן וואָס אַנטלויפן פון דירעקטער און אינטימער באַקאַנטשאַפט פון געגעבענע זאַכן, נאָר האָבן די באַ־קוועמע טבע פון איבערנעמען עס פון אַ דריטער און פערטער האַנט — ווען גאָלד וואָלט געקענט דולדן אַ פאָרמולע וואָלט ער, לפי־ערך, אַזאַ אַנגעשריבן.

*
**

ווען הויך־טיטולירטע, אָדער סתם זייער חשובע לייט „רייסן בערג" וועגן זאַכן וואָס גרייכן די הויך פון די הויכן און קענען זיך ניט דער־גרונטעוועון צו דער טיף פון די טיפן ווייסט ער, אַז די „לבנה ביים טאָל אילון" דאַרף נאָך דערווייל ניט בלייבן אָפּגעשטעלט. מיט פּאַרזיכ־טיקער, כמו־פויערשער פשטות, חשבונט ער אַזוי: די דאָזיקע איינ־פּאַכע זאַכן וואָס זעען מיר אויס אַזוי עלעמענטאַר זיינען, אָבער, זייער ווייט און פרעמד צו „דיזע" ביכערשע מענטשן, וואָס אין גיעג נאָך ווילד־פרעמדע זאַכן פאַרפּלאָנטערן זיי זיך אין אַזאַ געווירבל פון וועלכן זיי קענען קוים ניצול ווערן.

*
**

אַ קריטיקער, לויט גאָלדן, ניט זייענדיק צוגעגרייט צו אויפנעמען יענעמס געפיל־און געדאַנק־אויסדרוק (דורך רייד און שריפט) וועט אַן וואָקלעניש פאַראורטיילן דעם משונהדיקן אָביעקט אויפן האַרבסטן אופן.

*
**

מהאי טעמא איז אַ ביסל קשהדיק, פאַרוואָס קריטיקער, וואָס זיי־נען, געוויינטלעך, רייך אין אינטואיטיווע זעאונגען, אין אַלערליי פּקחות און המצאותן און — אין די מערסטע פאַלן — אין לירישע קוואַלן (מכוח היפשן באַזיץ פון ערודיציע איז שוין אָפּגערעדט) פּרובירן ניט פאַרפולקאָמען זייער פערזענלעכקייט מיט דעם צוקריג פון בלויז איין אומבאַדייטנדיקער המצאה: דער איינפאַל פון קרעדיטירן זיך אויך אַמאָל (אַזוי אויף צופּלייסנס) מיט אַן אָנזעענדיקן מינוס, נאָכדעם ווען אַלערליי „ויש־לישבס" זיינען אַמאָל ניט עפעקטיוו אין „עפּענען די אויגן".

*
**

דער באַוואוסטזיין אַז די פונקציע פון ליטעראַטור־קריטיק איז, אין מילדסטן פאַל, באַרינגלט פון אַ מענגע פרעג־צייכנס און אַז די ליניע פון איר גאַנג און פאַרמעסט פירט אוממיטלבאַר צו צוים־ברע־כעריי, פאַראַזיטישקייט און מעכאַניש־מלמדישן אַפּעטייטש — דער באַ־וואוסטזיין — האַלט אים ניט אָפּ, דורך אייגענעם צוטראַג, צו דע־מאָנסטרירן, שלא בכוונה, דאָס פאַרקערטע.

*
**

גרויסקייט, גרעסער, קלענער — מאָסן וואָס זיינען אים פרעמד און ווערן פון אים ניט געניצט — סיידן אין זין פון אונטערשטרייכן

לעבן, פאַקט פון עקזיסטענץ, אָדער דאָס פאַרקערטע. בוכהאַלטערישע פאַרגלייכן, וועגן, מעסטן, צושניידן איינעם צום צווייטן, איינעם אויפן חשבון פון צווייטן זיינען פאַר אים ניט־אויפנעמבאַרע באַגריפן.

***

ערנסט־שווערע אַנגעוואָלקנטקייט און לייכטע שפּאַסהאַפטיקייט געפינען ביי אים אַזאַ טשיקאַוו־אייגנאַרטיקן אויסדרוק, אַז דער דורכ־שניט־לייענער, מיט זיין נאַטירלעכער באַגרענעצטקייט פון קוק און צוגאַנג וועט זיך זייער זעלטן אָנשלאָגן אָן טאָן וואָס פירט צו אָריענ־טאַציע.

***

איינזייטיקע קוקער, וואָס קענען ניט זען זיין נאַטירלעכן גע־פלעכט פון ערנסט און שטיפעריי וועלן קיינמאָל ניט תופס־זיין זיין פאָרמע.

***

געיעג נאָך אייגענער פאָרמע לויפט פאַראַלעל מיט דער מורא פאַר דעם באַקוועמען איינלעבן זיך אין שאַבלאָן פון אייגנאַרטיקער פאָרמע. די מורא פירט אים אָפט צום באַוואוסטזיניקן איבערברוך און, אַפילו, איבערפיר פון פאָרמע, אַבי זיך ראַטעווען פון שאַבלאָן.

***

אין פּראָצעס פון זיין שטענדיקן אַוועקלויף פון דיסטילירטן סטיל ווערט עטאַבלירט דער פאַקט פון זיין ליטעראַרישן נוסח, וועלכער איז אַ מערקווירדיקע קאָמבינאַציע פון: ליכטיק־וואַרעמען אָריענט און טרויי־מעריש־שפּילעווודיקער פאַנטאַסטיק; דענקערישע גוטמוטיקייט און קינדערשע שטיפערישקייט; אור־פרימיטיווקייט און פּאָסט־מאָדער־ניזם; אידיש־אַנאַליטישע חריפות מיט גוייש־געזונט־ערדישן רעאַל־חוש.

ה

הערמאַן גאָלד, דער אין־דער־שטיל־שרייענדיקער ווידערשפּרוך, איז אויך אין זיין זוך־און־זין פון פּרנסה געווען היפּש קשהדיק. דער גאַנצער איד און שטרענגער שומר פון אידיש־חול האָט געצויגן זיין חיונה פון ענגלישע ביכער. און אויך דאָ האָט ער — פאַר אַמעריקע — גרויסעס אויפגעטאָן. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַמעריקאַנאַ, און איז געווען אין געשעפטלעכן באַריר מיט די גרעסטע אוניווערסי־

טעטן און ביבליאָטעקן פון דער וועלט. איך האָב ביי אים אַמאָל געזען אַ בריוו פון העברי פּאָרד, באַשטעלנדיק ביי אים אַ בוך. און האָב אויך באַמערקט, ווי ער האָט אַמאָל אָפּגעקויפט „הורטאָם" אַ גרויסע צאָל בייכיקע ביכער, וועלכע ער האָט לחלוטין ניט געדאַרפט, נאָר וועל־כע האָבן קאָמופלאַזשירט אַ געוויסע בראָשורקע. ער האָט זיי אַלע פינף מינוט שפּעטער אַרויסגעוואָרפן, איבערלאָזנדיק פאַר זיך נאָר אַ דינינקן העפטל, וועלכן ער האָט שפּעטער פאַרקויפט פאַר אַ הויכן פּרייז צו אַ היסטאָריקער אין אויסטראַליע. ווען אַט־דער גרויס־צוגיקער סוחר זאָל געווען אַריינוואַרפן זיינע ענערגיעס און זיינע פעאיקייטן אויף דעם אידישן בוך־געביט, ווער קען וויסן, וואָס פאַר אַ הערלעכע רעזולטאַטן ער וואָלט דאָ געקענט באַוויזן און וואו אויך אויף אַט־דעם פאַרוואָרלאָזטן געביט ער וואָלט זיך געקענט מאָנומענטיזירן.

ו

זאָלן אַט־די נאָטיצן מיינע און די איילקע פאַרצייכענונגען פון די אַנדערע מיטאַרבעטער פון „וואָכנבלאַט" דינען ניט נאָר ווי אַ וואָרט־מאָנומענט צו אַן עכטן אידישן דיכטער און דענקער, נאָר זאָלן זיי אויך דינען ווי אַ סטימול, ווי אַ רעגונג צו קינפטיקע יונגע פאָרשער פון אידיש, וואו אין זייער זוך פון אמת און פון קערנדיקייט, וועלן זיי אויפהויבן דעם שלייער איבער פאַרשוויגענע גרויסע טאַלענטן פון 20טן יאָרהונדערט, און וועלן, אפשר, גלייכצייטיק אָפּדעקן די מאַסקעס פון די פאַלשע נביאים, פון די געליגנערטע אַנטאָלאָגיעס, פון די גע־שקרטע ענציקלאָפּעדיעס, פון די שענדער פון גייסט און פאַרשווערער פון וואָרט, פון די וואָס האָבן בידים געהאָלפן אומברענגען די שעפער פון אידיש־קודש און אויסלעשן פלאַמיקע נשמות פון גרויסע און ליכ־טיקע הערצן־פיגורן אין דער ערשטער העלפט פון איצטיקן יאָר־הונדערט.

# פנחס מ. גינגאָלד

## א

אין מיין צער איבער דעם כמעט־עפּידעמישן כאַראַקטער וואָס דער יאָר 1953 האָט אָנגענומען אין דעם אומברענג פון די בויער און שאַפער פון מיין דור — פון די גדולי האומה פון אונזער יונגן ישוב דאָ אין לאַנד, — קען זיך פון מיין ראיה, איבערהויפּט, ניט אָפּטרעטן דער יונגער, שטענדיק־גוטמוטיקער און מיט שמייכל־באַגריסנדיקער פּנים פון פּנחס גינגאָלד, און צווישן אַלע אומפאַרבייט־לעכע דעמבענע פירער־פיגורן וואָס דער פירכטלעכער אוראַגאַן האָט וואָרצלדיק אויסגעריסן פון אונזער שוין־אַזוי־פיל־און־אַזוי־לאַנג־אויס־געפּרואווט פאָלק איז נאָך, אפשר, גינגאָלדס אַרויסרייס די סאַמע שמערצלעכסטע אבידה. ווייל פּנחס גינגאָלד האָט מיט זיך סימבאָליזירט און — איבערהויפּט — פערזאָנאָפיצירט דעם רוח חיים פון קוואַליקער אוןברייט־שטחדיקער אידישקייט. מיט זיין בלויזער אָנוועזנדיקייט האָט ער די מאַכט־האָבער ביי געוויסע שליסל־פּאָזיציעס אין אונזער לעבן אי געמונטערט, אי געוואָרנט. ביי געוויסע רודערער אויף אונזער עוועניו האָט זיין וואָרט געהאַט חשיבות, און זיין ראַט האָט אָפט גע־פירט צו טאַט. נאָר מער און וויכטיקער און כאַראַקטעריסטישער אין דעם פאַרזוך פון אָפּשאַצן די אבידת גינגאָלד איז וואָס ער אַליין איז געווען די סאַמע פּערזאָניפיקאַציע פון טאַט, פון דורכבערעכנדיקער חלוצישער טאַט.

## ב

אין די יאָרן ווען ציוניזם האָט געהאַט אַ חוזק־פּנים אויף דער בונדיש־אינטערנאַציאָנאַליסטיש־באַאיינפלוסטער אידישער אַרבע־טער־בירזשע אין אַמעריקע האָט גינגאָלד אויסגעוויילט די ליניע פון שווערסטן ווידערשטאַנד ביים באַטרעטן דעם חלוצישן דרך אין זיין לעבן. דער מלוכהש־געסדרטער שטייגער־לעבן פון זיין געבורט־שטעטל דערעשין (גראָדנער גובערניע, אין צאַרישן רוסלאַנד), — ווי אין די מערסטע אַנדערע שטעטלשע מלוכות, — פלוס דעם שטוביק־און היימיש־מתמידישן קלימאַט פון דורות לומדים, פלוס זיינע אייגענע

„משמורים" אין דער סלאָבאָדקער ישיבה — דאָס זיינען געווען געגנוג הינטערגרונט און מער־ווי־גענוג צוגרייטונג פאַר זיין אַקצעפּטירן די סאַמע אומפּאָפּולערסטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייאישע אידעאָלאָגיע אין יענע טעג — דעם פּועלי־ציוניזם.



אָבער פאַר גינגאָלדן האָט פּועלי ציוניזם געמיינט ניט נאָר אַ נייע פילאָזאָפישע שיטה, ניט נאָר געוואַגטער רעוואָלוציאָנערער דענקען, נאָר אויך דורכבערעכנדיקע רעוואָלוציאָנערע און חלוצישע מעשים. אויב איינע פון די עקרים פון פּועלי־ציוניזם איז קולטור־בויאונג און אי־דיש־לעבן־ המשך אין די גלות־לענדער, דאַרף דאָס מתחיב זיין יעדן מיטגליד צו פאַרקאַשערן די אַרבל. און ער אַליין, מיט זיין גוף, מיט זיין גאַנג, האָט געוויזן דעם וועג, — ווי יואל ענטין, אין זיין הספּד־וואָרט, האָט עס געשילדערט צו די טויזנטער אבלים וואָס זיינען גע־קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד זייער חבר, זייער פריינט און זייער לערער.

דער אַכציק־יעריקער יואל ענטין האָט, אין געבראָכענעם טאָן, דערציילט ווי דער 17־יעריקער פּנחס גינגאָלד איז צו אים געקומען און געפאָדערט אַ לערער־שטעלע ביי די דעמאָלטיקע ערשט־געגריג־דעטע אידישע פאָלקס־שולן פון די פּועלי־ציון און פאַרבאַנד, און ווי ער האָט גאָר־שנעל אַרויסגעוויזן מוסטערהאַפטע רעזולטאַטן אויף

דעם פּיאָנערישן געביט. ס׳איז ביי אים זיכער ניט געווען קיין קאַ־ריעריסטישער טריב אין דעם זוך פון דער שטעלע. פּרנסה, אין כבוד און מיט פולער שיסל, האָבן אים, אפשר, דערוואַרט ערגעץ אַנדערש־וואו. ס׳איז געווען זיין ערשטער איינשפּאַן, אין דינסט פון חלוצישן גאַנג. ער האָט אָט־די עובדא, אין משך פון 40 יאָר, וואַריאירט. ער האָט, לטובת דער חלוצישער אידייע, ווי אַ דערפאַרענער זעלנער, אָפט געדאַרפט מאַכן געוויסע דעטורן. אָבער איבער פערציק יאָר האָט אים קיין שטורעם־ווינט ניט געקענט אָפּרייסן פון זיין פּאָסטן, קיין מערדערלעכער שונא האָט אים ניט געקענט באַזיגן — חוץ דעם שאַרף פון מלאך המות.

ג

**ווען** דער געניאַלער זשאַבאָטינסקי האָט געוואָרפן דעם לאָ־זונג פון אידישן לעגיאָן איז פּנחס גינגאָלד געווען פון די ערשטע נושא כלים זיינע. ווי אַ פלייסיקער סטודענט פון אידישער געשיכטע, האָט ער געוואוסט אַז ישוב ארץ ישראל איז געווען די גרעסטע, די הערלעכסטע אידישע בענקשאַפט און, אפשר, די גרעסטע מצווה ביי אידן פון דור־דורות. היינט ווען ישוב ארץ ישראל קען נאָך באַהאָפטן ווערן מיט כבוש ארץ ישראל — קען נאָך ווער אויסטרוימען אַ מער־לאָקנדיקע חלוצישע טאָט? און פּנחס גינגאָלד וואַרפט זיך אַריין אין דער עבודת־הרעקרוטירונג פאַר דעם אידישן לעגיאָן מיט זיין פולן יוגנטלעכן ברען. ער פלאַקערט דאָ בכל לבבו ובכל נפשו. ער איז גליקלעך וואָס ער איז זיך משתתף צו אַן עכטער, צו אַ גורלדיקער געשיכטלעכער אידישער שאַפונג.

ד

**און** נאָך איידער ער רוט זיך כאָטש עטוואָס אויס פון אָט־דעם שטורמישן „לעגיאָן״־קאַפּיטל זיינעם, רייסט זיך שוין זיין שפּרודל־דיקע ענערגיע צו אַלץ נייע און נייערע חלוצישע פּאָסטנס. און ווי אַן עכטער קריגער, ציט אים גראָד צו דעם ווינציקסטן פונקט פון פאַרטיידיקונג. און וועלכע וויכטיקע קולטור־פּאָזיציע אין היגן אידישן לעבן איז דעמאָלט געווען אויף משקולת? — דער אידישער לערער־סעמינאַר. און גינגאָלדן שיקט די „באַוועגונג״ צו ראַטעווען דעם סעמינאַר. ווייל אָן אַ סעמינאַר וועלן ניט זיין קיין לערער פאַר די שולן, וועט, חלילה, אַ גייסטיקער הונגער נאָך אומברענגען דעם אַזוי־אויך קנאַפּ־געזעטיקטן און אידיש־געגנערטן יונגן דור. און דער חלוציש־באַזעלטער גינגאָלד באַווייזט זיך דאָ מיט זיין דין שווערדל אויף אַ

פאַרוואָרלאָזט פעלד. דער לערער־סעמינאַר האָט געפירט דעמאָלט די גרענדע אויף איסט בראָדוויי, און אַ צייט געבאָרדערט אין דעם ביאַליסטאָקער צענטער. גינגאָלד — דערציילט מיר דוד סאָהן, — איז געווען דערפינדעריש אין אָנגעבן תרוצים פאַר ניט קענען צאָלן כאָטש די מאָגערע דירה־געלט. און די דערפינדערישקייט האָט ער, ליידער, געדאַרפט נוצן פולע צוואַנציק יאָר, — פון 1920 ביז 1940. איך ווייס פון פאַלן ווען אַ סעמינאַר־טשעק פון געציילטע עטלעכע דאָלאַרן פלעגט אָפט געשלאָגן ווערן מיט וואַנדער־לוסט . . .

נאָר ווען דער קיינמאָל־ניט־מיד־ווערנדיקער גינגאָלד גייט שוין אַריבער אויף קעסט צום רייכן פעטער, — ווען ער ווערט אין 1940 דערוויילט אַלס קולטור־דירעקטאָר פון פאַרבאַנד און נאַציאָנאַלער די־רעקטאָר פון די אידישע פאָלקס־שולן ווערט אים זיין קאָפּ־דרייעניש ניט גרינגער און דער פינאַנציעלער האָרב ווערט אים ניט קלענער. ער שפּאַנט זיך נאָך מער איין אין דער אַרבעט. פאַרפולקאָמט זיך אַליין מער און מער אין אידישע און וועלטלעכע לימודים. סלאָבאָד־קער ישיבה גייט ביי אים האַנט־אין־האַנט מיט סמיכה פון קאָלאָמביאַ אוניווערסיטעט. און צווישן די צוויי גרויסע תורה־צענטערן זיינען דאָ די ישיבות קטנות פאַר די תינוקות של בית רבן. און יעדע שולע האָט אַ דעפיציט. און יעדן לערערס פאַראומערט האַרץ קומט צו גינגאָלדס שוועל. גינגאָלד ווייסט די נויט; גינגאָלד הערט דעם דורות־דיקן רוף צו אים, אָבער מיט זיין גוף קען ער נאָר זיך אַליין איינשפּאַ־נען. זיצט ער אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט, און שיקט זיין רוף צו די טויער אין די ווייטע פונקטן פון לאַנד; סיגנאַליזירט ער צו זיי דעם עס־אָ־עס, און אָפט געלינגט אים אָפּצושרייען דעם קריזיס אין דער און אין יענער שולע. און אויף איין רגע כאָטש קען ער גרינגער אָפּאָטעמען.

ה

**אין** שפּאַן פון אָט־די גרויסע לאַסטן, האַלט ער נאָך זיין אויג וואַך איבער קולטור־פאַרזוכן אין דער אַלגעמיינער אידישער גאַס. איז פון די גרינדער פון „קולטור־קאָנגרעס״, — אין וועמעס שליחות ער איז, צוזאַמען מיט יעקב פּאַט, געפאָרן אויף אַ לענגערער נסיעה איבער די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער. איז אַ מיטגליד פון ועד־החינוך פון דעם אידישן דערציאונג־קאָמיטעט. איז מיט־רעדאַקטאָר פון דעם דערציאונג־זשורנאַל „בלעטער״, אַרויסגעגעבן פון קולטור־קאָנגרעס. רעדאַקטירט, נאַטירלעך, די „פאַרבאַנד״־אויסגאַבן, צייט־שריפטן און ביכער. שרייבט פון צייט־צו־צייט. האַלט לעקציעס אין סעמינאַר, ביי אָרגאַניזאַציעס און ביי די צווייגן פון פאַרבאַנד. מיט

זיינע אויפטריטן ברענגט ער וואַרעמקייט, וויסן און פּאַרטיפונג אין אידישער געשיכטע. אידישע געשיכטע — זעט אויס, איז געווען זיין ליבלינג־פּלירט. אין ליכט פון געשיכטע האָבן אים אויסגעזען נאַריש דעם מענטשנס קנאה, זיינע איבערטריבענע אַמביציעס. אין ליכט פון געשיכטע איז אים לייכטער געווען צו גיין זיין אייגענעם איינזאַמען וועג און פילן גרינגער אונטערן געפּאַק פון זיינע לאַסטן. אין ליכט פון געשיכטלעכער חכמה, וואָס האָט, גאַר אָפט, באַשטראַלט זיין פּנים, דערקלערט זיך זיין שטענדיקע גוטמוטיקייט, מיט וועלכער ער פלעגט שטענדיק אויפנעמען די צענדליקער מענטשן וועלכע פלעגן זיך ציען צו אים נאָך ראָט און טאַט, און וועלכע פלעגן ליידיק פון אים קיינ־מאָל ניט אַוועק.

און אין ליכט פון געשיכטע, קען מען אויך דערקלערן זיינע לעצטע אויפטריטן ביי די צענטראַלע פאַרזאַמלונגען פון פּאַרבאַנד, — אויפטריטן, אין וועלכע עס האָט געפלאַקערט דאָס גליאיקע וואָרט פון מוסר. אין זיין מוסר־וואָרט, אָנגעשפּאַרט אויף יסודות פון אי־דישע געשיכטע, איז גינגאָלד געווען ברומו של עולם.

און וואויל איז אים וואָס ער האָט, אין זיין איינגלשן אויסזען, אין מיטן פון זיינע קוים־דערלעבטע 59 יאָר, אָט־דעם גליאיקן מוסר־וואָרט אין זיין מויל פאַרגאַנצט און פאַרזיווגט מיט זיין אייגענעם טראָט, — מיט זיין ביישפּילפולער חלוצישער טאַט.

# הרב חיים יהודה האָראָוויץ

## א.

ווען איך בין נאָך כמעט אַ אינגל געווען, איז מיר אויסגעקומען דאָ אין לאַנד דורכמאַכן אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע דורכלעבונג, — וועלכע ווערט אָפּגעפרישט אין מיין זכרון פון צייט צו צייט, — נעמלעך: דאָס



אַנטייל־נעמען אין דער גרינדונג און אָרגאַניזירונג פון דער „אגודת המורים העברים״, — פון דער העברייאישער לערער יוניאָן פון אַמע־ריקע. און ווי איינער פון די ראשונים, געדענקט זיך מיר ווי די איני־ציאַטאָרן האָבן, צווישן פאַרשיידענע אַנדערע שוועריקייטן, אויך געדאַרפט גובר־זיין אַ ספּעציעלע אינערלעכע שוועריקייט: ביי די דעמאָלטדיקע לערער, מלמדים, רבנים, וועלכע זיינען היפּש עקספּלאָאַטירט געוואָרן, און האָבן דאָך געקוקט אויף זיך ווי אויף אויסדערוויילטע, ווי אויף

מענטשן וועלכע זיינען באַשעפטיקט ביי מלאכת הקודש, וואָס דאָס גראַמט זיך לחלוטין ניט מיט יוניאַניזם. און איצט, נאָך 35 יאָר עקזיסטענץ פון „אגודת המורים העברים" איז נאָך אַט־די סופעריאָריטי־קאָמפּלעקס־חולאת ניט אינגאַנצן אויסגעהיילט געוואָרן פון דער העברייאישער לע־רערשאַפט. אָפּקלאַנגען פון אַט־דער ערנסטער קראַנקהייט ווערן אָפט געהערט סיי ביי די לערערשע אסיפות און סיי פון צייט־צו־צייט אין דער אידישער פּרעסע. וויסנדיק פון אַט־דער מחלה, און ווי איינער וואָס האַלט זיין אויער שטענדיק געניוגט צום פּולס פון היגן אידישן לעבן איז מיר, לעצטנס, אויך אויסגעקומען לייענען אַ בריוו אין דער אַרבע־טער־אָפּטיילונג פון „פאָרווערטס", א. ג. „משגיחים זיינען אויך יוניאָן־לייט", וואָס דאָס האָט מיך גלייך פאַראינטערעסירט, — אַלס אַסאָציאַציע מיט אַן אַנדער כלי־קודש אָרגאַניזאַציע, צו זען ווי האַלט עס מיט אַט־דער סופעריאָריטי־קראַנקהייט ביי ענלעכע מיוחסים—ביי די משגיחים, און איך האָב גענומען לייענען דעם בריוו, וועלכער איז פון באַשטימטער וויכטיקייט פאַרן היגן רעאַל־צאַפּלדיקן אידישן לעבן און איז פונקט פון אַזאַ וויכטיקייט פאַר דער געשיכטע פון אידישן לעבן דאָ אין לאַנד, איבערהויפּט איצט, ווען מען פייערט דעם 300 יאָריקן יובילעי פון אונזער ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דער בריוו, אָן שינויים, וועלכער ווערט דאָ איבערגעגעבן אַלס דאָקומענט, לייענט זיך כהאי לישנא:

„צום רעדאַקטאָר פון דער אַרבעטער אָפּטיילונג:

איך וויל האָפן, אַז איר וועט מיר, פונקט ווי אַנדערע יוניאָן־לייט, געבן פּלאַץ אין אייער אָפּטיילונג צו מיטטיילן אייערע לעזער וועגן אַ יוניאָן, וואָס טראָגט איר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער, איז זי אָבער אין פולן זינען פון וואָרט אַ יוניאָן־אָרגאַניזאַציע.

דער ברייטער אידישער עולם איז שוין צוגעוואוינט צום פאַקט, אַז כלי קודש קענען אויך האָבן אַ יוניאָן. און זיכער איז שוין פאַר אַלעמען באַוואוסט, אַז די משגיחים האָבן אַ יוניאָן, אָבער אירע דערגרייכונגען און געווינסן זיינען כמעט נישט באַוואוסט די ברייטע מאַסן אידישע צייטונג לעזער.

פאַר די טויזנטער אַלגעמיינע און אַרבעטער לעזער פון אייער אָפּטיילונג וועט דערפאַר זיין גאָר אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען נישט נאָר מיטן פאַקט, אַז משגיחים האָבן אַ יוניאָן, נאָר אויך וואָס די יוניאָן האָט אויפגעטאָן צו הויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד און בכלל דעם מצב פון דער גרופּע רעליגיעזע אידן.

פונקט ווי דער אַלגעמיינער עולם אַזוי האָבן אויך משגיחים גע־האַלטן, אַז זיי פּאַסט נישט צו באַטיטלט ווערן ווי יוניאָן לייט. אַ יוניאָן איז נאָר פאַר „פּראָסטע" אַרבעטער, אָבער נישט פאַר די וואָס זיינען זיך מתעסק אין אויספירן אַ הייליקן ריטואַל.

אָבער גראדע די אונטערנעמער, וואָס האָבן באַשעפטיקט די משגי־חים, האָבן אַזוי נישט געטראַכט. זיי האָבן די משגיחים געדאַרפט האָבן נישט מער ווי אַ שילד פאַר זייער געשעפט, און ווי אַלע באַלעבאַטים, איז ביי זיי געווען וויכטיק נישט די מלאכה און וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר, נאָר ווי אַזוי צו קענען קריגן משגיחים וועלכע זאָלן זיין וויליג צו אַרבעטן פאַר קליינע שכירות.

צוליב דעם וואָס אַן אונטערנעמער האָט נאָר אָנגעשטעלט אַזאַ משגיח וואָס איז געווען גרייט צו אַרבעטן פאַר אַ קליינעם לוין, האָט זיך אַנטוויקלט פון איין זייט אַ קאָנקורענץ פאַר אַ דזשאָב, און פון צווייטן זייט אַן אונטערטעניגקייט און נאָכגעביקייט מצד דעם משגיח פאַר מורא, אַז ער זאָל די שטעלע נישט פאַרלירן. ווי אַזוי עס האָט געקענט דורכגע־פירט ווערן אַ ריכטיקע השגחה אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, דאַרף איבערגעלאָזן ווערן צו דער פאַרשטעלונג פון יעדן באַזונדער.

צוליב דער אונטערטעניקייט און דערשלאָגנקייט פון די משגיחים איז די אַרבעט פון אָרגאַניזירן זיי געווען אויסערגעוויינלעך שווער. צום סאַמע ערשטן האָט געדאַרפט צעשטערט ווערן זייער איינרעדעניש, אַז פאַר כּלי קודש פּאַסט נישט צו זיין אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן. עס איז נויטיק געווען זיי אויפצוקלערן, אַז די אונטערנעמער זיינען גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט אָנצוהאַלטן אָט דעם סאָרט איינרעדעניש צווישן משגיחים. מען האָט זיי געדאַרפט געבן צו פאַרשטיין, אַז לויט דעם אופן ווי עס געשטאַלטיקט זיך דאָס לעבן דאָ, ביי אונז אין לאַנד, איז ביז גאָר נויטיק פאַר די אינטערעסן פון משגיח צו האָבן אַ יוניאָן. דאָ איז דער משגיח נישט קיין אָנגעשטעלטער פון קהל, נאָר פון אַן אינדיווי־דועלן אונטערנעמער, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין זיין געשעפט און נישט אין וואוילזיין פון משגיח.

אָבער נישט אַזוי גרינג טוט זיך עס ווי עס רעדט זיך. צוערשט האָט געדאַרפט באַזיגט ווערן נישט נאָר די קעגנערשאַפט פון די „קעי־טערערס", נאָר אויך די גלייכגילטיקייט פון ברייטן עולם, וואָס האָט נישט געקענט ביי זיך פּועלן, אַז כּלי קודש זאָלן, פּונקט ווי פּראָסטע אַרבעטער, האָבן אַ יוניאָן. עס איז נויטיק געווען אויפקלערן דעם עולם, אַז אַ שלעכט־באַצאָלטער און שלעכט־באַהאַנדלטער משגיח איז נישט קיין גאָר גוטער אויפּפּאַסער אויף כשרות.

איצט, נאָך יאָרן פון ווידערשטאַנד סיי קעגן דער גלייכגילטיקייט און סיי קעגן דעם אַנטאַגאָניזם פון משגיחים גופא, איז ווערט צו דערמאָנען, אַז די משגיחים יוניאָן, וואָס איז אַפיליאירט מיט דער א. פ. און ל. דורך דער „מיעט קאטערס אינטערנעשאָנאַל", פאַרצייכנט איצט וויכטיקע דערגרייכונגען הן אין באַדינגונגען פאַר די משגיחים, הן אין

דער אויסברייטערונג פון דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פּאַרנעם פון דער יוניאָן.

אין דער ערשטער ריי מוז דערמאָנט ווערן דער פאַקט, וואָס די יוניאָן האָט געהאָלפן נישט נאָר הויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די משגיחים, נאָר אויך זייער חשיבות. פון דערשלאָגענע, דערשראָקענע און אומזיכערע אָנגעשטעלטע האָט די יוניאָן באַוויזן צו שאַפן אַ גרופּע אידן וואָס קענען טאָן זייער רעליגיעזע פונקציע אָן וועלכער עס איז מורא, אַז דער קעיטערער וועט זיך אַריינמישן אין אויספירן זייער אַרבעט ווי עס פאָדערן די דינים פון כשרות.

אָנשטאָט אַ בייזע קאָנקורענץ צווישן משגיחים פאַר אַ געלעגנהייט אָנגעשטעלט צו ווערן, האָט די יוניאָן איצט זיכער געמאַכט די שטעלע און פּאָזיציע פון משגיח און האָט אויך אָפּגעשאַפט סיי די עקספּלואַטאַציע פון קליינע שכירות און פון לאַנגע שטונדן. פאַר אַ משל קען דינען דער פאַקט וואָס פריער פלעגט אַ משגיח קריגן אָן ערך פון פינף דאָלער פאַר „אַ פּאַרטי". איצט, אַ דאַנק דעם יוניאָן סטאַנדאַרד, באַקומט אַ משגיח פון 15 ביז 20 דאָלער פאַר אַ „פּאַרטי" אָדער אונטערנעמונג.

די משגיחים יוניאָן האָט אויך איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון אָפּהיטן כשרות אויף פלייש וואָס ווערט אַריינגעבראַכט פון אויסער דער שטאָט. אַ דאַנק אונזער מי און מיט דער הילף פון רבנים און בני תורה האָבן מיר פאַרזיכערט סיי אַ געלעגנהייט פאַר אַ ווירדיקער פּאָזיציע פאַר אַ משגיח און סיי אַז אידן אין ניו יאָרק זאָלן קריגן פלייש פון אויסער דער שטאָט וואָס איז כשר לויט אַלע דינים.

מיר האָבן אויך געזען צו פאַרזאָרגן, אַז אין די פאַבריקן וואו עס ווערן צוגעגרייט כשרע פלייש־שפּייזן זאָל אַ משגיח אַכטונג געבן אויף דעם כשרן, צוגרייטן און פאַרפּאַרטיקן פון אַט די שפּייזן.

אַט דאָס אַלץ וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט, און וואָס איז זיכער פון גרויסן אינטערעס פאַר טויזנטער אידן, וואָלט נישט געוואָרן קיין פאַקט ווען נישט די יוניאָן. דער שלוס דערפון איז — דאָס די יוניאָן האָט נישט נאָר געהאָלפן הויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון אַ גרופּע לוין־אָנגעשטעלטע, נאָר אויך געשאַפן אַן ערלעכע און ווירדיקע באַציאונג צום ענין כשרות און צו פאַרזיכערן אידן, אַז זיי ווערן נישט אָפּגענאַרט דורך פאַלשע איינדרוקן, נאָר דאָרטן וואו עס אַרבעט אַ יוניאָן משגיח איז פאַרזיכערט כשרות לויט אַלע דינים.

חשובער פריינט לעיבאָר עדיטאָר, איך בין זיכער, אַז אייערע לעזער וועלן זיין פאַראינטערעסירט אין באַקענען זיך מיט די אַלע איינצלהייטן וואָס איך האָב דאָ איבערגעגעבן. אונזער יוניאָן באַשטייט טאַקע פון פרומע אידן און זיכער איז דאָס אַ טשיקאַווער עלעמענט וואָס שייך דעם

באַגריף פון דעם וואָס יוניאָן לייט דאַרפן זיין לויט זייער אויסזען און לויט זייער אַרבעט. אָבער זיי זיינען גראָדע גוטע און גאָר טיף־באַוואוסטזיניקע יוניאָן לייט. זיי וויסן טאַקע גאָר גענוי וואָס די יוניאָן האָט געטאָן פאַר זיי. אַחוץ דעם זיינען מיר אויך שטאָלץ נישט נאָר וואָס מיר זיינען אַ טייל פון דער ריזיקער אידישער אַרבעטער באַוועגונג, נאָר דאָס וואָס מיר האָבן געשאַפן אַ סך פריינט און איבערגעגעבענע מיט־העלפער. אין שבת נעם איך זיך דאָס רעכט צו דערמאָנען צוויי אַרבעטער פירער — לואיס בלאַק, פירער פון בוטשער לאָקאַל 640, און דער סעק־רעטאַר־טרעזשורער פון זעלבן לאָקאַל, העראָלד ליפעל. אַ דאַנק זיי איז די יוניאָן געוואַקסן און געקראָגן איר אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשפּאַר.

אין שלום איז נויטיק אָנצומערקן: טראָץ דעם וואָס אונזער אַקטי־וויטעט און אויפטואונג איז גאָר ווייניק פּובליקירט אין דער אידישער פּרעסע, זיינען מיר אָבער, אָן איבערטרייבונג, פון די גאָר ווייניק אי־דישע יוניאָנס וואָס קומען אַזוי אָפט אין באַרירונג מיט גרויסע מאַסן אידן און וועמעס אַרבעט איז אַזוי טיף פאַרבונדן מיט אידישן לעבן און אידישע באַגריפן און טראַדיציעס.

הרב חיים יהודה האָראָוויץ,

מענעדזשער משגיחים לאָק. 621 אַפּיליאירט מיט דער א. פ. אָוו ל. און די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן".

***

ב.

בעת איך האָב געלייענט דעם בריוו, האָט ער מיך אינטערעסירט אַלס „שטימע פון פאָלק", נאָר ווען איך בין געקומען צו דער סאַמע אונ־טערשריפט, וואָס טראָגט די דורות־לאַנגע אויטאָריטעט פון רבנות פּלוס דעם רעאַל־פּאָליטישן ווערט וואָס דער נאָמען „מענעדזשער" טראָגט מיט זיך אין דער איצטיקער עפּאָכע פון אונזער פּיאָנערן־ישוב דאָ אין לאַנד, האָט מיך סיי די טשיקאַווע יוניאָן און סיי איר פירער געוואונען אינטערי־גירן, און האָב געוואונען וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך אינ־טימער סיי מיט דער יוניאָן און סיי מיט דער פירערשאַפט.

דערווייל האָב איך גענומען האַלטן אַן אויג אויף דער אַרבעטער־זייט פון די ניו יאָרקער אידישע צייטונגען, צו געפינען מער ידיעות וועגן דער נייער אָרגאַניזאַציע, און אַזוי בלעטערנדיק די פּרעסע, האָב איך זיך, עטלעכע טעג שפּעטער, אָנגעגענט אָן אַן אַרטיקל פון דוד איידעלס־בערג—„ווי האַלט עס דאָ מיט כשרות". דעם שרייבער פאָלג איך נאָך פאַר

אַ ריי יאָרן, און כ׳בין צופרידן, וואָס ער איז פון די געציילטע מזלדיקע וואָס ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו פּרנסה און צום שרייבערשן אויסדרוק אין „טאָג״, נאָכן אונטערגאַנג פון „מאָרגען זשורנאַל״, וואו איידעלסבערג איז געווען — אַזוי צו זאָגן — אַ „סטאַר״.

אין זיין אַרטיקל אין „טאָג״ (פרייטאָג, 26טער פעברואַר, 1954) באַהאַנדלט ער די ווייט־ביט־פאַרענטפערטע פראַגע פון כשרות אין ניו יאָרק. היות מר. איידעלסבערג באַשעפטיקט זיך אַ לעבן־לאַנג מיטן ענין כשרות, ווי איינער פון די עקרים פון רעליגיעז־טראַדיציאָנעלן אידנטום, איז כדאי, צוליב אונזער איצטיקן ענין, אים טיילווייז כּאַטש אויסהערן. שרייבט דוד איידעלסבערג צווישן אַנדערעס:

„אין דעם מאָמענט רעדט זיך וועגן דעם ענין כ ש ר ו ת אין אָט דעם גרעסטן אידישן ישוב אין דער וועלט — די שטאָט ניו יאָרק מיט אירע וועלכע צוויי און אַ האַלב מיליאָן נפשות, כ״י.

„און דער חשבון איז אַ פּיינלעכער, אָבער גאַנץ איינפאַכער: פון צוויי און אַ האַלב מיליאָן אידישע נפשות זיינען נאָך געבליבן, זאָגט מען, עטלעכע הונדערט טויזנט אידן, וואָס ווילן האָבן כשרות און זיינען גרייט צו באַצאָלן דערפאַר, אָפט אַ היפּש־איבערגעפּעפּערטן פּרייז. עס זיינען, הייסט עס, דאָ אַזויפיל און אַזויפיל אידן, וואָס באַשטייען אויף כשר־פלייש, וואָס עסן נאָר אין כשרע רעסטאָראַנען, וואָס קומען צו כשרע באַנקעטן, אָדער זיי נעמען אָן אַז זיי זיינען כשר, און וואָס ווילן האָבן אויסשליסלעך כשרע קעיטערערס פאַר אַלע מיני שמחות און עפנטלעכע מאָלצייטן.

„אפשר זיינען אָט די אידן, לגבי דעם גרעסערן טייל פון נישט־כשר־עסנדיקע, אין דער מינאָריטעט — אָבער זיי באַצאָלן פאַר כשרות, און זיי באַצאָלן דערפאַר ווייל זייער געוויסן דיקטירט עס.

„איז דאָ, ווי איר זעט, פאַרוויקלט, אַ חוץ דער פראַגע פון רעליגיעזן געוויסן, אויך אַ ריין־מענטשלעכע אָדער ריין־געזעלשאַפטלעכע פראַגע. אין פשוטע ווערטער: זאָלן די כשרות אינטערעסן פון אָט די אידן אָפּ־געהיט און באַשיצט ווערן, אָדער זאָלן זיי באַצאָלן פאַר כשרות און עסן טרפות? זאָלן זיי באַקומען די סחורה, פאַר וועלכער זיי באַצאָלן, אָדער זאָלן זיי אָפּגענאַרט און באַשווינדלט ווערן אין זייער געלט, און וואָס נאָך פיל, פיל געמיינער — אין זייער געוויסן?

„דאַכט זיך, אַז דער ענטפער איז באַלד אין דער פראַגע. די כשרות אינטערעסן פון אַזעלכע אידן מוזן שטרענג אָפּגעהיט ווערן, און מ׳מוז זען, אַז זיי זאָלן אויף דעם דאָזיקן מאַרקעט באַקומען וואָס זיי מיינען צו קויפן.

„אין פלוג, פשוטער אלף־בית. אָבער ווי אַזוי דערגרייכט מען דאָס? דורך וועלכן כּוח קענען אַזעלכע אידן באַשיצט ווערן? מאָראַלישער

אַפּיל העלפט אַביסל, די רופן פון רעליגיעזער פירערשאַפט צום אידישן געוויסן איבן־אויס אַ געוויסע ווירקונג — אָבער צו אַ גאַנץ היפשן טייל פון די סוחרים פון כשרער סחורה דערגרייכן זיי נישט, ווייל זייערע געוויסנס זיינען אַטראָפירט, און זיי צו באַוועגן דאַרף מען האָבן חוזק־יד, תקיפות. נישטאָ אַפּנים קיין אַנדערער וועג צו דערגרייכן זייער געוויסן, ווי דורך זייערע קעשענעס. ווי אַזוי־זשע מאַכט מען דאָס, און דורך וועמען? ווער באַזיצט אַזאַ גבורה?..

***

„איז מיר די טעג אויסגעקומען צו האָבן אַ לענגערן שמועס מיט אַ טיכטיקן רעליגיעזן עסקן, אויף וועמעס איניציאַטיווע עס איז מיט 14 יאָר צוריק עטאַבלירט געוואָרן אין דער שטאַט ניו יאָרק דער כוח און די מאַכט צו פּאַרטיידיקן און באַשיצן די כשרות אינטערעסן פון אידן וואָס באַשטייען אויף כשרות. כ'האָב זיך נעמלעך צונויפגערעדט מיט הרב חיים יהודה האָראָוויץ, גרינדער און הויפּט־אָנפירער פון דער אגודת המשגיחים, לאָקאַל 621, און פון אים געהערט אַ סך זאַכן, וואָס כ'האָב פריער נישט געוואוסט. פון אָט דעם ענערגישן כשרות־אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער איז געווידמעט מיט מסירת נפש ממש צו דער דאָזיקער עובדה, האָב איך דערפאַרן, אַז כשרות האָט דאָ דערזאָבערט באַדייטנדיקע גע־ווינסן דורך... טרייד יוניאָניזם!

„ווי אַ רב — קענט איר זיך משער זיין — איז הרב האָראָוויץ נישט קיין טרייד־יוניאָניסט „מלידה ומבטן”, און אַזוי זיינען דאָס אויך נישט, בין איך משער, די משגיחים זיינע, וואָס באַשטייען מערסטנס פון רבנים לומדים און יראים ושלמים. אָבער אויף וויפיל טרייד־יוניאָניזם קען אויסקעמפן די רעכט און דעם שוץ פון כשרות — האָט איר נאָך קיין מער פייערדיקע טרייד־יוניאָניסטן ניט באַגעגנט... און ווען איר הערט זיך צו צו הרב האָראָוויצס געשיכטע, זייט איר געניגט צוצוגעבן, אַז אויב דאָס איז דער וועג — קענטיק, דערוויל דער איינציקער וועג — צו באַשיצן איינע פון די גרעסטע הייליקייטן אין אידישן לעבן, זאָל טרייד יוניאָניזם זיין געבענטשט!...

„מ'קען נישט זאָגן אַז דער פירער פון דער משגיחים יוניאָן איז שוין דורכאויס צופרידן מיט אירע ביז איצטיקע דערגרייכונגען. ניין, ער גיט אַליין צו, אַז אַ גאַנצע רייע פאַזן פון דעם כשרות־געביט זיינען נאָך אַלץ אין אַ מצב פון הפקרות, אַז עס זיינען נאָך געבליבן האַרטנעקיקע פּראָבלעמען אין וועלכע עס איז נאָך אפילו נישט באַרירט געוואָרן דער אויבערפלאַך. אָבער עס איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן און עס איז געשאַפן געוואָרן דער כוח פאַר ווייטערער דערפאָלגרייכער אַרבעט און פיל גרעסערע דערגרייכונגען.

„ביז מיט פערצן יאָר צוריק—דערציילט מיר הרב האָראָוויץ—האָבן כשר־קעיטערערס געטריבן משגיחים פון די פלעצער, און אויב זיי האָבן זיי געהאַלטן, האָבן זיי זיי געצוואונגען צו שאָבן פּאָטייטאָס און זיי פאַר דעם געצאָלט צוויי דאָלאַר אַ נאַכט... אַכטונג געבן אויף כשרות האָבן די משגיחים נישט געקענט, מ׳האָט זיי נישט געלאָזט, מ׳האָט זיי אָפּגע־זאָגט די „גליקלעכע״ פרנסה, אויב זיי האָבן געוואָגט. איצט זיינען אין די כשרע קעיטערינג פלעצער דאָ באַשטענדיקע משגיחים מיט אַ רב מובהק בראש אין יעדן פּלאַץ, וואָס די יוניאָן קאָנטראָלירט. אַלץ וואָס ווערט אַריינגעבראַכט אין אַזאַ פּלאַץ מוז האָבן די גוטהייסונג פון דעם משגיח און דעם רב המכשיר. דאָס איז זייער שווער אָנגעקומען, אָבער דער יוניאָן־כוח האָט דורכגעבראָכן יעדן ווידערשטאַנד. דעם משגיחס פּאָזיציע איז געזיכערט. דער קעיטערער קען אים נישט אָוועקשיקן פאַר זיין צו־שטרייַנג אין די דינים פון כשרות. „מיר זוכן גאָרנישט אַז דער משגיח זאָל זיין באַליבט ביים באַלעבאָס״, האָט הרב האָראָוויץ באַטאָנט, „זיין איינציקע פליכט איז אָפּצוהיטן די כשרות פון דעם פּלאַץ ביזן קלענסטן דעטאַל; און דער משגיח האָט זיך גאָרנישט וואָס צו ערגערן פון דעם, וואָס עס געפעלט נישט דעם אייגנטימער אָדער וואָס יענער וואָלט אים וועלן משלח זיין. דער באַלעבאָס קען דאָס נישט טאָן — נאָר מיר, די אגודת המשגיחים, אַנטשיידט צי דער משגיח איז פּאַסיק אָדער נישט, און צי ער זאָל דאָרט בלייבן אָדער נישט״.

„די מערסטע סטאַביליזירטע כשר קעיטערערס באַלאַנגען איצט צו דער אגודת המשגיחים. זיי קענען נישט „קעיטערן״ אין קיין האָטעל סיידן זיי האָבן אַ יוניאָן משגיח. און עס איז דאָרט דאָ אַ סך צו היטן און אַכטונג צו געבן: כשרן די כלים, די אויוונס, די סינקס, און אָפּהיטן די מאכלים און זייער צוגרייטונג.

„און דאָך איז נאָך דאָ אַ סך צום באַגערן אויף דעם דאָזיקן געביט. דער קאַמף איז נאָך אַ שווערער מיט יענע קעיטערערס וואָס „קעיטערן״ פון זייערע אייגענע הייזער, ווען מעס כשרות איז צווייפלהאַפט. צו געוויסע רעפאָרם טעמפּלען, למשל, האָבן אַזעלכע מיני קעיטערערס אַ גרינגן צוטריט, אָבער אַנדערע רעפאָרם טעמפּלען האָבן זיך פאַרשטענ־דיקט מיט דער משגיחים יוניאָן און זיי לאָזן נישט אַריין קיין טרפה קעיטערערס און זיי היטן זיך פון נוצן זייערע כלים. אָבער די קעיטע־רערס פון אייגענע הייזער איז שווער צו קאָנטראָלירן, באַזונדערס אין די ערטער, וואָס אַדווערטייזן כשר און ניט כשר. אין פיל פאַלן, אָבער, האָט זיך דער יוניאָן איינגעגעבן דאָס אָפּצושטעלן, און פאַר כשרע „פּאַר־טיס״ ווערט געברויכט אַ כשרער קעיטערער מיט פולסטער השגחה. די יוניאָן מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען דורכצופירן דעם איסור, וואָס

די אגודת הרבנים האָט אַרויסגעגעבן מיט יאָרן צוריק קעגן כשר און טרייף אונטער איין דאַך.

⁂

„און די השגחה איבער פלייש. די דאָזיקע סחורה ווערט, ווי באַקאַנט, טראַנספּאָרטירט אַהער פון דער וועסט. אַן דעם, וואָלט די אידישע ניו יאָרק געליטן פון אַ כשר־פלייש הונגער. איז אָט די טראַנספּאָרטאַציע אַראַנזשירט געוואָרן פון רבנים, וועלכע זיינען אַרומגעפאָרן איבער די שלאַכטהייזער פון לאַנד, אָרגאַניזירט רבנים מכשירים, שוחטים און משגיחים און אונטערזוכט די גאַנצע אָפּעראַציע פון די שלאַכטהייזער.

„דאָס פלייש וואָס ווערט טראַנספּאָרטירט אַהער קיין ניו יאָרק ווערט צו די דריי טעג אָפּגעגאָסן דורך רבנים מובהקים, אָדער זיי שטייען דערביי ווי משגיחים טוען דאָס. די אגודת המשגיחים האָט אַראַנזשירט מיט דער ניו יאָרקער סענטראַל רעיל־ראָוד, אַז אויף יעדן פּונקט וואו אַ באַן שטעלט זיך אָפּ, זאָלן זיין איינגעשטעלט גרויסע „פּאַיפּס" אָפּ־צוגיסן דאָס פלייש כדין. עס טרעפט אַ סך מאָל, אַז וואַגאָנען מיט פלייש ווערן טרייף ווייל די „הדחה" (דאָס אָפּשווענקען) איז נישט געמאַכט גע־וואָרן אין צייט. אין אַזעלכע פאַלן רייסט דער משגיח אַרונטער די השגחה „טעגס". דאָס האָט ניט געקענט געטאָן ווערן אַזוי לאַנג ווי דער משגיח האָט נישט געהאַט קיין יוניאָן־כוח הינטער זיך.

„מיט יאָרן צוריק פלעגט אַ משגיח קומען „באַזוכן" די האָלסעיל פלייש פלעצער, און אויב מ'האָט געדאַרפט האָבן „הדחה" האָט ער דאָס געטאָן און איז זיך אַוועקגעגאַנגען. איצט שטייט דער משגיח אין דעם פּלאַץ פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דאָס פלייש ווערט פאַרקויפט. ער שטעמפּלט דאָס פלייש, הענגט אָן „טענס" מיט דעם דאַטום פון דער אָפּעַ־ראַציע, און ווען דאָס פלייש ווערט געשיקט צום בוטשער אָדער קעיטע־רער, ווערט עס באַגלייט מיט אַ בריוו פון דעם באַטרעפנדיקן משגיח. די פלעצער מוזן זיך געפינען אונטער באַשטענדיקער השגחה (השגחה תמידית) פון רבנים מובהקים. און אויף אַזאַ השגחה באַשטייט די יוניאָן אויף דער גאַנצער ליניע פון אירע אַקטיוויטעטן.

„הרב האָראָוויץ ווייזט אָן, אַז מיט דריי יאָר צוריק, איידער די משגיחים יוניאָן האָט געשלאָסן אַ קאָנטראַקט מיט דער ניו יאָרק „מיעט קאָונסיל אַססן" פון גרויסע פלייש האָלסעילערס, זיינען אין וועסט וואַ־שינגטאָן מאַרקעט געווען בלויז צוויי משגיחים. איצט שטייען דאָרט צען משגיחים; אין וועסטשעסטער מאַרקעט אין די בראָנקס איז געווען 1 משגיח, איצט 7; אין פאָרט גרין, ברוקלין, איז נישט געווען קיין איינ־ציקער משגיח — איצט 5.



„כ׳בין געווען באַזונדערס נייגעריק צו וויסן: פון וואַנען נעמט זיך די מאַכט און תקיפות — בלויז פון דער משגיחים יוניאָן? אָ, ניין, איז געווען דער ענטפער. מיר האָבן די שטיצע פון אַנדערע טרייד יוניאָנס — די וועיטערס יוניאָנס, די מוזיקער יוניאָן, די האָטעל אַרבעטער יוניאָנס, די בוטשער יוניאָנס, כשרע און ניט־כשרע, די טימסטערס יוניאָן פון די, וואָס דעליווערן די שפייז. אַלע קאָאָפּערירן מיט דער משגיחים יוניאָן און זיי וועלן נישט אַריבערגיין איר פּיקעט־לאַין. מיר זוכן, פאַרשטייט זיך, — האָט הרב הוראָוויץ באַטאָנט, — שטענדיק אויסצואווירקן מיט גוטן אונזערע פאָדערונגען פאַר כשרות־השגחה, און נוצן אַלע לעגאַלע מיטלען וואָס זיינען דערלויבט אַ יוניאָן. אָבער אויב עס געלינגט נישט מיט גוטן, שטעלן מיר אַוועק אַ פּיקעט־לאַין מיט פּלאַקאַטן, וואָס אַפּעלירן צום אידישן עולם צו סימפּאַטיזירן מיט אונזערע רעכט — די רעכט פון כשרות און די רעכט פון אַרבעטער...

„אָבער ניט אין אַלע כשר־־פּלעצער — האָט מיר הרב הוראָוויץ געזאָגט, — באַנוצט זיך די משגיחים יוניאָן מיט אָט דעם כוח. צו די כשרע רעסטאָראַנען, למשל, וואָס זיינען מחלל שבת אין דעם האַרץ פון ניו יאָרק, קאָכנדיק די מאכלים און טוענדיק אַלע אַנדערע מלאכות אום שבת — רירט זיך די יוניאָן ניט צו, פּשוט דערפאַר, וואָס מ׳קען די פּלעצער ניט קאָנטראָלירן, מחמת אפילו אונטערן כשרות געזעץ איז חילול שבת נישט פאַרבאָטן. מוז די יוניאָן אויסמיידן געריכט פּראָצעסן. דאָס זעלבע, בנוגע כשר דעליקאַטעסן סטאָרס מחללי שבת.

„אויף אָט דעם געביט, ווי אין דער פראַגע פון טרייפע באַנקעטן, מוז נאָך ערשט באַאַרבעט ווערן דער באָדן פון דער אידישער עפנטלעכער מיינונג, און דער אידישער עולם מוז זיך נעמען באַציען ערנסטער צום גאַנצן ענין. ער מוז באַשטיין אויף השגחה תמידית אויף אַלע „סוירוויסעס” און פּראָדוקטן, וואָס גיבן זיך אָן פאַר כשר, און דאָרט וואו עס איז נישטאָ אַזאַ באַשטענדיקע השגחה, מוז דער דאָזיקער פאַקט אָנגעגעבן ווערן אויף די פּראָדוקטן אָדער סוירוויסעס, אויב מ׳זאָל זיך אויסהיטן פון מכשיל זיין את הרבים”.

ג.

נאָך דער „איידעלסבערג־סטאָרי” בין איך שוין פולשטענדיק גרייט געווען צו באַקענען זיך נענטער מיט דעם „ענערגישן כשרות־אָרגאַניזאַטאָר”, און האָב נאָך באותו יום — אין דעם זעלביקן פרייטיק — טעלעפאָנירט אין דער יוניאָן און האָב זיך פאַרשטענדיקט צו טרעפן זיך מיט רבי הוראָוויץ אויף קומענדיקן מאָנטיק הבע״ל, דערמאָנענדיק אים פון אונזער ערשטער טרעפעניש, מיט אַן ערך 10—9 יאָר צוריק.

די עכטע וואַרעמקייט, מיט וועלכער רבי האָראָוויץ האָט מיך אויפ־גענומען, האָט גלייך אַוועקגענומען פון מיר די אָפיציעלע וואַנט, און איך האָב זיך גענומען, מעשה היימישער, טאַקע אַרומקוקן אויף די ווענט, וועלכע זיינען געווען אויסגעקלעפט מיט פלאַמענדיקע פלאַקאַטן, ווי איך וואָלט זיך געפונען ניט ביי אַן אָרגאַניזאַציע פון רבנים, חרדים און תלמידי־חכמים, נאָר אין דער הויפט־ביוראָ וועלכע פירט אַן מיט אַ גענעראַל סטרייק. צענדליקער פלאַקאַטן פאַרפולן די ווענט, און עס וואָלט כדאי געווען, למען געשיכטע, צו געבן כאָטש איין מוסטער אַזאַ:

---

ב"ה

**כשרות בולעטין פון — דער אגודת המשגיחים**

---

**וויינען און שאַמפּיין**

אין פילע כשרע קעיטערינג פּלעצער קומען ליידער אַריין וויינען און שאַמפּיינען פון צווייפעלהאַפטער כשרות. אין אַ סך פאַלן פאַרענט־פערן זיך די קעיטערערס, אַז די בעלי שמחה אַליין ברייננגען אַריין די ניט־כשרע געטראַנקען.

מיר זיינען מזהיר דאָ אַלע קעיטערערס ניט אַריינצולאָזן אויף קיין שום פאַל נאָר אַזעלכע וויינען און שאַמפּיינען, וואָס זיינען מוחזקים בכשרות און זיינען אונטער דער השגחה פון רבנים מובהקים.

אַלע משגיחים ווערן אויפגעפאָדערט צו שטיין שטרענג אויף דער וואַך און פאַרהיטן פון מכשולים.

**וועגן קעיק און ברויט**

מיר וואָרנען שטרענג און זיינען מזהיר אַלע משגיחים אַכטונג צו געבן אויף די ברויטן און קעיקס וואָס ווערן אַריינגענומען אין כשרע קעי־טערינג פּלעצער. פילע געבעקסן אַנטהאַלטן אין זיך פאַרשיידענע ניט־כשרע אַרטיקלען. — קויפט בלויז אַזעלכע געבעקס וואָס איז אונטער דער השגחה פון אַ רב מובהק.

**געזעלשאַפטלעכע דינערס און באַנקעטן**

איידער איר קויפט אַ טיקעט צו אַ געזעלשאַפטלעכן דינער אָדער באַנ־קעט, אָדער איר מאַכט אַ חתונה, צי אַ בר מצוה, מאַכט זיכער אַז דער פּלאַץ איז אונטער דער אויפזיכט פון אַ רב מובהק און די השגחה תמידית פון אַ חבר פון דער אגודת המשגיחים.

העלפט אונז פאַרשטאַרקן אַזאַ יסוד היהדות ווי כשרות!

**אגודת המשגיחים דניו־יאָרק רבתי**

הרב ברוך כ"ץ, פּרעז. הרב ל. סטיינבערגער, וויס־פּרעז.

הרב חיים יהודה האָראָוויץ, גענ.־סעק. און מענעדזשער

## ד.

איך געפין שנעל אויס, אַז די משגיחים־יוניאַן האָט ניט מער ווי אַן ערך פון אַ 350 חברים, און די קליינע צאָל שטימט ווייט ניט מיט דעם גרויסן איינפלוס וואָס זי איבט אויס אין ניו יאָרק און מחוץ פון ניו יאָרק אויף דעם זייער דעליקאַטן געביט פון כשרות. און פונקט ווי די יוניאָן איז פול מיט קאַמף־גייסט, אַזוי איז איר גרינדער און פירער די סאַמע פערזאָניפיקאַציע פון דינאַמיק. אין די געציילטע מינוטן וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט דעם רבנישן טיפּ יוניאַן־פירער, האָט זיין אַפּיס ממש געברענט מיט טעטיקייט. ער האָט גערעדט בנשימה אחת אויף פיר טעלעפאָנען. אָט רעדט ער מיט שיקאַגאָ, און תוך כדי דיבור בעט ער אַנטשולדיקונג „ביי שיקאַגאָ", ווייל ער מוז גלייך פאַרענטפערן אַ נייעם סאָרט שאלות ותשובות פון וויסקאָנסין, און שוין איז ער אין האַרץ פון געשפּרעך מיט ראָטשעסטער און — מיט אַ רגע שפּעטער — מיט לאָנג ביטש, און — פאַר יעדן האָט ער דעם טרעפלעכן וואָרט, און שטענדיק טרעפט ער אַריין אין פּינטל. איך קוק אויף דעם „ספּראַנדזשינג"־מעסיקן מין מענטש, און טראַכט זיך: אויב דאָס אידישע פאָלק איז אַן עמא פזיזא — איז רבי האַראָוויץ איר אויסגעטרוימטער פאַרשטייער.

איך האָב געזען אַז דער מענטש ווערט ממש צעפּיצלט, בין איך גלייך צוגעקומען מיט מיינע עטלעכע פראַגן. איך האָב אָנגעהויבן:

— וואָס האָט איך, רבי האַראָוויץ, אינספּירירט צו אַריינוואַרפן זיך מיט אַזאַ פייער אין אַזאַ באַרג־אַרויפיקער אַרבעט?

דער קוועקזילבערדיקער רב האָט גענומען ריידן אין אַ בליצן־און־דונערן שפּראַך:

— איך וויל איך, קודם כל, זאָגן, ר׳ יצחק ליבמאַן, אַז די יוניאָן וואָס איך האָב דעם כבוד צו זיין איר פאַרשטייער, איז ניט קיין גרויסע. די ראָלע אירע איז אָבער ווייט וויכטיקער ווי איר צאָל.

כדי בעסער צו פאַרשטיין דעם גאַנצן ענין איז נויטיק איבערצוגעבן ווי ס׳איז געווען די לאַגע פון משגיח איידער ס׳איז אויפגעקומען די יוניאָן. אָן דער שוץ פון אַ יוניאָן, און אָן דער קאָלעקטיווער אחריות וואָס אַ יוניאָן שאַפט, איז דער משגיח געווען הפקר. דאָס זאָג איך ניט בלשון מליצה, נאָר בפּועל ממש איז ער געווען הפקר. פריער פון אַלץ האָט ער זיך אַליין געדאַרפט פאַרזאָרגן מיט דער שטעלע. ווען ער האָט זי שוין באַקומען, האָט ער געמוזט אָננעמען די באַדינגונגען וואָס דער באַלעבאָס האָט פאַר אים באַשטימט. ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס אַ צאָל האָבן זיך אונטערגעגעבן צו די אינטערעסן פון זייערע באַלעבאַטים און האָבן פאַרקוקט די השגחה. די וואָס זיינען געווען אָפּגעהיטער, געוואַגטער און איינגעשפּאַרטער, זיינען שטענדיק אויסגעשטעלט געוואָרן צו ברויטלאָ־

זיקייט. די גרופע האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די אמתע מאַרטירער אין קאַמף פאַר ריכטיקער השגחה און כשרות.

דאָס איז שייך דער גייסטיקער זייט פון דער לאַגע. די מאַטעריעלע איז, קען מען פאַרשטיין, ניט געווען קיין גאָר גוטע. די קייטערער און אַנדערע אונטערנעמער וועלכע האָבן געהאַט צו טאָן מיט באַזאָרגן כשרע פּראָדוקטן אָדער אונטערנעמונגען, וויסנדיק אַז דער משגיח האָט ניט קיין שוץ, האָבן אויסגענוצט די לאַגע צו האַלטן דעם משגיח אין טעראָר מורא. זיי האָבן אים געצוואונגען צו אַרבעטן לאַנגע שטונדן און פאַר אַ לוין וואָס זיי אַליין האָבן געפילט אַז עס איז, לויט זיי, יושרדיק. אַזאַ צו־שטאַנד האָט געשאַפן אונטערטעניקייט און האָט פון משגיח צוגענומען זיין חשיבות וואָס איז פונדאַמענטאַל, ניט נאָר פאַר יעדן מענטשן, נאָר אויס־שליסלעך פאַר אַזאַ אויפגאַבע ווי דער משגיח דאַרף דורכפירן.

די יוניאָן האָט פריער פון אַלץ אויסגעקעמפט פאַרן משגיח די גע־געלעגנהייט צו זיין פאַרזאָרגט מאַטעריעל; צווייטנס, האָט זי אויסגע־קעמפט פאַר אים די נויטיקע באַציאונג מצד דעם אונטערנעמער. דאָס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט דעם משגיח באַפרייט צו ווערן פון דער מורא און דער אומזיכערקייט מיט זיין שטעלע, און דורך דער שוץ וואָס די יו־ניאָן האָט אים געגעבן, קען ער אין פולע הונדערט פּראָצענט אויספירן די שליחות פון זען אַז אַלץ זאָל אָפּגעהיט ווערן כדין.

פון אָט־די אָנווייזונגען ווערט קלאָר, אַז די יוניאָן פון משגיחים האָט ניט נאָר דערגרייכט די אויפגאַבע פון פאַרזיכערן מענטשן מיט זייערע עקאָנאָמישע באַדערפענישן, נאָר דינט אויך ווי דער אינסטרומענט וואָס האָט געהאָלפן פאַרפעסטיקן די אָפּגעהיטקייט פון כשרות. אַזוי, אַז ווען אַ אידישע משפחה מאַכט חתונה קינדער, קען זי זיכער זיין, אַז אין קיי־טערערס פלאַץ וועט אַלץ דורכגעפירט ווערן לויט אַלע כשרות דינים, אויב דער משגיח איז אָנגעהערט צו דער יוניאָן. אַזוי איז וועגן בר־מצוות און וועגן אַנדערע שמחות, וואָס אידישע פאַמיליעס און אָרגאַניזאַציעס אָרדענען איין.

— באַגרעניצט איר זיך נאָר מיט רעסטאָראַנען, צי איר זוכט אויס־צוברייטערן אייער ספערע פון טעטיקייט און איינפלוס?

— אונזער קאַמף פאַר כשרות באַגרענעצט זיך ניט נאָר אויף קיי־טערינג־פלעצער. מיר, ווי פרומע און גאָטספאַרכטיקע אידן, פילן אַז אונזער אויפגאַבע דאַרף זיין צו זען אַז אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט כשרות זאָל דורכגעפירט ווערן כדין וכדת. די יוניאָן פון די משגיחים פאַר־נעמט זיך אויסצופירן, אַז פלייש וואָס קומט אָן פון דער וועסט, זאָל ווי געהעריק באַזאָרגט ווערן מיט אַלע נויטיקע באַדינגונגען וואָס דער דין פאָדערט.

ס׳וועט זיין, פאַר אייך, מר. ליבמאַן, ביז גאָר אינטערעסאַנט צו אי־בערגעבן די אַרבעט וואָס די יוניאָן פירט איצט אויס.

ווי דערמאָנט שוין, קומט אָן קיין ניו־יאָרק פון דער וועסט פלייש אין הונדערטער טויזנטער פונט אַ וואָך. לויטן דין דאַרף מען אָפּגיסן פלייש אַלע 72 שטונדן. די משגיחים יוניאָן גיט אַכטונג אויפן פלייש וואָס קומט אָן קיין ניו־יאָרק. מיר האָבן משגיחים אין אַלע האָלסייל־פּלע־צער, דאָס איז ביי די דילערס וואָס פאַרקויפן דירעקט צום ריטייל־בו־טשער. אָבער וואָס איז אויפן וועג? די צייט וואָס נעמט איידער דאָס פלייש דערגרייכט ניו־יאָרק איז מערער ווי די נויטיקע 72 שטונדן: עס נעמט מערער ווי דריי טעג פאַר פלייש צו אָנקומען פון די ווייטע וועסט געגנטן. כדי אַלץ זאָל דורכגעפירט ווערן לויטן אידישן דין, ווערט פלייש אָפּגעגאָסן אין באָפאַלאָ אָדער שיקאַגאָ, סיראַקיוז אָדער קליוולאַנד. אויף דעם גיט אַכטונג די משגיחים יוניאָן. די יוניאָן שטייט אויף דער וואַך און מאַכט זיכער אַז אַלע פליישן וואָס קומען שוין אָן אין ניו־יאָרק זאָלן זיין כשר כדין וכדת. די יוניאָן שיקט אויך משגיחים צו די שלאַכט־היי־זער אין דער וועסט צו זען אַכטונג צו געבן אויף דער כשרות.

צו פאַרפולקאָמענען די אויפגאַבע האָט די יוניאָן צוגעצויגן באַ־וואוסטע רבנים, חברים פון דער אגודת הרבנים כדי זיי זאָלן צוזען ווי די שחיטה גייט צו און אויך ווי פלייש ווערט אָפּגעגאָסן אויפן וועג.

אגב אורחא, איז ווערט צו דערמאָנען, אַז מיר דאַרפן זייער דערמו־טיקן דעם אַריינפיר פון פלייש, ווייל דאָס פאַרקלענערט די פלייש־פּרייזן. ווען ס׳קומט ניט אַריין קיין פלייש פון דער וועסט וואָלט עס געווען אויסערגעוויינלעך טייער. די סיבה פאַר דעם איז, וואָס די ניו־יאָרקער שלאַכט־הייזער קענען ניט באַזאָרגן דער ניו־יאָרקער אידישער באַפעלקע־רונג, כן ירבו, מיט פלייש.

איך וויל דאָ אויך צוגעבן, אַז די משגיחים יוניאָן לאַדט איין און איז גרייט צו אָננעמען דעם ראַט און אויספאָלגן וואָס די חשובע רבנים פון דעם ועד הרבנים און פון דער אגודת הרבנים וועלן אונז געבן בנוגע כשרות. מיר זיינען שטענדיק גרייט צו קאָאָפּערירן מיט די חשובע רבנים.

כדי צו פאַרפעסטיקן די השגחה, האָט די משגיחים יוניאָן שוין אָרגאַניזירט די וואורשט־פּעקטאָריס. מיר האָבן אויך אויסגעפונען, אַז אַ גרויסע צאָל פּעקטאָריס וואו מען פּיקלט פלייש האָט אינגאַנצן ניט קיין השגחה און עס איז אויף אונזער סדר היום זיי צו אָרגאַניזירן.

אין אָרגאַניזיר־פּלאַן זיינען אויך איינגעשלאָסן אַלע קייטערינג־פּלע־צער, וועלכע באַלאַנגען צו רעוורענדס און חזנים און זיי האָבן ניט קיין משגיחים וועלכע זאָלן דאָרטן ווי געהעריק אַכטונג געבן. אויך וועט מען אין גיכן הערן פון אונז וועגן דעם ענין כשרע עופות.

עס איז נויטיק דאָ צו דערמאָנען, אַז פאַרן משך פון דער קורצער

צייט וואָס די יוניאָן עקזיסטירט, זיינען שוין די משגיחים באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ וועלפעיר־פאָנד, מיט אַ טויזנט דאָלער אינשורענס פּאָליסיס און מיט האָספּיטאַליזאַציע פאַרן משגיח און זיין גאַנצער פאַמיליע.

דאָס וואָס איז דאָ אויסגערעכנט געוואָרן, איז נאָר אַ טייל פון די דערגרייכונגען און דער ראָלע וואָס די משגיחים יוניאָן פאַרנעמט אין לעבן פון אונזער גרויסן אידישן ניו־יאָרקער קיבוץ. די אַלע זאַכן, ווי לייכט און דורכפירבאַר זיי זאָלן ניט אויסזען פאַרן דרויסנדיקן מענטשן, זיינען, אָבער, ווייט ניט אַזוי פשוט. נאָר די פריערדיקע שרעקלעך־ עקס־פּלואַטירטע און דערנידעריקטע משגיחים און אויך די אמתע פרומע אידן, פאַר וועמען כשרות איז אַ טייל פון זייער לעבן, וועלן מיט פרייד באַנעמען די גרויסע און וויכטיקע אויפטואונגען און די וויכטיקייט פון דער משגיחים יוניאָן.

מיט דער הילף פון דער גרויסער אידישער באַפעלקערונג, כן ירבו, מיט דער הילף פון די רבנים און עסקנים, פון אַזעלכע מענטשן, ווי איר, מר. ליבמאַן, און אַנדערע מוטיקע שרייבער, און אויך אַ צאָל יוניאָנס וועט אונז געלינגען, ברוך השם, צו אָרגאַניזירן אַלע פלעצער וואָס דאַרפן באַזאָרגן מיט כשרע פּראָדוקטן די אידן וואָס ווילן און דאַרפן זען אַז כשרות זאָל אָפּגעהיטן ווערן כדין וכדת.

ה.

און ווען כ'האָב זיך באַקענט, מער־ווייניקער, מיט דער אייגנאַרטיקער אָרגאַניזאַציע, מיט אירע צילן און אויפגאַבן, האָט זיך מיר שוין געוואָלט וויסן אייניקע פּרטים פון רבס אינגאל און בחור־יאָרן,—וועלכע האָבן, מסתמא, געמוזט זיין פאַר אים די צוגרייטונג־שולע פאַר זיין לעבנס־אַרבעט. און אָט זיינען עטלעכע ביאָגראַפישע שטריכן זיינע:

חיים־יודל האָראָוויץ איז געבאָרן געוואָרן דעם 15טן אָקטאָבער, 1900 אין דיוועניש״אָק, ווילנער גובערניע, ביז 9 יאָר געלערנט אין היימישע חדרים, דאַן געפאָרן אויף אַ יאָר אין איוויע, צו שעפּן תורה אין דער דאָרטיקער ישיבה, און קומענדיק צוריק אַהיים לערנט ער מיט נאָך אַ פּאָר געראָטענע אינגלעך ביים שטאָטישן רב, ר' ישראל מאָוושאָוויטש. צו 12 יאָר פאַרלאָזט ער ווידער זיין געבורט־שטעטל, און דער וואַנדערשטאָק פאַרפירט אים קיין סטוטשין, ווילנער גוב., אין דער אָרטיקער ישיבה, אונטער דער השגחה פונם מוסרניק ר' לייטשיק, וועלכער איז פריער געווען דער מנהל פון טעלזער ישיבה. דער „דיוועני״שקער עלוי״, — ווי מען האָט חיים־יודלען דעמאָלט גערופן — האָט פאַרבראַכט פולע דריי יאָר באהלי של סטוטשין, און פון דאָרטן, דורך די באַרימטע

ישיבות פון לידע און סלאָבאָדקע, האָט ער אַלץ טיפער און טיפער גע־שוואומען אין דעם ברייטן ים פון תלמוד.

צווישן איין טיפער גמראשער סוגיא און אַן אַנדערער האָט ער דער־ווייל ניט פאַרפעלט צו פאַרזוכן עטוואָס פון דער חכמתו של יפת, האָט אין דער שטיל דערוואָרבן פיל וועלטלעכע חכמה און האָט אפילו געקראָגן אַן „אַטעסטאַט זרעלאָסטי".

חיים־יודלס טאַטע — שמואל יאַנקל סאָניעס — איז געווען אַ ציגל־פאַבריקאַנט, און ווען עס האָט אים גענומען גיין מיטן פוטער אַראָפּ, איז ער, מיטן דעמאָלטיקן אימיגראַציע־שטראָם, היינגעריסן געוואָרן קיין אַמעריקע, וואו ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער, דורכמאַכנדיק שבעה מדורי גהינום. די מאַמע—פייגע־טויבע—באַרימט פאַר איר גוטסקייט און צדקה — איז דעמאָלט געבליבן מטופל מיט זעקס קינדער, און אונזער איצטיקער העלד איז דאַן אַלט געווען קוים זיבן יאָר.

אויף זיינע וואַנדערונגען אין די ישיבות, האָט דער יונגיקער חיים־יודל קיינמאָל פון אויג ניט אַרויסגעלאָזן דעם פאַרזאָרגטן פּנים פון זיין שטיל ליידנדער מאַמע. פלעגט דער עלוי אונטערקנעלן מיט די איינגע־רע קינדער פון די ישיבות און שיקן דער מאַמע יעדע אָפּגעשפּאָרטע פרוטה. אויף פסח פלעגט ער קומען אַהיים עטלעכע וואָכן פריער, און אַרבעטן אין די היימישע מצה־בעקערייען, כדי העלפן דער מאַמען „אַריינברענגען דעם פסח" און אויך קענען האָבן אַ מנין אָרעמעלייט ביי די סדרים,—אַ פאַקט וואָס איז גוט באַוואוסט צו די דיווענישאָקער לאַנדס־לייט.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווערן די ישיבות געצוואונגען מצד די דייטשן צו גירוש, און חיים־יודעלע וואַנדערט מיט מיט דער סוכת דוד הנופלת, ביז מען דערשלעפּט זיך אין 1920 קיין קיעוו.

אין די יאָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, גרינדט ער אַ „סאַמע אַבאָראָנע" — אַ זעלבסט־שוץ קעגן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע און אַנטיסעמיטישע דעניקינשע און פּעטלורישע מחנות, אין וועלכער טעטי־קייט עס אַרבעט אויך מיט חיים גרינבערג.

אין 1920, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג איז אין סאָוועטן־פאַר־באַנד געוואָרן פאַרבאָטן, ווערט חיים גרינבערג אַרעסטירט און, אַלס ציוניסטישער פירער, הענגט איבער אים די געפאַר פון דערשאָסן ווערן. וואָס טוט חיים־יודל? טוט ער זיך אָן אין אַ סאָוועטישן אָפיצערישן קאָס־טיום און צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר חברים פון די צעירי־ציון נעמט ער אַרויס חיים גרינבערגן פון דער סאָוועטישער תפיסה, און ראַטעוועט אים, אַזוי אַרום, פון אַ זיכערן טויט. און אַזוי האָט עס טאַקע חיים גרינבערג באַצייכנט — דערציילט מיר הרב האָראָוויץ — ביי זיין ערשטער באַגע־

געניש מיט אים אין די אָנהויב־צוואַנציקער יאָרן, ווען ער האָט אים דער־זען, צום ערשטן מאָל, אין אַמעריקע.

קומענדיק אין אַמעריקע, אין 1922, האָט ער שנעל אויסגעפונען אַז די רבנות איז פאַרקנעכט צו די באַלעבאַטים, האָט ער זיך גענומען צו שחיטה, און האָט קירצלעך געגרינדעט און אָרגאַניזירט די שוחטים־יוניאָן.

אַ ריי יאָרן פון אַרבעט, פון באַאָבאַכטונג, פון פאָרשן און לערנען דעם געזעלשאַפטלעכן היגן אידישן לעבן — און ער האָט דערפילט אין זיך די גרייטקייט פון נעמען אויף זיך די הייליקע שליחות פון אַריינ־ברענגען און פאַרפעסטיקן כשרות אין די עפנטלעכע אידישע פלעצער און עטאַבלירן דעם געהעריקן דרך־ארץ צו די אויפזעער איבער כשרות — די רבנים און גדולי התורה וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין דער משגיחים־יוניאָן, וואָס איז דערוויילט, ווי געזאָגט, קליין אין צאָל, נאָר וועמעס איינפלוס אויף אונזער גרויס־שטאָטישן קהלשן יאַריד וואַקסט, קיין עין־הרע, אין געאָמעטרישע פּראָגרעסיעס.

# אַלעקס הירשענפּאַנג

## א

מ'יט יעדן טאָג וואָס רוקט זיך איצט טאָג־אין־טאָג אָוועק מיט אונז און פון אונז דערנעענטערן זיך מיר — אידן פון די פּאַראײניקטע שטאַטן — מער און מער צום דריי־הונדערט־יעריקן יובל פון אידישן ישוב אין אַמעריקע. און כאָטש דער נאַציאָנאַלער גורל האָט אונז, ליידער און לײדער, ניט באַשירעמט מיט קיין איין צענטראַלער קערפּערשאַפט וואָס זאָל, מיט רעכט און מיט אויטאָריטעט, קענען ריידן אין נאָמען פון דער גאַנצער פיל־פאַרביקער אידישער געמיינדע דאָ אין לאַנד, ווייסן מיר, אָבער, פון גרעסערע אָרגאַניזירטע שיכטן פון נאָרט־אַמעריקאַנישן אידנטום וואָס מאַכן, מער־וויניקער, ערנסטע הכנות צו אָט־דער רונדיקער און אַרויספּאָדערנדיקער קאַלענדאַרישער דאַטע. און בעת די דאָזיקע שיכטן ווען, פאַרשטייט זיך, פאַרבן זייער סך־הכל פון אָט־דעם


אַלעקס הירשענפּאַנג

אַמעריקאַנישן און וועלטישן אידישן ישוב לויט זייער אידעאָלאָגיע — ווייל לויט זייערע אינטערעסן — וואָלט די השגחה זיך דאָ געדאַרפט מרחם־זיין אויף די הונדערטער ניט־פּאַרטייאישע אידישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס און אויף די הונדערטער ניט־פּאַרטייאישע יחידים־אינסטיטוציעס און יחידים־אָרגאַניזאַציעס — אַז אויך זייערע מעשים טובים, אַז אויך זייערע לדורות־

אינספירירנדיקע אַקטן זאָל אַ ריין־געוואַשענע האַנט פאַרצייכענען אויף דער קאַנטע פון אונזער חזקה אויף קאָלאַמבוסעס מדינה.

און עס האָבן אין דעם איצטיקן אַחריותפולן ערב־יובל־יאָר זיך פרייוויליק געדאַרפט מאָביליזירן אידישע מענער און פרויען מיט אַ פען אין דער האַנט — און מיט אַ זין פאַר דער צייט און מיט אַן אויג פאַר דער געשיכטע — און מיט פלייס נעמען צייכענען די פנימער פון אָט־די יחידישע אינסטיטוציעס אין אונזער לעבן — די אידישע בויער און שאַפער פון אַמעריקע — אַז ווען די מעקאַרטיס און די מעקערענס זאָלן דערזען אָט־די בראַווע און שטראַליקע פנימער־פראַצעסיע — זאָלן זיי — אין שרעק און אין מורא — צוריקציען זייערע בלאָטיקע פויסטן, אין פאַרמעסט אויף דער האַלז פון יונג־אַמעריקע.

אונטערן צייכן פון אָט־דער אַחריות האָט מיין באַשיידענע פעדער, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אָנגעהויבן פאַרצייכענען, לויט מיינע באַגרענעצטע כוחות און צייט־מיטלען, אַ ריי פון אָט־די פיגורן. און ווען דער אויבערשטער מיר שענקען נאָך יאָרן און געזונט, וועל איך ווייטער ציען מיט דער פעדער, אין פרואוו פון אַרויסהויבן די מענטשן אין אונזער סביבה, וועלכע האָבן זיך מיט זייערע געבאָרענע באַגאַבונגען צי מיט זייערע דערוואָרבענע גיטער, ניט איינגעשלאָסן אין זייערע דלד אמות, נאָר וועמעס האַרץ איז תמיד וואַך געווען, אין אָפּרוף אויף אידישע אינטערעסן, אין צוטראָג צו צרכי הכלל.

ב

פיל, פיל און פאַרשיידנאַרטיק זיינען די צוטראָגן וואָס אונזערע ברידער און שוועסטער האָבן בייגעטראָגן צום בנין אַמעריקע. נאָר צוויי הויפּט־צוטראָגן זיינען, דאַכט מיר, כאַראַקטעריסטיש־אידיש: 1) די נאָדל, — ווי אַזוי אידן — כמעט אָן שום פאַרוואָרצלטער טראַדיציע פון מלאכה — האָבן מיטן בלויזן נאָדל און מיט בלויזע הענט אויפגעשטעלט דאָ אין לאַנד אַ מוסטערהאַפטיקע ביליאָניקע נאָדל־אינדוסטריע — און 2) ברייטהאַנטיקע צדקה. און אויף די צוויי הויפּט־געביטיקע אידישע צוטראָגן צו אַמעריקע האָט זיך אויסגעצייכנט מיין איצטיקער העלד אַלעקס הירשענפאַנג.

עס איז, אפשר, געווען אין דעם פלאַן פון דער השגחה, אַז דער טעאָרעטיקער און באַגרינדער פון הילמאַניזם — סידני הילמאַן — און דער אָנהענגער און רעאַליזירער פון אָט־דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פילאָסאָפיע — מיין איצטיקער העלד — זאָלן אָריינגעטראָגן ווערן אויף די כוואַליעס פון דער סטיכישער אידישער מאַסן־אימיגראַציע פון אָנהויב איצטיקן יאָרהונדערט אין דעם זעלבן יאָר, — אין 1907. היל־

מאַן, וועלכער איז געווען מיט זעקס יאָר עלטער פון הירשענפּאַנגן, האָט אין דעם שיקאַגער פּראָלעטאַרישן שמעלץ־אויוון — פּלוס זיין גאונישן מוח און פּלוס זיין פונדאַמענטאַלער אידיש־ליטווישער דער־ציאונג — אויסגעשמידט זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישע וועלט־אַנשויאונג,— דעם הילמאַניזם. דער הילמאַניזם איז אַ טיפּיש־אַמעריקאַנישע אידעאָ־לאָגיע. אין תוך עוואָלוציאָנער, איז זי, אָבער, געווען רעוואָלוציאָנער אין איר טאַקטיק. זי האָט געוואָגט צו צעברעכן געטשקעס. איין געטש־קע אַזאַ, אין יענע טעג, איז געווען דער „סטרייק”. האָט הילמאַן איינ־געקנעלט אין זיינע צייט־גענאָסן די פּראָלעטאַרישע גמרא, אַז „ניט דער אַרבעטער איז געשאַפן געוואָרן צו דינען דעם געטשקע סטרייק, נאָר דער סטרייק איז געשאַפן געוואָרן צוליב דעם אַרבעטער. הילמאַן האָט שוין דאַן געמוזט וויסן אַז די געשיכטע פון יוניאָנס אין אַמעריקע איז אַ געשיכטע פון סטרייקס. און אַז אין לאַנג־פאַרצויגענע און דורכ־געפאַלענע סטרייקס איז ניטאָ קיין ספּעציעלע קדושה און אַוודאי ניט קיין פּעולה פאַר דעם אַרבעטער. אויב די סטרייק־ליניע אויף דעם פּראָ־לעטאַרישן שלאַכט־פעלד איז אין געגעבענע מאָמענטן אין געפאַר פון צעשמעטערט ווערן דאַרף אָט־די ליניע ווערן עלאַסטיש, דאַרף זי זיך דאָ און דאָרט צוריקבויגן.

דער הילמאַניזם האָט אָבער, ניט נאָר געדאַרפט האָבן אָנהענגער צווישן די אַרבעטער, נאָר אויך צווישן די „גרויסע” באַלעבאַטים און די באַלעבאַטים־אַרבעטער (אָדער אַרבעטער־באַלעבאַטים), — ד. ה. די קאָנטראַקטאָרס, ווי דער פונדאַמענט־לייגנדיקער יאָר פאַר דער אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן, דער יאָר 1910, וועט עדות זאָגן. דער צושטאַנד פון דער „קלאָדינג”־אינדוסטריע יענעם יאָר איז געווען ווייט פון גלענצנד. די קאָנקורענץ צווישן די אַלץ־מערנדיקע פירמעס איז גע־ווען אַ גאָרגל־שניידנדיקע. יעדער עטוואָס דערפאָלגרייכער אַרבעטער וועלכער האָט דערצו געקענט צונויפקלאַפּן עטלעכע דאָלער, צי קריגן די מינדסטע קרעדיט, האָט געקאָנט ווערן אַ קאָנטראַקטאָר. ער פלעגט דינגען עטלעכע רומקעס, עטלעכע ניי־מאַשינקעס און די איבעריקע — האַנט־אַרבעט. אויף אַזעלכע ווילדקייטן ווי „סאַניטאַרע באַדינגונגען”, „געהעריקע ליכט”, „באַגרענעצטע אַרבעטער־שטונדן” — אויף אַזעל־כע ווילד־און־וויסטע רייד האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט. די מענער־קליידער אַרבעטער זיינען, מערסטנס, געווען אימיגראַנטן — פון פאַר־שיידענע פעלקער און ראַסן. מען האָט מערסטנס געאַרבעט שטיק־אַרבעט, און די פרייזן פון אַרבעט פונקט ווי די מאָדעס זיינען ניט געווען קיין סטאַבילע. דער ניט־אָריענטירטער אימיגראַנט איז דאָ געווען הילפלאָז לגבי די כל'ערליי מאַכינאַציעס און דריידלעך מיט

וועלכע די פּיפּיקע באַלעבאַטים זיינען תמיד גרייט געווען צו פאַרדרייען דעם אַרבעטער דעם קאָפּ.

און דאָ קומען אַריין די היסטאָרישע פאַרדינסטן פון די ווייט־זע/ \דיקע באַלעבאַטים וואָס האָבן תופס־געווען דעם ענין הילמאַניזם און אים אַריינגעטייטשט אין לעבן.

אַלעקס הירשענפאַנג, דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער אינ־דוסטריעל־באַדייטנדיקער „גרעיטער ניו־יאָרקער קלאָדינג קאָנטראַק־טאָרס אַסאָסיאיישאָן”, וועלכער איז צו 15־14 יאָר שוין געווען אַ טשער־מאַן אין אַ שאַפּ ווען הילמאַן האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע אַלס אַרבעטער (אַ קאַטער) אי אַלס רעדנער און אָרגאַניזאַטאָר, פאַרדינט כשר זיין חלק עולם הבא פאַר זיין איינער פון די ערשטע וואָס האָבן אַריינגעטייטשט דעם הילמאַניזם אין לעבן און מיט דעם אַרויסגע־שטעלט אַ טייל פון דער „אידישער אינדוסטריע”, — די מענער־קליי־דער אינדוסטריע — אַלס אַ מוסטער פון אָרדענונג און האַרמאָניע צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט אין דער איצטיקער ציוויליזאַציע, וועל־כע האָט געקראָגן איר פולסטן און העכסטן אויסדרוק אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

ג

סוף נאָוועמבער, 1952 איז אַלעקס הירשענפאַנג געוואָרן אַ בן ששים, און — עס פאַרשטייט זיך — אַז פאַרשיידענע אידישע היגע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס האָבן געזוכט די געלעגנהייט צו יום־טובן זיך מיט אים, און געבן אים עפנטלעכע אָנערקענונג, ד. ה. מפרסם זיין ברבים זיינע היפּשע גוטע מעשים. קענטיק, אַז דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד, וואו מר. הירשענפאַנג איז פון די לאַנג־יאָריקע הויפּט־פירער, איז זיין ליבלינג־אָרגאַניזאַציע, ווייל דאָ האָט ער זיך געלאָזן ברענגען אַלס קרבן — צו לאָזן זיך באַנקעטעווען — כדי דער איינקונפט פון דער סעודה זאָל פאַרפעסטיקן דעם פאַרבאַנדס סטאַ־לערריי־שולע פאַר קינדער אין כפר בתיה פון „רעננה”. אויף אַט־דעם נעמלעכן באַנקעט זיינען אויפגעטראָטן, ווי עס שיקט זיך אין באַנקעטן־לאַנד, געשולטע רעדנער; פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע קערפּער־שאַפטן, וואו דער חתן היובל איז אַן אָנגעזעענער נדבן; קאַפּיטאַנען פון דער מענער־קליידונג־אינדוסטריע ; פירער־קעפּ פון דער אַמאַל־גאַמייטעד יוניאָן; פאַרטרעטער פון דער אידישער פּרעסע און וואָרט־זאָגער פון דער אידישער קולטור־וועלט בכלל, — אַלץ מענטשן גע־ניטע, געשליפענע, צוגעגרייטע און ביי־זיך־זיכערע. נאָר „געגומען”

האָט מיך גראָד אַ קורצע רעדע, פון האַרצן אַרויס, פון אַ ניט קיין פּראָ־פעסיאָנעלן טריבון — פון זיין זון: סימאָר. ער האָט געשילדערט, אין דעליקאַטע שטריכן, די טעג, — די לאַנגע און אָפטע טעג, ווען אין הויז האָט געפייפט דער דלות, ווען קיין קופּערנע מטבע איז ממש אין שטוב ניט געווען; און ווי די מאַמע — די אשת חיל — האָט דאָס מקבל געווען בסבר פנים יפות; ווי זי האָט טאָג־איין־טאָג געדאַרפט דורכ־ברעכן כלערליי דערפינדערישע פּראָיעקטן ווי צו שפּייזן זעקס נפשות. נאָך אָט־יענער רעדע־ניט־רעדע האָט מיך דער הירשענפּאַנג אָנגעהויבן פאַראינטריגירן, און — אין מיין גאַנצענער פּאַרנומענקייט — האָב איך איינמאָל אָפּגעריסן צייט און אים געקומען זען אין אַ פּראָסטן מיט־וואָך. עס ווייזט זיך, אָבער, אַרויס אַז ס'איז שוין גאָר ניט געווען קיין פּראָסטער מיטוואָך, נאָר אַ גאָר־געהויבענער, ווייל ער האָט יענעם טאָג געפּראַוועט יאָרצייט, און האָט געדאַוונט ביים עמוד. און וויבאַלד מען גיט נאָר אַ ריר דאָס וואָרט דאַוונען, חזנות, עפנט זיך, ווי דורך אַ

---

**בילד פון אַ 50־טויזנט־דאָלערדיקן טשעק פאַר דעם הילמאַן געזונט־צענטער איבערגעגעבן אין 1947 פון דער קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן**



פון רעכטס צו לינקס: יעקב פּאָטאָפּסקי, הערי דרעשער, אַלעקס הירשענפּאַנג און לואי האָלענדער

כישוף, אַ גאַר נייע וועלט — די וועלט פון אידישער נגינה, — אַ נייער און אינטערעסאַנטער קאַפּיטל אין דער לעבנס־געשיכטע פון אָט־דעם דערפאָלגרייך־אַרויפגעקלעטערטן אינדוסטריאַליסט און בעל־צדקה.

ד

אַלעקס הירשענפאַנגן, קען זיין, האָט גאָר דערוואָרט אַ רומ־פולע קאַריערע אַלס חזן, צי אַלס פאָלקס־זינגער. צו זעקס יאָר האָט ער אָנגעהויבן קלעטערן אויף דעם לייטער פון אידישער נגינה. זיין ערשטע „שטעלע" האָט דער זעקס־יאָריקער פאַרדינער געקראָגן ביי ר' חיים לאַנדמאַן, אין זיין געבורט־שטעטל ראַהאַטין, מזרח־גאַליציע. זיין צווייטן משורר־שטול האָט ער זיך איינגעקויפט ביים וועלט־באַרימטן חזן ברוך שאָר, אין וועמעס כאָר ער האָט געזונגען ביז 13 יאָר — ביז זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע מיט טאַטע־מאַמע און אַכט ברידער און שוועסטער. די סצענע ווי חזן שאָר איז אויסגעגאַנגען „אויף זיינע הענט" — אין מיטן זאָגן „ומפּני חטאינו" — דעם אויפשוידער ווערט מר. הירשענפאַנג, מסתמא, קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און וועט אים מיט־נעמען מיט זיך אויף זיין אייביקן גאַנג.

און דאָ איז אינטערעסאַנט צו הערן אַ וואָרט וועגן אַלעקס היר־שענפאַנגס חזנישן דרך פון אַן אַנדער וועלט־באַרימטן חזן, — קאָלעגע מ. ירדני. אין איינעם פון זיינע „קורצע פּאָרטרעטן" אין „פאָרווערטס" שרייבט ער:

„און אָט קומט מר. הירשענפאַנג קיין אַמעריקע. צו וועמען פאַלט ער אַריין אַלס משורר? צו ניט קיין קלענערן, ווי צום באַוואוסטן שול־און טעאַטער־דיריגענט, הערמאַן וואָהל! ער געפינט דאָרט אין כאָר אַזעלכע זינגער ווי ראובן קאַזימירסקי, וועלכער האָט דעמאָלט גע־זונגען באַס און איז איצט איינער פון די באַוואוסטע שול־דיריגענטן אין ניו־יאָרק. און דער חזן, ביי וועמען הערמאַן וואָהל איז דער כאָר־דירעגנט, איז ניט קיין אַנדערער ווי דער וועלט־באַרימטער יאָסעלע ראָזענבלאַט, ז"ל! ווידער ווערט מר. הירשענפאַנג אָנגעזאַפּט מיט נייע ניגונים, נייע געפילן, נייע שטייגערס און מיט ליבשאַפט צו חזנות. עס לויפן די יאָרן און עס וואַקסט דער באַגער צו ווערן אַליין אַ חזן, אָדער אפשר אַ זינגער אויף דער קאָנצערט־בינע, צי אין דער אָפּע־רע, אָבער — דער וועג איז אַ שווערער, אַ שטיינערדיקער, מ'דאַרף דורכברעכן ווענט, און ניט יעדער איז גרייט און קען זיך אונטערנעמען צו טאָן . . .

„זינגט מר. הירשענפאַנג אין כאָר ביים חזן און — טראַכט און חלומט. זיצט ער אין שאַפּ ביי דער אַרבעט (ווייל פון זינגען אין כאָר

אַליין קאָן מען ניט לעבן) און — טראַכט ווידער און חלומט. דערווייל ווערט ער מער אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט און ווערט ביסלעכווייז פון אַ פשוטן אַרבעטער פאַרוואַנדלט אין אַ דערפאָלגרייכן מאַנופעקטשורער און איז היינט צו טאָג איינער פון די באַוואוסטע אידישע קלאָדינג־פאַבריקאַנטן אין ניו־יאָרק. אויך דער וועג, פונקט ווי דער וועג פון דערגרייכן אַ חזנישע אָדער זינגערישע קאַריערע, איז ניט קיין לייכטער, אָבער מר. הירשענפאַנג האָט באַוויזן דעם דאָזיקן שווערן וועג דורכצובראָדזשען און דערגיין צו אַ הויכן גראַד פון מאַטעריעלן דערפאָלג.

„אָבער אַז מ'איז פון דער נאַטור אַ מענטש, בלייבט מען ניט שטיין בלויזביים מאַטעריעלן דערפאָלג אַליין . . . מר. הירשענפאַנג האָט זיך מיט לייב־און־לעבן אַריינגעוואָרפן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און שטיצט אידישע אינסטיטוציעס מיט אַ ברייטער האַנט. אַט זעט מען אים אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד אַלס וויצע־פּרעזידענט; אַט אַלס איינעם פון דירעקטאָרן־ראַט פון דער „ישיבת רמב״ם; אַט אַלס פּרעזידענט פון „גרעיטער קלאָדינג קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן״ אין ניו־יאָרק; אַט אַלס אַקטיווער טוער פון „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל״ און פאַרן „ישראל באַנד קאַמפּעין״, א. אַז. וו.

„נאָר די גרעסטע ליבע פון אַלע ליבעס ביי מר. הירשענפאַנג, איז די ליבע צו דער אידישער נגינה, צו חזנות, און דערפאַר זיין צוגעבונדנקייט צו חזנים!״

***

עס זעט אויס, אַז מר. הירשענפאַנג האָט שטאַרק געקעמפט אָנצוהאַלטן זיך ביים זייל פון חזנות. ס'איז פאַטעטיש, וואָס ער האָט מיר די טעג דערציילט, אַז נאָך אַ שווערן טאָג פון דאַוונען שבת, פלעגט ער זונטיק פרי דאַרפן קלעטערן אויפן עלפטן שטאָק, ערגעץ־וואו אין אַ סוועט־שאַפּ, זיך אויסצושלאָגן זיין אָרעם־ברויט. און — סוף כל סוף — אין מלחמת החיים, אין ביטערן און פאַרצווייפלטן קאַמף פאַר דעם לחמא עניא, מוז ער זיין מוזע ברענגען אַלס קרבן — ער גיט אויף אין יאָר 1918 זיין לעבנס־באַרוף, — דאָס חזנות אַלס פּראָפעסיע.

די פּראָפעסיאָנעלע שיידונג האָט, אָבער, קיין שליטה ניט אויף זיין נשמה יתירה. דאָרטן ציט ער ווייטער דעם המשך פון אידישן ניגון: מען טרעפט הירשענפאַנגן אויף אַלע חזנישע שמחות; מען זעט אים ביי אַלע ערנסטע אידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען; איז אַ מוקיר רבנן און איז אַ פאַרערער פון די מייסטער פון אידישן וואָרט; זיין פלירט מיט דער אַרבעטער באַוועגונג און, אפשר, אויך מיטן סאָציאַליזם שטערט אים ניט צו זיין אַן עסקן ביים ברייטן טיש פון אידישע

צרות; ער גיט אַליין דאָ און דאָרט און אומעטום ברייט־האַנטיקע צדקה און איז מיט זיין עכטער גוטסקייט משפיע צו דער אויסאיי־דעלונג פון אַנדערע.

און — די הויפּט־געזונטע השפּעה האָט ער געהאַט, זעט אויס, אויף זיינע קינדער, וועלכע גייען שוין איצט אין זיינע וועגן און וועלן, האָפנטלעך, ממשיך זיין הן זיין סאָציאַלע שיטה פון הילמאַניזם אין דער אינדוסטריע און הן זיין הומאַניזם אין אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ווייל — הילמאַניזם און הומאַניזם זיינען די צוויי פעסטע זיילן אויף וועלכע אַלעקס הירשענפאַנג האָט מיט שווערער מי געבויט, געגרונטיקט און אויפגעטורעמט די פון גאָט־און־מענטש־געבענטשטע הירשענפאַנג־ממשלה.

# פּנחס יאַסינאָווסקי

## א

בין איך געזעסן די טעג אין דעם לואיסאָן סטאַדיום, אין דעם מערקווירדיקן זומערדיקן מוזיק־טעמפּל פון דער וועלט־מעטראָפּאָליע, וואו ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן די אין פּיעטעט־אָפּגעהיטע יערלעכע „גערשווין־נאַכט״. אונטן, אויף גאָטס ערד, האָבן מענטשן־שטראָמען אין סטאַקאַטאָ־ריטם, זיך געכוואַליעט, אין יוגנטלעכער דערוואַרטונג, צום אינזל פון מוזיק און פרייד, און ווירדיקייט גם יחד, און פון אויבן האָבן די הימלען, אין דונער־און־בליץ סיגנאַלן אין פולן ערנסט געוואָרנט די אימפּעטיקע שפּאַנלער פון אַן אָט־באַלד אַראָפּנידעריקן מבול. די דונערן האָבן, אין אַלץ־געהעכערטער שטייגערונג, אָנגעהאַלטן דעם ערב־גוס־רעגנדיקן אַלאַרם, און די יונגע און יוגנטלעכע פּנימער האָבן מיט עקשנותדיקן אונטערשפּרונג זיך אַלץ געאײַלט, צו די רייען, נאָך אײַנטריט־בילעטן. און ווען דער 20־טויזנט־קעפּיקער עולם האָט, אין געדולדיקן שווייגן, אויסגעשריען, בפה אחד, דעם לוי יצחקישן „לא אמוש ממקומי״ האָט מען געמוזט אָנהויבן די גערשוויניאַדע.

די פּראָגראַם, אַ גראָטן־צוזאַמענגעשטעלטע, האָט דעם אָוונט, דאַכט זיך, אויסגענומען ביים נעאָ־זמירותדיקן פּובליקום מער ווי ווען עס איז פריער; די סאָליסטן, איבערהויפּט דעם נעגערשן באַריטאָן וויליאַם וואָרפילד, האָט מען צעטראָגן מיט אַפּלאָדיסמענטן; נאָר מיין האַרץ, בין איך מודה, האָט, אין תהלימדיקן מינאָר, זיך דעמאָלט באַהאָפטן מיט דעם אידישן גערשווין, — מיט פּנחס יאַסינאָווסקי. דער ברוקלינער אידישער גאון, וועלכער האָט אַראָפּגעטויכט אין דער טיפעניש פון דער נעגערשער ראַסע, כדי צו צעבליצן פאַר די תמימימדיקע מענטשן־קינדער די נעימותדיקע ליכטיקייטן פון די נעגערשע ספּיריטואַלן, האָט, זעט אויס, געהאַט מער אייביקייט־מזל, ווי דער אוקראַאיניש־אידישער קאָמפּאָזיטאָר, שעפּנדיק פון די אור־אַלטע אידישע קוואַלן, אין איבערשאַף פון נייע לאָגלען, פאַר די נייערע גענעראַציעס פון דעם אַלטן עם הספר. יע, דער יונגער שמייכלענדיקער פּנים פון דעם געקריוודעטן אידישן נגינה־שמידער פון מיין דור איז ניט אָפּגעטראָטן פון מיין פאַרטרויערטן געמיט.

ב

עס איז געווען, זעט אויס, דער רצון פון זיין ליבן נאָמען, אַז ביים „שליסן" דעם פאַריקן נומער (יוני, 1954) „וואָכנבלאַט" זאָל מיר איינ־פאַלן, אין דער לעצטער רגע, צו מאַכן אַ שנוי אין זשורנאַל, עפּעס אַרויסנעמען, כדי מאַכן פּלאַץ פאַר יאַסינאָווסקיס ליד „תפלת ערבית" — איינע פון זיינע צוויי סאַמע לעצטע לידער, וועלכע ער האָט מיר צוגעשיקט עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט. און בעת פּנחס יאַסינאָווסקי איז זונטאָג, דעם 27טן יוני, 1954, געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל, האָבן, באותה שעה, טויזנטער פריינט און פאַרערער פון דעם פאַרדינסטפולן און צדיק־מעסיקן שעפער זיך מתיחד געווען אין צער פון כלל ישראל אויף דער גרויסער און אומפאַרבייטלעכער אבידה, דורך לייענען, אין תהלימדיקן ניגון, זיין „תפלת ערבית", אין וועלכען תפלה־ליד, ער האָט אַזוי שאַרף און קלאָר אַרויסגעבראַכט די אַנונג פון דעם מעריב, דעם נאַכטיקן פאַרגיי, — ווי עס רעדט די לעצטע שורה פון זיין ליד, וועלכע ווערט דאָ, אין זיין ליכטיקן אָנדענק נאָך, אין פול איבערגעדרוקט:

## תפלת ערבית

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, —
אַלעם רוט אין ווייטן רוים,
ווערן מיינע אויגן וואַך —
זוכן קדושה אין מיין טרוים.

רואיק עפען איך די אויגן,
ליג — אין זיך אַזוי פאַרטראַכט:
זע איך, ווי אין שטילן שווייגן —
שווימט די נאַכט אין שיינער פּראַכט.

וועלטן וואַנדערן און וואָגלען...
בלישטשען שטערן ווייט און בלוי;
שיינען, פינקלען — סודות מורמלען —
ווי אַ תפילה בעטן זיי:

—„אַז דער שיינער גייסט פון מענטשן,
זאָל אונז לייטערן פון זינד;
הימל, וועלט מיט שפע בענטשן,
אויף דער ערד און מענטשן־קינד".

וואַך איך שטיל אויף מיין געלעגער,
זע די וואונדער פון דער וועלט —
זיינען שטערן מיינע ברידער,
און דער הימל — מיין געצעלט.

גייט די צייט זיך לאַנגזאַם, שטילער:
קלער איך, טראַכט פון אייביק זיין;
און באַגליקט פון פרייד, אַ מידער —
שלעפערט נאַכט אין רו מיך איין.

***

ג

ערגעץ־וואו שווייגן־אויס, אפשר, ידיעות וועגן דעם פרימאַרגן פון חזן פנחס יאַסינאָווסקי. זינט ער איז געקומען אַהער אין 1917, פאַר די לעצטע 37 יאָר פון זיין אַקטיוון לעבן און שאַפן, האָבן מיר געקענט און אָנגענומען אים אַלס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכן מיטבאַטייליקטן, מיט וואָרט און קלאַנג, אין אַלע, אַלע גרויסע און קלענערע אידישע אסיפות און יום טובים, פונקט ווי אין די ניט־זעלטענע שיקזאַלהאַפטע טעג פון אידישן צער און טרויער. ווען די צייטונגען האָבן, בכן, געבראַכט די פינסטערע ידיעה אַז דער ווי אינגל־אויסזעעענדיקער פנחס יאַסינאָווסקי איז געשטאָרבן האָט עס אַלעמען, אַלעמען אומגעוואָרפן פון די פיס. ווייל, ווי האָבן די שטענדיקע שמייכלענדיקע מיט חסד־לויכטנדיקע אויגן זיך געקענט אַזוי פלוצים אויסלעשן? ווי?

זיין אַנטייל אין פילע קהלשע און יחידישע פריידן און נויטן האָבן ווי אויפגעלייזט זיין אייגענעם לעבן, אַזוי, אַז מיר זעען איצט איין, אַז מיר האָבן גאָר אַ בלייכן באַנעם פון זיין אייגענעם דברי הימים. חוץ וואָס מיר ווייסן אַז ער האָט ביז זיין 68־יאָריקן לעבנס־עלטער געהאַט אַ חזנות־שטעלע אין „דזשואיש סענטער" פון ניו־יאָרקישן „וועסט־סאַיד", — אַ שטעלע, וועלכע האָט אים, מער־ווייניקער, געזיכערט מיט באַשיידענער חיונה—פלעגן מיר אָפט לייענען אין דער פרעסע וועגן זיינע אויפטריטן, אַלס חזן און קאָנצערט־זינגער אין זיינע אייגענע קאָמ־פּאָזיציעס און, לעצטנס, אויך אין זיינע אייגענע וואָרט־טעקסטן. די מאָגערע ידיעות דערציילן אונז, אַז יאַסינאָווסקי האָט געשטאַמט פון אַ חסידישער פאַמיליע אין ראָמאַנאָווקע, קיעווער גובערניע. ווען ער איז אַלט געוואָרן 14 יאָר האָט זיין פאַמיליע זיך אַריבערגעקליבן קיין ניקאָלאַיעוו וואו ער איז געווען אַ משורר ביי דעם באַרימטן חזן און

רעפּאָרמאַטאָר פון חזנות, פּנחס מינקאָווסקי. אין יאָר 1905 איז יאָסי־נאָווסקי שוין געווען אין פּעטערבורג (היינטיקע לענינגראַד) און האָט געלערנט מוזיק אין דער דאָרטיקער קאָנסערוואַטאָריע. אין יאָר 1915 איז ער אַרויסגעפאָרן אויף אַ קאָנצערט־טור איבער פינלאַנד, שוועדן, נאָרוועגיע און דענמאַרק. אין יאָר 1917 איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע וואו ער איז שפּעטער אויפגענומען געוואָרן אַלס חזן אין „אידישן סענ־טער" אויף דער וועסט סאַיד פון ניו יאָרק. ער האָט די דאָזיקע שטעלע אָנגעהאַלטן ביזן סוף פון זיין לעבן. כמעט אַלע זיינע פּאַרדינסטן האָט ער אויסגעגעבן אויף אָפּדרוקן זיינע קאָמפּאָזיציעס. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט וואָרט־דיכטונג. איינער פון זיינע לידער־ביכער טראָגט דעם נאָמען „סימפאָנישע געזאַנגען". ער האָט אַ סך געשריבן וועגן מוזיקאַלישע ענינים אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן. אַ באַ־זונדערע אַמביציע און הנאה האָט ער געהאַט צו דרוקן זיינע לידער און אַרטיקלען אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", די צייטשריפט, וועלכע ער האָט געשטיצט סיי מיט געלט און סיי מיט אָפטע אויפטריטן פאַר איר מוטיקן וואָרט און פאַר איר קאַמף־גייסט, כאָטש יאָסינאָווסקי אַליין איז ניט געווען קיין מאַן פון קאַמף.

דער עניוותדיקער קינסטלער לאָזט איבער זיין פרוי רחל, וועלכע איז אַליין אַ באַדייטנדע פּיאַניסטין און זי פלעגט אים אַקאָמפּאַנירן ביי אַלע זיינע קאָנצערטן, און אַ טאָכטער שיינדל.

ד

פּנחס יאָסינאָווסקי וועט, מיט דעם גאַנג פון די טעג, אונז מער און מער נעמען אויספּעלן. און פּונקט אַזוי וועלן מיר, מיטן דיסטאַנץ פון צייט, אים נעמען דערזען אין די געהעריקע פּראָפּאָרציעס, אין זיין ריכטיקער געשטאַלטונג. און דעמאָלט וועלן צו אונז, אפשר, דערגיין מערערע און גענויערע ידיעות פון זיין לעבן, און מיר וועלן קענען מיט מער פאַרב אויספילן די קאָנטורן פון זיין אידעלן פּנים. אַן אָנוואורף פון אָט־יענער געשטאַלטונג האָט אונז די טעג געגעבן דער פאַראַנטוואָרט־לעכער פּובליציסט און מוזיקאָלאָג, י. ראַבינאָוויטש, רעדאַקטאָר פון „קענעדער אָדלער":

„אַ דור ברעכט זיך און עס פאַלן מיט אים די פירער און שאַפער פון דעם דור. אָט איז שוין פּנחס יאָסינאָווסקי אויך נישטאָ!

דער דאָזיקער פּאַרדינסטפולער חזן־קאָמפּאָזיטאָר, וועמען דער טויט האָט אַוועקגענומען אין עלטער פון 68 יאָר, האָט געהערט צו די פּיאָנערן פון אידישער מוזיק־שאַפונג אין אַמעריקע און מיט דעם איז ער געווען איינער פון די בויער פון אַ אידיש קולטורעל לעבן אין דער נייער וועלט.

האָבנדיק זיך געפונען אין אַמעריקע זינט דעם יאָר 1917, איז ער די גאַנצע צייט געווען אַ ווירקנדיקער כח צום גוטן סיי ווי אַ חזן, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די פולע חשיבות און ווירדע פון דעם שליח צבור, סיי ווי אַ זינגער פון פיינערן אידישן ליד און אויך ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט באַרייכערט אונזער אידישע מוזיק מיט שאַפונגען פון באַדייטנדיקן ווערט.

קומענדיק פון אַ חסידישער פאַמיליע אין אוקראַינע, האָט יאָסינאָווסקי אָנגעהויבן ווי אַ משורר ביי גרויסע חזנים, צווישן זיי אַזאַ גדול אין דער וועלט פון חזנות ווי פּיניע מינקאָווסקי, און דערנאָך באַקומען אַ גרינטלעכע מוזיקאַלישע בילדונג אין פּעטערבורג, וואו ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון אַ באַוועגונג צווישן יונגע אידישע מוזיקער, סטודענטן פון פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע, צו איבערגעבן זיך צו אידישער מוזיק־שאַפונג דורך באַזירן זיך אויף די יסודות פון אַן אוראַלטער אידישער מוזיק־טראַדיציע. בעת אַנדערע אידישע מוזיקער, אַביסל דערווייטערטע פון אידישן פאָלקס־קוואַל, האָבן געדאַרפט זיך סטאַרען צו דערוועקן אין זיך אָפּגעפרעמדטע אידישע בענקשאַפטן, האָט יאָסינאָווסקי זיך נישט געדאַרפט אָנטאָן קיין ספּעציעלן כח דערצו, ווייל ער איז, דורך זיין דערציאונג, געווען איינגעטונקט אין פול־בלוטיקער אידישקייט און דור־דורות־אַלטער אידישער געזאַנג האָט ווי פון זיך אַליין אַרויסגעזונגען פון אים. געבליבן איז אים בלויז צו אויסבילדן זיך מוזיקאַליש, כדי צו קענען פאַנאַנדערגלידערן מיטן אַנאַליטישן חוש דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געטראָגן טיף אין זיין נשמה. נאָכדעם ווי ער האָט דאָס דערגרייכט, האָט ער זיך איבערגעגעבן צו אידישער מוזיק־שאַפונג מיט לייב און נשמה.

***

יאָסינאָווסקי האָט זיך אויך געוואָרפן צום ליטעראַרישן געביט און געהאַט אַספּיראַציעס פון אַ וואָרט־פּאָעט. אָבער דאָ איז ער ווייטער פון דילעטאַנטיזם נישט דערגאַנגען. זיין אמתער געביט איז געווען מוזיק, ניט וואָרט־קונסט. כאָטש ער איז אויך אין זיין טאָן־קונסט נישט געווען קיין גרויסער מחדש, איז ער אָבער געווען עכט און קערנדיק, און אין זיינע בעסטע קאָמפּאָזיציעס פילט זיך גרויסע און אויפריכטיקע איבערלעבונג. ער איז געווען קערנדיק אויפטועריש מיט זיין איבערגיסן אין האַרמאָנישער באַקליידונג די מעלאָדיעס, וועלכע ער האָט געשעפּט פון ריינסטן אידישן פאָלקס־קוואַל. זיין היפּשע מוזיקאַלישע בילדונג האָט אים, ווי שוין געזאָגט, געהאָלפן אויפצונעמען די אידישע נגינה נישט בלויז עמאָציאָנעל, נאָר אויך אַנאַליטיש. ער האָט טיף דורכגענומען די פאַרשיידענע נגינות פון ביבלישן טראָפּ, ווי די נוסחאות התפילה. ער האָט אויך געהאַט אַן איינגעבוירענעם עסטעטישן חוש און זיינע קאָמפּאָזיציעס

צייכענען זיך אויס נישט נאָר מיט פאָלקסטימלעכער האַרציקייט, נאָר אויך מיט אַ געוויסער ציכטיקייט און איידלקייט.

ווען יאַסינאָווסקי וואָלט דער אידישער מוזיק נישט געגעבן מער ווי זיין פּרעכטיקע קאָמפּאָזיציע „והיה באחרית הימים״, וואָס איז צום ערשטן מאָל געהערט געוואָרן אין געזאַנגס־פאָרם ביי דער דערעפענונג פון העב־רעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים אין 1927 און איז שפּעטער באַ־אַרבעט געוואָרן אין אַ קאָנצערט־שטיק פאַר פידל און פּיאַנאָ, וואָס גע־הערט צו די סאַמע גרעאָטנסטע זאַכן פון דעם מין אין דער נייער אידישער מוזיק, וואָלט ער שוין געווען באַרעכטיקט צו אייביקער דאַנקבאַרקייט מצד אונזער פאָלק. דאָס איז אָבער נאָר איין שיינענדיקער מוסטער פון זיין שעפערישן גייסט. ער האָט אונז געגעבן נאָך אַנדערע וויכטיקע שאַפונגען אויפן מוזיקאַלישן געביט, ווי למשל זיין „ברכת כהנים״, וואָס איז אויך אַרויס אין אַ פיינער באַאַרבעטונג פאַר פידל און פּיאַנאָ, די מוזיק וואָס ער האָט געשאַפן צו לידער פון אונזערע בעסטע דיכטער, ווי מאַני לייב, ראָלניק, ראָזענפעלד, און אַנדערע. ער האָט אויך אַ צאָל פיינע ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס פאַר סאָלאָ און כאָר.

***

דער מענטש יאַסינאָווסקי איז געווען אַ זייער האַרציקער און סימ־פּאַטישער, אָבער גלייכצייטיק אַ זייער קאָמפּליצירטער. זייענדיק שטענ־דיק פאַרבענקט נאָך רום און אָנערקענונג, האָט ער זיך אָפט געפילט פאַרנאַכלעסיקט און געקריוודעט און זעענדיק ווי וויניק מען באַמערקט ביי אונז דעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר און זיינע אויפטואונגען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז אויפן ליטעראַרישן פעלד וועט ער האָבן מער מזל. אָבער ווי שוין געזאָגט, איז זיין אמתער באַרוף פאַרט געווען מוזיק, נישט ליטעראַטור. ער איז געווען מוזיקער דורך און דורך. אפילו זיין עקסטרעמע סענסיטיווּיטעט האָט געהאַט אין זיך דעם ציטער פון אַ וויברירטער סטרונע.

ווי שוין געזאָגט, איז ער געווען איינער פון די פּיאָנערן אויפן געביט פון אידישער מוזיק־שאַפונג אין דער נייער וועלט און ווי אַזעלכער וועט מען אים אַלע מאָל געדענקען. זיינע בעסערע קאָמפּאָזיציעס, ווי די שוין דערמאָנטע און אַנדערע, וועלן נאָך לאַנג בלייבן אין אידישן קאָנצערט־רעפּערטואַר, ווייל וואָס מער צייט עס וועט אָפּגיין פון דעם דור, צו וועלכן יאַסינאָווסקי האָט געהערט, אַלץ חשובער וועלן אָט די קאָמפּאָזיציעס זיינע ווערן שוין צוליב דעם אַליין, וואָס אין זיי גיט זיך איבער אין ריינער און ציכטיקער פאָרם דאָס געזאַנג פון ישראל סבא.

זאָל זיין אָנדענק זיין געבענטשט אויף אייביק!״

# לעאָן איזראַעל (לאָלאַ)

## א

די יאָרן 1938 און 1939 זיינען פאַר דער „וואָכנבלאַט״־משפּחה געווען איבערגעלאָדענע מיט ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. איבערהויפּט 1939. אָט, צ. ב. לייען איך איצט אויף דער לעצטער זייט פון דעם 114־טן נומער „וואָכנבלאַט״ (אויסגאַבע פון 24־טן פעברואַר, 1939) אַ מעלדונג וועגן די טעטיקייטן פון דער וואָך: יעדן זונטאָג אָוונט: קאָנצערט. יעדן מאָנטאָג און דינסטאָג: קורסן. יעדן מיטוואָך אָוונט: „ליטעראַרישער מיטוואָך״. יעדן דאָנערשטאָג אָוונט: אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. יעדן פרייטאָג אָוונט: לעקציע. יעדן שבת אָוונט: אַ פאַרווייַלונג־אָוונט. די צענטראַלע אונטערנעמונג פון דער וואָך פלעגט אָבער זיין דער ליטעראַרישער שבת־צונאַכט, אויף וועלכן צענדליקער ענטוזיאַסטישע וואָכנבלאַטניקעס פלעגן זיך ניט קענען דערוואַרטן. עס וועט, אפשר, קלינגען איצט פאַנטאַסטיש, וואָס די „אידישע ליטעראַטור געזעלשאַפט״ — אונטער וועלכן נאָמען די „וואָכנבלאַט״־משפּחה האָט דעמאָלט פיגורירט און אָנגעפירט איר שטורמישן ליטעראַרישן יאַריד —



פלעגט דעמאָלט, פאַר דעם איינטריט פון איין קוואָדער, סערווירן די באַזוכער פון די קינסטלערישע מלוה־מלכהס: גוטן פראַזאַאישן שמאַלץהערינג; הייסע קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ; ברויט מיט פּוטער, קאָפּע, קעז, פרוכט, און, אָפּט, אויך אַ שאַרפן „לחיים״. נאָך דעם פלעגט ערשט פאָרקומען אַן ערשט־קלאַסישער ליטעראַרישער קאָנצערט, פּלוס אַן אויס־

שטעלונג פון בילדער פון אַ אידישן מאָלער, וועלכער איז, צוליב דער אָדער אַן אַנדערער אורזאַך, פאַרזען געוואָרן פון דער קאַזיאָנער קריטיק. עס איז, דעריבער, קיין וואונדער ניט געווען, וואָס די רעדאַקציע־צימערן פון „וואָכנבלאַט" אין יענער צייט, — אויף 66 איסט 12טע גאַס, צווישן 4טע עוועניו און בראָדוויי, — האָבן זיבן טעג אין וואָך געשפּרודלט מיט מענטשן און מיט אַקטיוויטעטן. די צוויי שטאָק וואָס מען פלעגט דאַרפן אַרויפגיין, זיינען, ווי עס זעט אויס, דעמאָלט קיין מניעה ניט געווען...

ווען עס איז ווער, האָפנטלעך, קומען איינער פון די אַמאָליקע באַטייליקטע אין יענע „אָוונטן" און אָנשרייבן אַן אַרבעט וועגן יענער אומגלויבלעכער פּעריאָדע אין דעם לעבן פון דער קעמפּערישער צייט־שריפט. ווייל ס'איז דאָך ניט אין דעם סטרימלאַיִנדישן ריטם און גייסט פון דער אידישער אַמעריקע, אַז אַ מאָריס שוואַרץ מיט זיין גאַנצער טרופּע כמעט פלעגן אַמאָל, נאָך צוויי שווערע פאָרשטעלונגען פון אַ שבת בייטאָג און שבת אין אָוונט, „אַריינפאַלן" אין די וואָכנבלאַט־צימערן אויף דער 12טער גאַס, אויפטרעטן אין שפּיל, אין וואָרט, אין געזאַנג און פאַר דעם באַצאָלן מיט אַ פּופּציקער פאַרן „וואָכנבלאַט", וועלכן נעקסטן נומער מען האָט, מסתמא, געדאַרפט אויסלייזן... און ס'איז אויך, האָפנטלעך, קיין קליייניקייט ניט געווען אין דעם לעבן פון געוויסע אַריבערגעקומענע גדולים פון איירָאָפּע, וועלכע האָבן ביי אונז אין יענער צייט געקראָגן די ערשטע עכטע ברייטהאַרציקע אויפנאַמע. איז, ווי געזאָגט, וואָלט געווען אַ יושר, אַז ווער פון יענע באַטייליקטע זאָל זיך ווען־עס־איז נעמען צו דער פעדער... נאָר איצט, אלנפאַלס, ווילט זיך דערציילן, אַז אונזער איצטיקער העלד פלעגט זיין דעמאָלט איינער פון די „שטאַם"־געסט ביי די כלערליי שמחהלעך אונזערע. ער האָט זיך אַזוי געפילט היימיש מיט די „באַיעס" — לאָלאַס אַ ליבלינג־וואָרט — אַז ער האָט זיך איינמאָל דערלויבט צו מאַכן, אַזוי־צו־זאָגן, אַ „דזשאַב" אויף דעם „טשיף" אַליין — ד. ה. אויף דעם שרייבער פון די שורות. און די מעשה שהיה איז אַזוי געווען: לאָלאַ, דער שטענדיק־גוטמוטיקער, שמייכלענדיקער און אָפּט־שטיפערישער האָט געוואָלט אויספּרובירן ווי ווייט דער אייביק־פאַרשמאַיעטער ליבמאַן קען גרייכן אין הלכות פון נעמען אַ „לחיים". האָט ער איינמאָל ביי אַ ליטעראַרישער מלוה־מלכה אַריינגעצויגן אין דער „קאָנספּיראַציע" חאימאָוויטשן, סטאָדאָלסקין, הירש רייפן, אפילו דעם ערנסט־פילאָזאָפישן דר. גלאָבוס און אַ פּאָר פון די אַנדערע חברים, אַז יעדער פון די „קאָנספּיראַטאָרן" זאָל צוליב אַן אַנדער מין תירוץ טרינקען מיט מיר אַ „לחיים". לאָלאַ אַליין האָט אָנגעפאַנגען אַזוי דעם קרייץ־צוג: — „חבר ליבמאַן, פאַר דעם לעצטן נומער „וואָכנבלאַט" זענט איר ווערט אַ מעדאַל! דערפאַר לאָמיר זיין געזונט. לחיים!" דערנאָך, מיט אַן אַנדער אויסרייד, דער געוויינטלעך־

שווייגנדיקער מ. י. חאַימאָוויטש, און אַזוי יעדער איינער, ביז סע האָט שוין געהאַלטן ביי אַ מנין כוסות. נאָר אַזוי ווי פון קיך האָט מען גע־האַלטן אין איין טראָגן הייסע קאַרטאָפל, שמאַלציקן הערינג און גוטן היימישן פּאָמפּערניקל, האָט עס מיר, גאָט־צו־דאַנקען, ניט געשאַדט, עס האָט זיך נאָר אויסגעלאָזן צו נאָך אַ זמר... לאָלאַ איז גאָר געווען אין זיבעטן הימל וואָס זיין קאָנספּיראַציע האָט זיך אים אַזוי גלענצנד איינ־געגעבן, און וואָס „דער באַי קען נעמען"...

ב

אין דעם 116טן נומער „וואָכנבלאַט" (פון 24טן מערץ, 1939) לייען איך איצט עטלעכע באַריכטן פון אָט־יענע טעטיקייטן געשריבן פון מ. גרשון (אַ פּסעוודאָנים, דאַכט זיך, פון דר. מ. ג. גלען). איין נאָטיץ לייענט זיך אַזוי:

„שבת נאַכט, דעם 12טן מערץ, אין די קלוב־צימערן פון דער „אידישער ליטעראַטור געזעלשאַפט" פאַרגעקומען אַ לאָלאַ קונסט־אָוונט, ווי אַ סיום צו דער אויסשטעלונג פון זיינע ווערק, אין דעם „צענטער"־זאַל. עס זיינען אַנוועזנד געווען אַ גרויסע צאָל לאָלאַס פריינט און פאַרערער.

„ביי פיין געדעקטע טישן האָט זיך דער עולם גוט אונטערהאַלטן. רעדעס וועגן אידישע קונסט בכלל, און וועגן קינסטלער בפרט זיינען געהאַלטן געוואָרן פון פאָרזיצער, דר. ד. גלאָבוס ; פון יעקב סטאָדאָלסקי, מאַרק יאפע, פון מאָלער לעוויטץ (וועמעס בילדער באַפּוצן איצט אונזערע ווענט) ; פון דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „קונדס" (וואו לאָלאַס קאַרטונס האָבן אים געשאַפן אַ נאָמען), יעקב מאַרינאָוו און פון רעדאַק־טאָר פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" יצחק ליבמאַן. די רעדנער האָבן גענומען פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן פון קונסט און דער רעד. ליבמאַן האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז אין לאָלאַס שאַפן מערקט זיך כמעט ווי אַן אַפּאַטעאָז צום „מיטלמאַן", צום פּעדלער און הענדלער — ווייל צו דעם האָבן אונז די פעלקער פון דער וועלט געטריבן, און לאָלאַס בילדער זיינען אַ מין באַשולדיקונגס אַקט.

„לאָלאַ, ענטפערנדיק די רעדנער און באַדאַנקנדיק די געסט האָט צוגעזאָגט ווידמענען זיינע צוקונפטיקע שאַפונגען דאָס פאָלק אונזערן. שפּעט אין אָוונט האָט זיך דער חברישער צוזאַמענקונפט געשלאָסן, אין אַ געהויבענער און יום־טובדיקער שטימונג".

***

כאַראַקטעריסטיש, אָבער, סיי פאַר לאָלאַן און סיי פאַר זיין קונסט איז די געהאַלטענע־ניט־געהאַלטענע רעדע פון הירש רייף, וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער אין „וואָכנ־בלאַט", און גאָר טעטיק ביי די שמחהלעך אין די רעדאַקציע־צימערן. אין „וואָכנבלאַט" פלעגט ער דעמאָלט, חוץ אַרטיקלען אויך דרוקן פע־ליעטאָנען, אונטערן קעפּל „דער טשוואַק", מיט אַן אונטערקעפּל אין פּעטיט „אַריינגעקלאַפּט פּונקט דאָרט וואו מ'דאַרף". זיין פעליעטאָן אין דעם 116טן נומער, וועלכער האָט געהייסן: „ווי איך האָב אַנטדעקט דעם מאַלער לאָלאַ", האָט זיך אַזוי געלייענט:

„כאָטש איך בין זייער ווינציק באַהאַוונט אין מאַלעריי, און ביי מיר איז רעכט צו קוקן אויף אַ בילד פון טאָלסטאָיען און מ'זאָל מיר קענען איינריידן אַז דאָס איז דר. הערצל, (ווייל דר. הערצל האָט אויך אַ באָרד), אָדער איך זאָל קוקן אויף אַ בילד פון אַ לאַנדשאַפט מיט אַ בלויען הימל און זאָל גאָר מיינען, אַז דאָס איז גאָר אַ ים, אָדער איך זאָל קוקן אויף אַ שיף און ס'זאָל זיך מיר דוכטן, אַז ס'איז גאָר אַן איזנבאַן, — פונדעסטוועגן מוז איך אויך דערציילן אַ סוד, אַז איך בין דאָס דער יעניקער וואָס האָט אַנטדעקט דעם מאַלער לאָלאַ.

„לאָלאַן קענען אַלע פאַר אַ קאַרטוניסט. אַלע ווייסן, אַז ווען לאָלאַ נעמט אין האַנט אַריין אַ פּאָליטישן, און גיט אים אַ דריי אַהין און אַ דריי אַ ה ע ר ווערט זיין גאַנצע פיזיאָנאָמיע אַזוי פאַרדרייט, אַז מ'קען מיינען, אַז מ'דאַרף אים אויסשניידן דעם אַפּענדיק... און מענטשן מיט גאַנץ לייטישע פנימער און נישקשהדיקע פיגורן, ווערן ביי אים פאַרוואַנדלט אין פלוימען־דאָקטוירים און אין ים־קאַטערס, מיט וועלכע מ'קען אײַ־בערשרעקן קינדער אין די וויגן... און דאָך איז אויף מיין מזל אויס־געפאַלן, אַז דוקא נאָר איך, און ניט קיין אַנדערער, זאָל אין אים אַנטדעקן דעם מאַלער לאָלאַ...

„און כדי איר זאָלט ניט מיינען, אַז איך האָב זיך דאָס אַריינגענו־מען אַזאַ מאַניע אין קאָפּ אַריין, און וויל נאָך אפשר דערפון מאַכן עפּעס אַ מין „רעקעט" און צאַפּן פון אים „ראָיאַלטיס", וועל איך אייך דערציילן מיט אַלע פּיטשעווקעס ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען; און איר וועט מוזן צוגעבן, אַז ווען ניט איך וואָלט נאָך איצט אויך קיינער ניט געוואוסט, אַז לאָלאַ איז אַ מאַלער, און כ'האָב מורא, אַז ער אַליין וואָלט אויך פאַרגעסן, אַז ער האָט אַמאָל געמאָלן בילדער...

„די געשיכטע איז אַזוי געווען: —

„ווען מיר האָבן איינגעאָרדנט די קלוב־צימערן פון דער „אידישער ליטעראַטור געזעלשאַפט" און מיר האָבן אויסגעפּאַרבט די ווענט, האָבן

מיר, צו אונזער גרויסן אומגליק אויסגעפונען, אַז אויף איין פּלאַץ איז די וואַנט שטענדיק הייס, און די פּאַרב שיילט זיך אָפּ. דאָס איז דער־פּאַר, ווייל אויף יענעם פּלאַץ איז פאַראַן אַ קוימען. מיר זיינען פּשוט פאַרצווייפלט געוואָרן! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?!

„רופט זיך אָפּ לאַלאַ: אפשר וואָלט איר צוגעגאַנגען צו מיר אין סטודיאָ? ס׳קען זיין, אַז איך וועל דאָרט געפינען עפּעס אַ בילד, וואָלטן מיר עס אויפגעהאַנגען אויף דעם פּלאַץ, וואָלט עס פאַרדעקט אַלע צרות. געפעלט אַלעמען דער פּלאַן, און עס ווערט באַשלאָסן, אַז איך זאָל מיט אים מיטגיין אין דער סטודיאָ, און זען וואָס מיר קענען דאָרט קריגן.

„אַריינקומענדיק אין דער סטודיאָ, האָט מיר אַזש אָנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן; ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין ער־געץ אין קאָני איילאַנד, אָדער הינטער די קוליסן אין היפּאָדראָם, אַ גאַנ־צער ים מיט שווידערלעכע בילדער האָבן אַרונטערגעשריגן פון אַלע ווענט, האָט אַרויסגעלאַכט פון אַלע ווינקלען, און אַז מיר האָבן אָנגע־הויבן זוכן עפּעס אַ פּאַסנד בילד, האָב איך זיך געקאַטשעט פון געלעכ־טער, אָבער קיין בילד פאַר אונזער קלוב האָבן מיר ניט געפונען.

„ס׳הענגען אַלטע־קאַלענדאַרן, וואָס אַנאָנסירן אַ באַשטימטן „אָנ־דערטייקער״; אַ טעאַטער־אַפּישע, ווי באָריס טאָמאַשעווסקי פירט אַ תורהלע אויף אַ בייסיקל; אַ בילד, ווי משה מאַנטעפיאָרע טיילט מצות אויף פסח; אַ קאַרטון, ווי מאיר בעל הנס גייט אַרום מיט אַ פּושקע ביי אַן ערשטער מאַי דעמאָנסטראַציע; נאָך אַ בילד, ווי טשאַרלי טשאַפּלין ווערגט זיך מיט אַן עפּל־פּאַי; אַ לאַנד־קאַרטע פון פּאַלעסטינע; אַ בילד ווי צוויי „פּרייז־פייטערס״ ליגן אויפן דיל, ווי צוויי צעריבענע קנישעס; אַ ריזיק בילד, ווי מאַלי פּיקאָן טרינקט קאָקאָ־קאָלאַ; אָט שטייט אַ הויכער פּאַרמער און אַלקעלייזט זיך מיט אַלקאָ־סעלצער; אַן אַפּישע, ווי די רעגירונג זוכט מאַטראָזן; אַ גאַנצע סעריע בילדער, ווי קינדער וויינען נאָך קאַסטאָריאַ; אַ גרויס נאַקעט בילד ווי מאַדאַם פּיפּי, די בורלעסק־מיידל, לעקט די פינגער פון אַ טשעסטערפיעלד ציגאַרעט; און אָט איז אַ בילד, ווי יאַשע קאַלב לויפט טאַמעוואַטע נאָך אַ פייער איינדזשן; און באַלד נאָך דעם הענגט אַ בילד ווי ושתי המלכה באָדט זיך אין קאָני־איילאַנד און האַלט אין מויל אַ „האָט־דאָג״; אָט איז אַ קאַרטון ווי היטלער ווערגט זיך מיט אַ פּאָר סודעטן און מוסאָליני ווערט איינגעזונקען אין אַ בלאָטע אין עטיאָפּיע, — אַ גאַנצער ים מיט היסטאָ־רישע קאַרטונס, למשל, ווי ישעיהו הנביא פאַרקויפט אַקער־אייזנס אין אַן אייזן־געשעפט; ווי משה רבנו האַנדלט מיט מן... ווי דער תם פון דער הגדה האַלט אַ לעקציע וועגן דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און ווי טראָצקי כאַפּט פיש אין אַ מקוה, און נאָך און נאָך...

„ס'הענגען אַ גאַנצע חברה בילדער, אָבער קיין פּאַסנד בילד פאַר אונזער צוועק קענען מיר ניט געפינען.

„מיטאַמאָל, זאָגט צו מיר לאָלאַ: גיט אַ קוק דאָרט אין יענעם ווינקל, אפשר וועט איר דאָרט געפינען עפּעס אַ בילד? איך גיי צו, גיב אַ קוק, ווייס איך וואָס! ניט פאַר מיינע כחות צוצוקומען אַהין; אָבער דער־מאָנענדיק זיך אין דער אָפּגעשיילטער וואַנט, בין איך געוואָרן אַמבי־ציעז, זיך אויסגעטאָן דעם ראָק, געבעטן לאָלאַן ער זאָל מיר געבן אַ פּאָר אַרבעטס־הויזן, אַ בעזים, און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט.

„ווען איך האָב אַוועקגעקערט דאָס ביסל אָנגעזאַמלט פאַרמעגן, זיך דורכגעשניטן אַ וועג צו יענעם ווינקל, און האָב אַרויסגעשלעפּט דאָס ערשטע בילד, האָב איך זיך דערשראָקן: אַ אידענע, וואָס איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז זי זעט אויס ווי מיין מומע חיה שרה, נאָר אָנקוקנ־דיק ווי זי שטייט נעבעך לעבן אַ שטופּ־וועגעלע מיט עפּל, אַן אָנגע־פּעלצטע, אַ פאַרפראָרענע, האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן. דער־נאָך האָב איך אַרויסגעשלעפּט אַ אידן, אַ קאַליקע נעבעך, מיט אַ היל־צערנעם פוס און וואַטעוואַטער באָרד, וואָס שטייט לעבן אַ פעסל מיסט און טראַכט עפּעס. אונטער דעם אידן איז געלעגן אַ אידענע, וואָס שטופּט אַ קינדער־וועגעלע מיט פּרעצלס, וועלכע זיינען צוגעדעקט מיט אַ צעלע־כערטער קאָלדרע. און אָט איז אַן איינגעהויקערטער איד וואָס שטייט ביי אַ גאַס־לאָמטערן און פאַרקויפט צייטונגען. אַ בילד, ווי אַ גאַנצע מחנה ווייבער באַלאַגערט אַ שטופּ־וועגעלע און זוכט מציאות, נאָר דער איד פונם וועגעלע שטייט פילאָזאָפיש פאַרטראַכט, און רויכערט אַ ציגאַ־רעטל. און נאָך אַ גאַנצע רייע אידן מיט אידענעס. און עס דוכט זיך מיר אויס, אַז דאָס זיינען אַלע לאַנדסלייט פון איין שטעטל און איך פיל ווי צו־צוגיין און איינעם פרעגן: וואָס מאַכט אַ איד?

„אין דעם הינטערגרונט פון די אַלע אידן איז אונזער אַלטע באַקאַנ־טע איסט־סייד: אָפּגעשיילטע, ברודיקע טענעמענט־הייזער. די באַ־רימטע פייער־פּאַסטקעס, וואו מענטשן ווייסן נאָר, אַז זיי גייען אַריין, אָבער זיינען קיינמאָל ניט זיכער, אַז זיי וועלן אַמאָל אַרויסגיין פון דאָרט. אויף די „פייער־עסקייפּס" און אויף די דעכער, איז אויסגעהאַנגען אַ גאַנצע פּאַנאָראַמע פון קאָלדרעס, מאַטראַצן, אונטערוועש און בעטגע־וואַנט. איך פאַרגעס ביסלעכוויז נאָך וואָס איך בין געקומען, און מיר דוכט זיך, אַז איך שפּאַציר דאָס איצט אַרום אויף דער איסט־סייד.

„מיטאַמאָל, פיל איך ווי ס'ווערט מיר הייס און אַ פּחד באַפאַלט מיך. אָט דאָרט, אויף יענער זייט סטודיאָ, גייט אַרום אַ לעבעדיקער איד, אויך אַ פאַרשטויבטער, מיט אַ כמעט־באָרד, עפּעס אַ היימישער איד. כ'האָב דעם אידן שוין אַ סך מאָל ערגעץ געזען. כ'קען שווערן,

אַז דער איד קערט זיך עפּעס אָן מיט מיר. פון אָנהויב מיין איך, אַז דאָס אַרבעט מיין פאַנטאַזיע אַזוי שטאַרק, אָבער וואָס ווייטער קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז דער איד איז טאַקע אַ לעבעדיקער און שפּאַנט טאַקע אַרום. ס׳נעמט מיר אָפּ דער לשון. איך בלייב שטיין און קוק אויף דעם אידן, און איך זע ווי דער איד בלייבט אויך שטיין און קוקט אויף מיר מיט אַן אָנגעכמורעטן פּנים, ווי ער וואָלט זיך גאָר פאַר מיר דערשראָקן. מיר שטייען אַזוי אַ פּאָר מינוט הן קוקן זיך אָן ווי שונאים. איך זע ווי דער איד הייבט מיטאַמאָל אָן צו ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער, און איך פיל ווי איך אַליין ציטער אויך ווי אין אַ קדחת, — ביז לאָלאַ גייט צו מיר צו און גיט מיך אַ רייסל: — וואָס איז מיט איך? ווייז איך אים מיט שרעק אויף יענעם אידן. צעלאַכט ער זיך: איר שרעקט זיך דאָך פאַר אייער אייגענעם שאָטן! יאָלד, איר זעט דאָך, אַז דאָס איז אַ שפּיגל!..

„אַז איך האָב זיך באַרואיקט, און מיר האָבן זיך גוט אויסגעלאַכט, זאָגט לאָלאַ: נו, נעמט איך אַ בילד. קלייבט איך אויס וועלכעס איר ווילט.

„אַז איך נעם קלייבן, פיל איך, אַז וועלכעס בילד איך זאָל ניט נעמען, וועל איך באַגיין אַן עוולה. אַלע צוזאַמען פילן זיי זיך היימיש, ליגן צוזאַמען אין אַ ווינקל און וואַרעמען זיך. נעמען איין אידן און אים אויפהענגען איינעם אַליין אין אַ פרעמדן פּלאַץ, צווישן פרעמדע מענטשן, וועט אים ווערן אומעטיק און ס׳וועט פּשוט זיין אַ צער בעלי־חיים. רוף איך זיך אָפּ צו לאָלאַן: אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן מיטצונעמען אַלע אידן און אידענעס אין קלוב אַריין? מאַכט ער: — אַז איר ווילט, נעמט זיי.

„און אָט אַזוי האָבן מיר גענומען די אידן, זיי אָפּגעשטויבט, אַרומגעוואַשן זיי, זיי געבראַכט אין די קלוב־צימערן, און אַז מיר האָבן זיי אויפגעהאַנגען אויף די ווענט, האָבן די אידן מיט די אידענעס זיך אויסגעגליכן די ביינער, אַריינגעאָטעמט פרישע לופט, אויפגעעפנט די אויגן און אָנגעהויבן צו לעבן אויף אַן אמת.

„אַז איך בין דעם צווייטן טאָג אַריינגעקומען אין קלוב, האָב איך אינסטינקטיוו אַ זאָג געטאָן: — גוט מאָרגן, אידן. און איך קען שווערן ווי דער איד מיטן הילצערנעם פוס האָט מיר געענטפערט: — אַ גוט יאָר. שענקט אַ נדבה!

„די אידן הענגען שוין עטלעכע וואָכן. מיר דוכט זיך כסדר, אַז זיי ריידן צווישן זיך. איך בין זיכער, אַז יענע אידענע באַקלאָגט זיך, אַז זי האָט נאָך היינט ניט געהאַט קיין לעפל וואַרעמס אין מויל. און יענער איד קוקט אויף מיר מיט אַ רחמנות פּנים, און בעט מיך אפשר

קען איך אים ברענגען פון ערגעץ אַ שמעק טאַבאַק. און, אַז איך גיב אַ קוק אויף יענעם אידן מיט די צייטונגען, פאַרקלעמט מיך ביים האַרצן. ער שטייט נעבעך און לייזט ניט קיין פעני. ער האָט נאָך די זעלבע צייטונגען וואָס נעכטן...

„און אַז לאַלאַ איז מיט עטלעכע טעג שפּעטער אַריינגעקומען אין קלוב, רופט ער זיך אָפּ: — איר ווייסט, איך דענק, אַז איך האָב די אידן אַליין געמאָלן מיט עטלעכע יאָר צוריק. ווען ניט איר, וואָלט איך גאָר געוועזן פאַרגעסן אין זיי!

„די איסט סייד וועט ביסלעכווייז אַרונטערגעריסן ווערן, די לע־בעדיקע אידן וועלן מיט דער צייט אויסשטאַרבן, אָבער די בילדער וועלן נאָך לעבן לאַנגע, לאַנגע יאָרן, און וועמען מיינט איר וועט דאָס זיין צו פאַרדאַנקען? אַלץ מיר, ווייל איך און נאָר איך האָב דאָס אַנט־דעקט דעם מאָלער לאַלאַ!״...

***

ג

**א**ויב הירש רייף, דער „אַנטדעקער״ פון לאַלאַס מאָלעריי, איז צוגעגאַנגען צו לאַלאַס קונסט מיט די אויגן פון אַ פּרימיטיוו, האָט אַן אַנדערער, דער דיכטער יעקב סטאָדאָלסקי, אים אויפגענומען ווי אַ קונסט־טעאָרעטיקער, און האָט אים, אויף דער פראָנט־זייט פון נעמלעכן נומער „וואָכנבלאַט״, באַגריסט עדיטאָריעל, און אַרויסגעבראַכט דעם „מוסר השכל פון לאַלאַס אויסשטעלונג״:

„לאַלאַ־ישראלס בילדער־אויסשטעלונג, אין די קלוב־צימערן פון דער „אידישער ליטעראַטור־געזעלשאַפט״, איז, אין אַ געוויסן זין, גע־ווען „אַ שטילע״, אַן אינטימע, נאָר פאַר נאָענטע מיטגלידער און פאַר די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט לאַלאַ־ישראלס קינסטלערישע אַרבעטן. אָבער אַלע, וואָס זיינען געקומען אין באַרירונג מיט לאַלאַס ווערק האָבן געהאַט ס׳געפיל, אַז מען שטייט דאָ פאַר אַ גרויסער קינסטלערישער פּאַסירונג.

„קונסט האָט ליב דעם גאַנצן מענטשן אין דעם קינסטלער; זי פאַרלאַנגט זיין גאַנצע איבערגעגעבנקייט; זי איז אויפריכטיק; זי וויל זיין גאַנצן צוטרוי: דערפאַר וועט זי אים, דעם קינסטלער, שענקען איר גאַנצע פאַרטרוילעכקייט — האַלב־וועג איז איר פרעמד. זי איז מאָנאָ־גאַמיש. זי פאַרלאַנגט זיין גאַנץ לעבן נאָר פאַר איר אַליין; און אויב דאָס לעבן האָט גרייט שטערונגען פאַר אים, ליידן זיי ביידע — די קונסט און דער קינסטלער.

„פון לאָלאַ־ישראלס קינסטלערישע אַרבעטן, ווערט מען געוואויר, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ מעדיטאַטיוון קינסטלער; מעדיטאַציע איז סוביעקטיוו אין כאַראַקטער; זי האָט אַ נייגונג צו טיפערע מוזיקאַלישע טענער; און ביי לאָלאַ־ישראלן זיינען די צוויי עלעמענטן שטאַרק אָנזעעוודיק. זיין קינסטלערישער טעמפּעראַמענט ליגט ניט אין דרויסן פון זיינע אַרבעטן. ער ציט זיין יניקה פון טיפערע זאַפטן, פון אַ טיפערער ליבע צו זיינע סוזשעטן, ווייל זייענדיק מעדיטאַטיוו, האָט אַזאַ קינסטלערישער טעמפּעראַמענט ליב צו טראַכטן, צו פילאָזאָפירן — און פילאָזאָפיע האָט אַן אייגנשאַפט צו סינטעטיזירן; דאָס מיינט, אַריינעמען אַלע פּרטים אונטער איין כלל.

„באַקענט מען זיך, אפילו דורך אַ קליינעם שטודיום, מיט לאָלאַ־ישראלס אַרבעטן, מיט זיינע מאַלערישע לייוונטן, זעט מען, אַז אין הערשנדיקער געדאַנק נעמט אַרום זיינע בילדער; אַז אַלע זיינע אַרבעטן זיינען ,קינסטלעריש, באַהויכט פון איין הויפּט־אידייע, און יעדעס בילד באַזונדער לעבט, זעליש, פון דער אידייע; ס'איז ניט צו באַמערקן אויף זיינע בילדער קיין זשורנאַליסטישע צופעליקייטן; מען זעט באַשיינפּערלעך איין, אַז דער קינסטלער איז געווען באַוואוסטזיניק און פילאָזאָפיש פּאַראינטערעסירט אין זיינע אַרבעטן. און מיט אָט־אַזאַ מאַטעריאַל, מיט אַזאַ צוגאַנג, האָט דער קינסטלער לאָלאַ־ישראל זיין קינסטלערישער פּריזמע, ווי אַ איד, דירעקט אָנגעשטעלט אויפן אידישן לעבן, דורך זיינע פילצאָליקע לייוונטן פון דער איסט־סייד.

„וואָס פאַר עפּאָפּייע, וואָס פאַר אַ מאַלערישע סימפאָניע וואָלטן מיר ניט געהאַט, ווען דער קינסטלער וואָלט ניט געהאַט קיין שטערונגען אויפן וועג, — שטערונגען, די גרעסטע פון וועלכע איז די מוראדיקע גלייכגילטיקייט פון אונזערע אַזוי־גערופענע וואָרט־פירער, וואָס האָבן אי אַ קנאַפּע פאַרשטענדעניש און נאָך אַ קלענערע סימפּאַטיע פאַר די קונסטן".

ד

כ'האָב דעם געפיל, אַז די פייער־פאַקעלן, וועלכן די וואָכנבלאַט־ניקעס האָבן אָנהויב 1939 אָנגעצונדן לכבוד לאָלאַס אין ווינקל־פאַררוקט־און־פאַרשטויבטער קונסט, האָבן אים געהאַלטן אין וואַרעמען, אין מונטערן און אין דערמוטיקן ביז צו אַרויסברענגען — 16 יאָר שפּעטער — זיינע אין עניוות־פאַרקלעמטע קונסט־צייכענונגען אין אַן אימפּאָזאַנט־אויסזעענדיקן בילדער־אַלבום, וועלכער איז ענדלעך דערשינען אין אָנהויב פון דעם יאָר — 1954. און ווען דעם 18טן אַפּריל האָט דער „פאָרווערטס", — וואו לאָלאַ איז די לעצטע יאָרן דער קאַרטוניסט, — אָפּגעדרוקט אין זיין זונטאָגדיקער קונסט־ביילאַגע, צוויי פולע זייטן, אַלס

אַ רעפּרעזענטאַטיווער טייל פון לאָלאַס אַלבום, האָט עס מיך ווי אַ זייטיקן מחותן זייער געפרייט, און איך האָב מיט דעם ווידער באַצירט די ווענט פון די נייע רעדאַקציע־צימערן. דער אַלבום „די אַמאַליקע איסט סייד אין בילדער", פון לעאָן איזראַעל (לאָלאַ) איז פאַר מיר, דעריבער, ניט אינגאַנצן קיין אַנטדעקונג, נאָר נאָך אַ באַשטעטיקונג. און אַזוי איז יעדער אַרטיקל וועגן בוך. און אַזוי דוד איינהאָרנס באַגייסטערטע אָפּ־האַנדלונג אינם בוך. און אַזוי — יעדע שמחה לכבוד דעם בוך.

נאָר אָם־מערסטן האָב איך זיך די טעג געפרייט מיט אַ פעליעטאָ־ניסטישן שפּיל וועגן לאָלאַס בוך, פון איינעם וואָס באַהאַלט זיך אונטערן פען־נאָמען „בען לאַרשי" („פאָרווערטס", 5טער אַפּריל, 1954). מיט עטלעכע פּאַראַגראַפן פון זיין געראַטענער שרייבערישער שטיפעריי איז כדאי מזכה־צו־זיין מיינע חשובע לייענער, — ווייל מיט זיין האַלב־שטי־פערישן שרייב־מאַניער שטעלט ער אָן דעם געהעריקן ערנסטן טאָן, און גיט אונז, ווי דער העברייער וואָלט געזאָגט, אַ „מיעוט המחזיק את המרובה":

„האָט אָט דער פריינט מיינער—מיינענדיק לאָלאַן (י. ל.)—דורכגע־לעבט העכער זעכציק פרילינגס, זומערס, האַרבסטן און ווינטערס אָן פּרע־טענזיעס צו קיינעם, געלעבט שטיל און באַשיידן. אַמאָל, אין זיין יוגנט, האָט ער געהאָט אָן אַמביציע צו ווערן אַ קינסטלער. קומענדיק קיין אַמעריקע איז ער אַריינגעטראָטן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע און זיך געלערנט מאָלן. ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט אָבער זיין באַ־שיידנקייט האָט אים צוריקגעהאַלטן פון שטופּן זיך פאָראויס.

„אַ טאַלאַנט איז אַ געשאַנק פון גאָט און גאָטס געשאַנק קען מען ניט דערדריקן. פלעגט מיין פריינט מאָלן פאַרן אייגענעם גענוס. ער איז אָבער ניט געלאָפן ווי אַנדערע צו גרעניטש ווילעדזש, קיין קאָנעטי־קוט, צו קעיפּ קאַד אָדער גלאָסטער צו מאָלן פּעיזאַזשן. אים, דעם באַשיידענעם שטילן קינסטלער, האָט די איסט־סייד פון ניו־יאָרק צו־געשמידט צו זיך. ער האָט זיך פון איר ניט געקענט אָוועקרייסן. דאָ אויף דער איסט־סייד האָט ער געפונען זיין אינספּיראַציע און זיינע טע־מעס. ער האָט פאַרצייכנט סקיצן, געמאָלן מיט אויל און פּאַסטעל, מיט בליי־שטיפט און קויל — געמאָלן אַלץ וואָס זיינע אויגן האָבן געזען.

„און געזען האָט ער עלנד, אָרעמקייט, האַנדל־וואַנדל, אויסגעלאָ־שענע אויגן, אויסגעלאָשענע טרוימען און האָפענונגען, גרויע ווענט און פּאַרקן אָן בוימער, גערטנער פון אַספאַלט און פאָנטאַנען אָן וואַסער. ער האָט אָבער איבעראַל געזען אויך דעם מענטשן, וועמען ער האָט אַזוי ליב, דעם טאָג־טעגלעכן מענטש פון דער איסט־סייד. און ער האָט דעם מענטשן געמאָלן מיט ליבשאַפט, מיט פאַרשטענדעניש, מיט וואַרעמקייט, מיט מיטלייד. ער האָט גענומען זיין קונסט זייער ערנסט, געאַרבעט שווער

אויף יעדן בילד. איין בילד האָט ער געמאָלן פיר מאָנאַטן צוגרייטנדיק 80 סקיצן איידער ער האָט זיך גענומען צו איר און זי אויסגעפּאַרטיקט.

„מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק האָט דער קונסט־קריטיקער פון דער אַמאָליקער צייטונג „דהי וואָירלד" זיך אויסגעדריקט וועגן מיין פריינט, אַז ער איז אַ גאָט־געבענטשטער טאַלאַנט, וואָס אַזוינע ווי ער זיינען ווייניק ביי אונז. מיין באַשיידענער פריינט האָט באַשיידן געשמייכלט. מאַלע וואָס אַ קונסט־קריטיקער זאָגט. זאָל ער זאָגן. און ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט פון מאָלן, געמאָלט און געזאַמלט די בילדער ביי זיך אין סטודיע. זיי האָבן אָנגעפילט איין ווינקל, דאַן אַ צווייטן, דאַן אַ דריטן. זיי זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן איינע אויף דער אַנדערער, געקליבן שטויב און שפּינוועבס. זיי האָבן קיינמאָל ניט געזען די ליכט, זיינען קיינמאָל ניט אויסגעשטעלט געוואָרן געזען און אָפּגעשאַצט צו ווערן.

„ווייל מיין באַשיידענער פריינט האָט זיי ניט געמאָלן פאַר אַנדערע צו זען. ער האָט זיי געהאַלטן פאַר זיך, פאַר אייגענעם גענוס, ווייל דער געטלעכער כוח האָט אים געשטויסן דערצו. און געמאָלן האָט ער אין זיין פרייער צייט, ווייל אַ לעבן האָט ער געמאַכט טאָקע פון קונסט, אָבער ניט די קונסט, וועלכע האָט געלעבט אין אים. אַ לעבן האָט ער געמאַכט פון דער קונסט פאַר אַנדערע. ער איז געוואָרן אַ קאַריקאַטוריסט און אַ מיוראַל־מאָלער.

„ער האָט נאָך געאַרבעט אין „קיביצער", אין „קונדס". מיט דער צייט איז ער אַריין אַרבעטן אין „פאָרווערטס". יעדן זונטאָג געפינט איר זיינע קאַריקאַטורן אין „שטיף קינד". יאָ, איצט ווייסט איר דעם סוד. מיין פריינט איז „לאָלאַ". אָבער לאָלאַ איז נאָר אַ פּסעוודאָנים. זיין אמתער נאָמען איז לעאָן איזראַעל.

„איז אויב איר קענט מיין פריינט נאָר אַלס לאָלאַ, דאַן קענט איר אים ניט. בכדי אים באמת צו דערקענען מוזט איר זען לעאָן איזראַעל. איז אָבער לעאָן איזראַעל געלעגן צענדליקער יאָרן אין די פינסטערע פאַרשטויבטע ווינקלען פון אַ סטודיאָ און אויף דער וועלט האָט זיך אַרומגעדרייט אַ לאָלאַ.

„לאָלאַן האָט מען געזען אין הומאָריסטישע צייטונגען און אין מיוראַלס, מיט וועלכע ער האָט באַדעקט די ווענט פון רייכע הייזער, פון רעסטאָראַנען, אָפּיסעס און פיונעראַל־פּאַרלאָרס. אָט דאָס איז געווען די גרויע אַרבעט פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָ ניט לאַנג צוריק האָט אַן איטאַליענישער פיונעראַל־פּאַרלאָר באַשטעלט ביי לאָלאַן אַ ריזיקן מיוראַל צו באַדעקן אַ גאַנצע וואַנט, וואָס זאָל פאָרשטעלן אַ בילד פון ווענעציע. דאָס בילד האָט לאָלאַ געדאַרפט קאָפּירן פון אַ פּאָסט־קאַרטל.

איר קענט זיך לייכט פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ „גענוס״ אַ קינסטלער קען שוין האָבן ווען ער דאַרף מאַכן אַ לעבן פון אַזאַ סאָרט „קונסט״.

„איז טאַקע דער לעבן אַנגעגאַנגען אַ גרויער, יאָרן פון לייכטע הומאָריסטישע צייכנונגען און מיוראַלס פאַר קאָמערציעלע צוועקן. און דאַן, פּלוצים, אין דעם גרויען, טריבן אָוונט פון זיין לעבן האָט מיטאַמאָל אויפגעשיינט די זון אין מזרח און עס האָט זיך צעזונגען אַ נייער טאָג אין לעבן פון מיין פריינט:

„עטלעכע גוטע פריינט פון לאַלאַן האָבן אַמאָל באַזוכט זיין סטודיאָ און זיך גענומען צו די פאַרשטויבטע בילדער. זיי האָבן יאָרנלאַנג גע־קענט דעם קינסטלער, אָבער זיין באַשיידנקייט האָט אפילו פון זיי פאַר־באַהאַלטן זיין אמתן טאַלאַנט. ווען זיי האָבן אָפּגעווישט דעם שטויב פון די לייוונטן האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט אַן אוצר. איינס נאָכן אַנדערן זיינען די בילדער אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון פאַרגעסנהייט און מיט זייער ערשיינען האָט אויפגעלעבט מיטאַמאָל אַ הערלעכע פּאַנאָ־ראַמע פון דער איסט־סייד מיט אירע טיפן, מיט אַלע אירע ניואַנסן, אַ צאַפּלדיקע שטיק פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, קאָליררייך, האַר־ציק, מענטשלעך און וואָס איז וויכטיקער פון אַלץ: אויטענטיש, אָן צודאַטן, אָן פעלשונגען, נאָר אמתדיק און עכט.

„מען האָט געמוזט לאַנג איינטענהן מיט לאַלאַן ער זאָל ראַטעווען דעם אוצר פון זיין פאַרגעסונג. קאָלעגע דוד איינהאָרן, דערזעענדיק די בילדער, איז אָנגעצונדן געוואָרן מיט ענטוזיאַזם און האָט זיך אָוועק־געזעצט און אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן זיי און די תקופה, וועלכע זיי פאַרקערפּערן. לאַלאַ האָט זיך ענדלעך געלאָזט איינרעדן, און דער אַלבום „די אַמאָליקע איסט־סייד״ איז איצט ערשינען אין אַ וואונדער־לעכער פּראַכט־אויסגאַבע אין אַ באַשרענקטער צאָל עקזעמפּליאַרן.

„און מיט דער דערשיינונג פון אַלבום איז אויך ערשינען אין דער וועלט לעאָן איזראַעל, וועמען לאַלאַ האָט אַ גאַנץ לעבן פאַרטונקלט. לעאָן איזראַעל האָט ענדלעך געפונען זיך אַליין און ער איז דאָ. ער איז דאָ אויף אייביק, ווייל דאָס וואָס ער האָט אונז געגעבן האָט אים אַוועקגע־שטעלט צווישן די גרעסטע קינסטלער פון אַמעריקע״.

***

אָבער, ווי געזאָגט, פאַר אונז, אין דעם לאַגער פון „וואָכנבלאַט״, איז לאַלאַס גרויסער ווערט אַלס עכטער קינסטלער געווען אַ דבר ידוע, — אַ לאַנג־יאָריקער אַנאַרקענטער פאַקט.

און נאָך אַ זאַך האָבן מיר געוואוסט, אַז פונקט ווי עס האָבן אין אים בשלום געהויזט דער קאַרטוניסט מיט דעם מאַלער, אַזוי איז אין

אים ניט געווען קיין סתירה צווישן דעם קינסטלער און דעם מענטש, — וואָס דאָס איז שוין גאָר ניט קיין קליינ־קייט! ווייל פונקט ווי ער האָט זיך אַרויסגעוויזן עכט אין זיין סופּער־עניוותדיקייט, אַז עס האָט געמוזט נעמען פולע 45 יאָר אַז די ברייטע עפנטלעכקייט זאָל דערגיין דעם סוד פון זיין שאַפן, אַזוי איז ער, אָבער, בליץ־שנעל אינם גאַנג און אין געלאַף אפילו — וואָס דאָס איז גאָר קעגן דעם ריטם פון זיין פּאַרטרוימטן שטעל — אויפן רוף פון אַ חבר, צו דער הילף פון אַ פריינט.

ה

כאַראַקטעריסטיש פאַר לאָלאָס גוט־ברודערשאַפט, שיין־מענטש־לעכקייט און עכטער פריינטשאַפט איז זיין לעבנס־לענגלעכער אומגייי מיט דעם גרויסן וואָרט־קינסטלער מ. י. חאַימאָוויטש. ער איז געווען מיט אַ 13—12 יאָר צוריק דער רוח־חיים אין שאַפן די נויטיקע געלטער פאַר דער אַרויסגעבונג פון די צוויי בענד שריפטן פון מ. י. חאַימאָוויטש, און ער איז זיין לאָיאַלער פאַרטרעטער און באַשיצער פאַר די לעצטע זיבן־אַכט יאָר, בעת „דער אידישער אַנאַטאָל פראַנס" — ווי מען רופט חאַימאָוויטשן אין געוויסע ליטעראַרישע קרייזן — געפינט זיך אַן ערנסט־קראַנקער אין אַן אינסטיטוציע פאַר כראָניש־אומהיילבאַרע.

דעריבער, כדי דער עכטער עניו לאָלאָ זאָל זיך, באמת, ניט דערפילן אומבאַקוועם, דאַרף מען אונזערע אייליקע שטריכן וועגן אים אַזוי פאַר־רונדיקן:

דער 16־יאָריקער בחורל פון די פינסקער בלאָטעס, וועלכער איז אַהער געקומען אַ איד־און־מענטש־גראַדואירטער אין 1908, האָט, חלילה, ניט פאַרברודיקט מיט די היימישע שטיוול די ניו־יאָרקער טראָטואַרן, נאָר, פאַרקערט, ער האָט גענומען מיטן פּינזל אַרויסצוגיבערן די אינער־לעכע ליכטיקייט, שיינקייט און עכטקייט פון זיינע מיטמענטשן אויף דער אַמאָליקער אידיש־פּיאָנערישער איסט־סייד. און ווען מיר בלעטערן איצט זיין גרויסאַרטיקן קונסט אַלבום, פון עטלעכע און זיבעציק קונסט־ווערק, זאָגן מיר, מיט ניט־ווייניק שטאָלץ:

— אָט־דאָס איז אַ מענטש!

— אָט־דאָס איז אַ קינסטלער!

# ישראל לוצקי („דער אידישער פילאָזאָף")

## א

בעת מיין באַזוך אין מאָנטרעאָל אין די סוף־טעג פון חודש מאַי פון הײ־יאָר בין איך אויף אַזוי פיל באַאײנפלוסט געוואָרן צום גוטן און צום געזונטן וואָס די גרויסע קאַנאַדישע אידישע שטאָט האָט פאַר מיר, מיט עכטער עניוות, ווי אויף אַ טאַץ אַרויסגעלייגט אירע פאַר גאָט־און־פאַר־



לייט געבענטשטע מעשים טובים — אירע געטורעמטע שול־בנינים מיט אַרום דריי־מיט־אַ־האַלב־טויזנט אידישע תלמידים; איר איינציקאַר־טיקע אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, אין וועלכער מאָדערניסטיש־קאָנ־סטרואירטער געביידע עס הויזט אויך דער דאָרטיקער אידישער פאָלקס־אוניווערסיטעט; די גוט־רעדאַקטירטע טעגלעכע אידישע צייטונג, דער „קענעדער אָדלער״; די גוטמוטיקייט און די וואַרעמקייט מיט וועלכע אַ שרייבער־גאַסט ווערט אויפגענומען פון לאָקאַלן אידישן שרייבער־צעך — אַז איך, דער ניו־יאָרקער איד, בין שיר ניט געשלאָגן געוואָרן מיט אַ מין ניו־יאָרקישן מינדערוויכטיקייט־קאָמפּלעקס. עס איז מיר, דעם ניו־יאָרקער, פּשוט ניט אָנגעשטאַנען אַז מיין שטאָט, וועלכע קען אַריינקערפּערן אין זיך אַרום דרייסיק אידישע מאָנטרעאָלס, זאָל ניט האָבן וואָס אַרויסצושטעלן קעגן אַן אַזוי־געראָפּענער פּראָווינציעלער אידישער עדה. און די בושה, מוז איך זיך מודה זיין, האָט מיך פאַרפאָלגט היפּשע עטלעכע טעג, ביז מיין אויער האָט איינמאָל אויפגעכאַפּט אַ „מיר האָבן ניט״־פּראַזע פון אַ דאָרטיקן אידישן תושב: „מיר האָבן ניט, ליידער, קיין אידישע ראַדיאָ־שטונדע אין מאָנטרעאָל״. אין דער דיס־טאַנץ פון הונדערטער מייל איז פאַר מיר דער גוואַלדיק־גרויסער נעץ פון אידישע ראַדיאָ־סטיישאָנס אין ניו־יאָרק אויסגעוואַקסן נאָך אין גרעסערע פּראָפּאָרציעס, און אין צענטער פון אָט־דעם ראַדיאָ־געוועב — אַ פּינטעלע, אַ קול, אַ געשטאַלט, אַ מענטש: ישראל לוצקי.

## ב

דער העלד, וועלכער האָט מיך געראַטעוועט פון אַ מין ניו־יאָרקישן שפלות־קאָמפּלעקס — ישראל לוצקי — וועלכער איז צו מיליאָנען אידן ראַדיאָ־צוהערער באַקאַנט אַלס „דער אידישער פילאָזאָף״ — איז ניט נאָר „מעיד אין יו־עס־עי״, נאָר איז דורך־און־דורך אַ ניו־יאָרקער, אַן אויסגעקאַטשעטער און אויסגעכאָוועטער אין בראָנזוויל; כאָטש אויף די מעטריקעס איז אָנגעגעבן, אַז דעם 22טן אַפּריל, 1897, איז ער געבאָרן געוואָרן אין ליסענקע, קיעווער גובערניע, האָט ער אין די היימישע אוקראַאינער חדרים נאָך ניט צייט געהאַט צו גיין, ווייל איידער ער איז פולע פינף יאָר אַלט געוואָרן איז ער שוין אַריבערגעפּעקלט געוואָרן קיין אַמעריקע — קיין בראָנזוויל, הייסט עס, און האָט זיינע ערשטע אידישע יניקות געצויגן אין דער באַרימטער סטאָון עוועניו תלמוד תורה און אין דער ניט־וויניקער באַרימטער פּענסילווייניע עוועניו תלמוד תורה. גלייכצייטיק האָט ער, פאַרשטייט זיך, געלערנט אין פּאָבליק סקול — נומער 149 — וואו ס'האָבן דאָרטן אויך גראַדואירט דעני קעי מיטן איצטיקן דעפּיוטי־מעיאָר פון ניו־יאָרק הענרי עפּשטיין. ער האָט

אויך גראַדואירט, מיט אויסצייכענונג, פון דער איסטערן דיסטריקט האַי־סקול. פאַר לוצקין, פאַר דעני קעי און פאַרן איצטיקן דעפּיוטי מעיאָר פון ניו־יאָרק, הענרי עפּשטיין — פאַר די דריי באַרימטקייטן האָט די פּאָבליק־סקול יאָרן שפּעטער געמאַכט פּאַראַדנע פייערונגען.

פּאַראַלעל מיט זיין שעפּן תורה פון די בראָנזווילער תלמוד־תורות און גלייכצייטיק מיט זיין פלייסיקן שטודיום פון וועלטלעכע לימודים אין די ברוקלינער פּאָבליק סקולס און האַי־סקולס, האָט ער אויך גאָר יונג אָנגעהויבן באַזוכן די קורסן פון דעם לעבנס־אוניווערסיטעט, ענדיקנדיק שנעל און גרינטלעך איין קאָלעדזש נאָך דעם אַנדערן, איין פאַקולטעט נאָכן צווייטן.

צו 11־10 יאָר הויבט ער אָן לערנען חזנות ביי די חזנישע קאַרפּן־קעפּ פון יענער צייט וואו צווישן זיינע מוזיקאַלישע רביים איז אויך געווען לעאָ ליאָווס פאָטער, — אַ גדול אין חזנות. ישראליקל, דער וואונדער־קינד חזן, האָט גאָר שנעל זיך געשאַפן אַ רומפולן נאָמען אין די בראָנזווילער שולן און בתי מדרשים, וואו ער פלעגט ציען „פולע הייזער" אום שבתים און יום טובים. זיין נאָמען אַלס חזן ווערט אַריבערגעטראָגן אויך אין די פּראָווינץ־שטעט, — אַזוי אַז די חזנות האַלט אים אין שפּאַן ביז 18 יאָר. עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט צו אַ 11־10 יאָריקן עלטער ; חזנישע און מוזיקאַלישע אויסבילדונג פאַר זיבן־אַכט יאָר נאָכאַנאַנד און אַ גלייכצייטיקער שטודיום פון הונדערטער און טויזנטער מענטשן, מיט וועמען ער האָט געמוזט פּראָפעסיאָנעל קומען אין מגע־ומשא — וואָס פאַראַ אויסגעצייכנטע גראַדואירונג פון זיין ערשטן קאָלעדזש צום יונגן עלטער פון 18 יאָר !

ג

די חזנישע כלי־קודשדיקע פּראָפעסיע איז פאַר דעם זשוואָוון אינגל ניט געווען, זעט אויס, קיין סתירה צו ענינים פון אַריבער דעם אידישן תחום — ד. ה. צו אַל־מענטשלעכע אינטערעסן. נאָך אין זיינע „דזשוניאָר־האַי־סקול"־יאָרן ווערט ער פאַראינטערעסירט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און קריגט אָנזען אין דער „דזשוניאָר־ליג" פון די „יאָנג פּיפּלס סאָשעליסט ליג", באַוואוסט אַלס די „איפּסלס". נאָר זייענדיק בטבע אַ בונטאַר, אַ מענטש פון זעלבסטשטענדיקן דענקען, לאָזט אים ניט די אידישע פאַרוואָרצלטקייט זיינע פּראָפאַגירן די הייליקע און היילנדיקע רייד פון די נביאים, — וועמעס פּראָטאָטיפּ עס האָבן געזאָלט זיין די דעמאָלטיקע ראַדיקאַלע פּריידיקער, רעדנער און שרייבער, וועלכע פלעגן אַרויסוואַרפן זייער פלאַקערדיקסטן רעוואָלוציאָנערן פייער מערסטנס ביי די דעמאָלטיקע יום־כפור בעלער, מיט אַרויסשטעלן גאָט אַ קאָלעקטיווע פייג. אָט־די קאַריקאַטורישע פייג איז געווען שוין צו־פיל פאַר דעם

פרייען און אין תוך־ רעליגיעזן יונגן דענקער און רעוואָלוציאָנער און ער רעוואָלטירט קעגן דער אַזוי־גערופענער רעוואָלוציע גופא מיט אַ פינאַלן פאַרהאַק מיט דער טיר. אויך ניט קיין געוויינלעכער קורס אין סאָציאָלאָגיע.

צו 15 יאָר טרעט ער אַריין אין אַ נייעם אָפּטייל פון אוניווערסיטעט — אין דעם זשורנאַליסטישן פאַקולטעט. ער הויבט זיך אָן דרוקן מיט אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן אין בראָנזווילער וואָכנבלאַט „פּראָגרעס" און ווערט אַ יאָר שפּעטער דערהויבן צו רעדאַקטאָרשאַפט — אַן אַמט וועלכן עס האָבן פריער געהאַלטן י. אַדלער (ב. קאָוונער), חנא גאָטעס־פעלד, א. אַ.). נאָך זיין פאַרענדיקן האַי־סקול נעמט ער אָן, אין זוך פון ברויט, אַ סעקרעטאַר־שטעלע פון לאָס־אַנדזשעלעסער סאַניטאַריום אין ניו־יאָרק. ווען דער „האָום־אָפיס" דעלעגירט אים צו פאַרוואַלטן מיטן יערלעכן באָל און באַזאַר פון דער פילאַדעלפיער אָפּטיילונג פון דעם סאַניטאַריום, באַקענט ער זיך — אין לויף און געשמאַי פון רוטין — מיט אַ דאָרטיקער ענערגישער טוערין — ליליען סאַסס — פאַרליבט זיך אין איר, און זי „ענטפערט זיין רוף", און שטימט איין מיט אים חתונה האָבן בתנאי — חוץ די אַנדערע תנאים — אַז ער זאָל אויפגעבן כלל־טוערײ אַלס פּראָפעסיע. ער האָט געמוזט אָננעמען איר „אָנקאָדישענעל סאָרענ־דער". אַ ברירה האָט ער געהאַט?

נאָך דער חתונה בלייבט ער אַ פילאַדעלפיער תושב און הויבט אָן מיטאַרבעטן אין דער „אידישע וועלט", ווערט גלייכצייטיק דער קאָרעס־פּאָנדענט פון „טאָג", שפּעטער פון „היינט" און נאָך שפּעטער פון „צייט". ווען די פּועלי־ציוניסטישע טאָג־צייטונג שליסט זיך צו, מוז ער אויף אַ וויילע פאַרגעסן דעם צוזאָג צו זיין פרוי, און ער נעמט אָן די לאָקאַלע פאַרוואַלטערשאַפט פון „אוקראַאינער פאַרבאַנד", — אַן אַמט, אויף וועלכן ער האָט זיך אַזוי פיל אויסגעצייכנט, אַז איינער פון דעם „פאַרבאַנדס" טוער, דער פילאַנטראָפּ אברהם עליס, שיקט אים אויף זיינע אייגענע הוצאות קיין איראָפּע, כדי ברענגען קיין אַמעריקע די אַלע מיטגלידער פון זיין פרויס משפחה — די באַרענבוימס. דער יאָר־און־אַ־האַלב פון זיין אויפהאַלטן זיך אין איראָפּע, וואו ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט פילע וויכטיקע אידישע פירער, מיט די גדולי הדור פון קאָנטינענט — האָט דער יונגערמאַן מיט די שאַרפע חושים קיין רגע ניט פאַרוועדט לאיבוד, נאָר האָט יומם ולילה געשעפּט לערע און ערשט־האַנטיקן וויסן פון די אַל־געביטיקע גראַנד־פערזענלעכקייטן, — די גרונט־לייגער פון דער עפּאָכע.

קומענדיק צוריק קיין אַמעריקע, לאָזט אים די פּראָפעסיאָנעלע כלל־טוערײ נאָך אַלץ ניט אָפּ, און ער ווערט „פילד־סעקרעטאַר" פון אידישן קאָנגרעס. פון דאָרט אַ שפּרונג צוריק אין „אידישע וועלט" און דאַן — אַ נייער פּראָיעקט: אַן ענגלישע טעגלעכע צייטונג! ער מיט נאָך זעקס

אַמעריקאַנער יונגעלייט, אַמביציעזע עקזעקוטיווע באַאַמטע גרינדן אַ נייע טעגלעכע ענגלישע טאַבלאָיד־צייטונג אין פילאַדעלפיע, מיטן נאָמען „די דעילי ניוס", וועלכע ווערט צוויי יאָר שפּעטער פאַרקויפט צום באַ־רימטן אַרויסגעבער און נאַטוריסט, בערנאַר מעקפאַדן. אין די נעקסטע פינף יאָר האַלט ער אָן אַ פאַרוואַלטער־שטעלע אין אַ טעגלעכער ענגלי־שער צייטונג אין וויינלענד, ניו־דזשוירזי, און פון דאָרט, אַן איבערגיי, אַלס מענעדזשער, פון אַ וועכנטלעכער ענגלישער צייטשריפט אין אַט־לאַנטיק סיטי.

ד

זיין קליינע שטעלע אין אַטלאַנטיק סיטי אין דעם יאָר 1930 איז פאַר אונזער איצטיקן העלד געוועזן פון גרויסער — אפשר גרעסטער — באַ־דייטונג. ס'איז געוועזן דער ערשטער יאָר פון דער גרויסער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, און יעדער עקזעקוטיווע מענטש האָט דעמאָלט געמוזט „פאַר־קאַשערן די אַרבל", כדי ניט ווערן טאָטאַל אָפּגעווישט פון דער ווירט־שאַפטלעכער מאַפּע. און אויך אַזוי — דער דינאַמישער פאַרוואַלטער פון ענגלישן וואָכנבלאַט. די ראַדיאָ האָט אָנגעהויבן אויפשטייגן. און ס'איז אים איינגעפאַלן פאַרצולייגן פאַרן אָרטיקן אויפזעער פון סטיישאַן דאַבליו־פּי־דזשי צו טוישן „צייט" פאַר „פּלאַץ": די ראַדיאָ זאָל דעזיגנירן אַ געוויסע צייט צו רעקלאַמירן די צייטשריפט און דער זשורנאַל וועט רעקלאַמירן דעם סטיישאַן. ווי דערשטוינט איז, אָבער, אונזער העלד געוואָרן, אַז דער אויפזעער האָט זיך גאָרניט צוגעהערט צו זיינע פאָר־שלאַגן, כאָטש ער האָט אים געקוקט גלייך אין מויל אַריין. דער ראַדיאָ־ספּעץ איז גאָר פאַרכאַפּט געוואָרן פון לוצקיס געבענטשטן „ראַדיאָ־מויל", און האָט אים אָנגעבאָטן אַ שטעלע ביי זיך אויף דער ראַדיאָ: „ער זאָל שוין אויסטאָן זיין רעקל, און זיך נעמען צום מאיק". צוליב געוויסע מאָטיוון האָט לוצקי דעם פריינטלעכן אָנבאָט ניט געקענט אָננעמען, נאָר עטלעכע טעג שפּעטער, ווען ער האָט רעזיגנירט פון דעם וואָכנבלאַט, אין פּראָטעסט קעגן רעקעטירינג, און דעמאָלט פירט אים, זעט אויס, די השגחה צו זיין לעבנס־באַרוף, און ער שטעלט די ערשטע טריט אַלס אַנאָנסער אויף דער ענגלישער שטונדע, פאַרגייענדיק דערביי אין זיין גרויסן טרוים, — פון לאָזן אַלע זיינע כוחות אין אויפשפּיל אויף די גרויסע כוואַליעס פון דער ראַדיאָ־מלוכה אין אידיש.

דער ערשטער מלאך הגואל זיינער איז געווען ב. וולאַדעק. ס'איז דעמאָלט פון „פאָרווערטס" געגרינדעט געוואָרן דער גרויסער — אויב ניט גרעסטער — אידישער ראַדיאָ סטיישאַן; „דאַבליו־אי־ווי־די", און ישראל לוצקי ווערט פון וולאַדעקן אָנגעשטעלט אויף פּראָצענטן: 10 פּראָצענט פון דעם סך הכל פון די אַדווערטייזמענטס פון סטיישאַן, וואָס

דאָס האָט אין פּראַקטישן לעבן דעמאָלט געקענט מיינען ווי נאָר האָבן „וואַסער אויף קאַשע". האָט טאַקע אונזער העלד היפּש אונטערגעהונ־גערט, און עס וואָלט געווען גאָר ביטער, אומדערטרעגלעך ביטער, ווען ניט וולאַדעקס גאָר אָפטער מיטנעמען לוצקין צו לאָנטשעס און אפילו צו סאַפּערס.

צווישן די מער־וויניקע גרויסע ראַדיאָ־אַדווערטייזער פון יענער צייט איז געווען דער ניו־יאָרקער דענטיסט דזשוליוס לונענפעלד — לוצקיס צווייטער מלאך הגואל. דער דאָזיקער לונענפלד האָט זיך גע־לאָזן איינריידן פון לוצקין, אַז ער זאָל אים איבערגעבן, אויף פּראָ־צענטן, די השגחה פון זיין גאַנצער ראַדיאָ־צייט און דערמיט שיסן צוויי האָזן מיט איין מאָל: ער וועט האָבן מער פּעולה, און וועט אים דערצו נאָך איינשפּאָרן אַ וועלכע צוויי הונדערט דאָלאַר אַ וואָך. וועלכער בר־דעת וואָלט זיך ניט אָנגעכאַפּט אָן אַזאַ אויסטערלישן אָנבאָט ? גאָר שנעל האָט זיך דר. לונענפעלד איבערצייגט אין לוצקיס „עפישענסי" און ער האָט זיך מיט זיינע מיינונגען און עצות גענומען מער און מער רעכענען. אין יענער צייט — ווי עס פּאַסירט אָפט אויף דער בינע ווי אויף דער ראַדיאָ — איז איינער פון לונענפעלדס „סטאַרס", דער זינגער און שוי־שפּילער מאַקס ראָזענבלאַט, קראַנק געוואָרן, און מען האָט, אין דער שנעל, געמוזט צושטעלן אַ שטעל־פאַרטרעטער. מר. לוצקי האָט פאַר־געלייגט לונענפעלדן, אַז ער איז „וויליק" אויפטרעטן אויף ראָזענבלאַטס פּלאַץ, און דער דערפאָלגרייכער דענטיסט האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן, און ער האָט זשענטלמעניש אָנגע־נומען זיין פּלאַן: וואָרט — אָנשטאָט געזאַנג.

## ה

דער מאַן מיט די שאַרפע חושים האָט געהאַט אַ נאָך שאַרפערע תפיסה. ער האָט גלייך באַנומען אַז ער געפינט זיך אויפן שיידוועג; אַז ער שטייט דאָ ביים אָנהויב פון אַ מעגלעך־גרויסער קאַריערע. אַז יעדער שריט זיינער דאַרף זיין שקול ומדוד, — געוואויגן און געמאָסטן. ער דאַרף היינט־מאָרגן מאַכן זיין ערשטן ראַדיאָ־פאַרנויג. ער דאַרף ווערן פאָרגעשטעלט ! „די לופט" איז דעמאָלט פול געווען מיט „אידישע מאַ־מעס", „אידישע טאַטעס", „אידישע ציגיינער", „אידישע שיקסעס". און עס האָט אין אים אויפגעבליצט : „דער אידישער פילאָזאָף" : דער לערער, דער וועג־ווייזער, דער דענקער, דער שטראָפער, דער דערמוטיקער און דערמונטערער. און היות עס איז דעמאָלט אין אַמעריקע פּאָפּולער געווען דאָס פאָלקס־ליד „דער אידישער פילאָזאָף" — איז שוין אויך גרייט פאַר אים אַן ארייַנפיר־ליד, אַ ניגון, אַ לייט־מאָטיוו. הייסט עס, דער נאָמען

איז שוין דאָ. בלייבט נאָר, די אייביקע קשיא: די טעמע? איז דער ענטפער: דער ענטפער!! צו פאַרענטפערן דעם מענטשנס קשיות! מענטשן ווערן דאָך קיינמאָל ניט מיר צו פרעגן — דאַרף מען ענטפערן! ווער זאָל ענטפערן, אויב ניט „דער אידישער פילאָזאָף״? הכלל, ער ווייסט שוין ווי ער הייסט, און ער ווייסט שוין וואָס צו טאָן — ווערליק אַ פילאָזאָף! און אין גייסט פון אָט־דעם וויסן, און אין דער זיכערקייט און ציל־באַוואוסטקייט וואָס צו זאָגן, וואָס צו טאָן און וואָס צו ענטפערן — טרעט ער אויף צום ערשטן מאָל מיט דערפאָלג, דעם צווייטן מאָל — מיט גרעסערן דערפאָלג, ביז ער ווערט אַנגאַזשירט פון דעם געוואַגטן דילענסי־סטריטער ציין־דאָקטאָר אויף צוויי אויפטריטן אַ וואָך אויף סטיישאָן דאָבליו־בי־בי־סי, אונטער דער אַנאָנסערשאַפט פון אַרנאָלד יאָפע.

אַ וויטערדיקער עטאַפּ אין זיין קאַריערע איז אַן ענגלישער בריוו פון אַ פרוי וועגן זעלבסטמאָרד. זיין מייסטערהאַפטער אַנאַליז פון דעם בריוו און ווי עס געלינגט אים דורך דער ראַדיאָ צו ראַטעווען די פרוי פון זעלבסטמאָרד — אַן עפּיזאָד וואָס וואָלט געמעגט, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, אַרומגערעדט ווערן—פירט אים צו אַ קאָנטראַקט מיט דער „קוירטיס דעפּאַרטמענט סטאָר״, פון פּיטקין עוועניו, בראַנזוויל; אַ קאָנטראַקט פאַר 5 אויפטריטן אַ וואָך, פאַר 60 דאָלאַר — אַ ציפער אויף וועלכן ער האָט יאָרן לאַנג אויסגעקוקט!

אַ שטאַפּל העכער איז אַ 6־חדשימדיקער קאָנטראַקט מיט „פלאַו אינקאָרפּאָרייטעד״ פאַר 5 אויפטריטן פאַר 2 און אַ האַלב מאות אַ וואָך.

די קרוין פון זיין דערפאָלג דערגרייכט ישראל לוצקי מיט דער קאָמפּאַניע וואָס פּראָדוצירט „קאַרניישאָן מילך״, און די קרוין ווערט איינגעפאַסט מיט דימענטן, ווען ער שליסט, מיט אַן ערך פון צען יאָר צוריק, אַ קאָנטראַקט מיט „האַינז בעבלעך״.

מען שאַצט אַז ישראל לוצקי פאַרדינט — און זאָל אים וואויל באַקומען — ביי טויזנט דאָלאַר אַ וואָך פאַר זיינע ראַדיאָ־אויפטריטן. ווען געשעפט־פירמעס, וועמעס איינציקע שפּראַך איז פּראָפיטן, לאָזן אַ אידן פאַרדינען אויף שבת, מסתמא דערלייגן זיי ניט דערצו דער באָבעס ירושה. בעת די שורות ווערן געשריבן איז שוין אים מצד דער קאַרניישאָן קאָמפּאַני באַוויליקט געוואָרן דער זיבעצנטער יערלעכער קאָנטראַקט. לוצקיס פענאָמענאַלער דערפאָלג פאַר דער קאָמפּאַניע דורך זיין מיליאָן געשוואָרענע צוהערער קאָמפּענסירט אים ניט נאָר מיט לפי־ערכדיקע פּאַבלהאַפטע פאַרדינסטן, נאָר אויך מיט אויסערגעוויינלעכע פּריוויילעגיעס. ער איז פון די זעלטענע קאָמענטאַטאָרס וואָס ער קען אומגעשטערט אויסוויילן זיינע טעמעס, די פּרעזענטאַציע

פון זיין מאַטעריאַל און אפילו דעם אויפן פון באַהאַנדלען זיין „קאָמויר־שעל״. און פונקט אַזאַ צוטרוי און אַזאַ פרייהייט האָט ער פון „האָינז בעבלעך״ אין זיינע 3־מאָל־אַ־וואָכיקע נייעס־פּרעזענטאַציעס.

## ו

צו דערוועגבן אַ מיליאָן אידיש־הערנדיקע ראַדיאָ־פּאַטריאָטן — אַזאַ פּראַזע איז, אפשר, לייכט אויפצושרייבן, נאָר גאָרניט גרינג צו פאַרשטיין, צו באַנעמען. צענדליקער טויזנטער אידישע רעדעס האָט דער אַמעריקאַניש־דערצויגענער איינגל געהאַלטן פאַר זיין מיליאָניקן פּובליקום, און זיין עדה ווערט, זעט אויס, גאָר ניט מיד פון הערן אים ווידער און אָבער. וואָס איז זיין כוח? וואו ליגט זיין גבורה? אויף דער ראַדיאָ־בירזשע טייטשן די ראַדיאָ־מפרשים, אַז זיין כוח הדיבור איז אַ דרייענדיקער, ד. ה. אַז ער פאַראייניקט אין זיין שטימע די דריי הויפּט מעלות פון אַרטור גאָדפרי, פיאָרעלאָ לאַ גוואַרדיאַ און גיילען דרייק. אין די לאַנגע יאָרן וואָס איך האָב נאָכגעפאָלגט לוצקיס אַנטוויקלונגען, שיינט מיר, אַז דער חוט המשולש וואָס האָט אים געפירט צום אומפאַרגלייכלעכן דערפאָלג פון זיין לעבן־שליחות באַשטייט אין שירה, אמונה און בטחון. זיין חזנות — זיין פיין־זינגענדיקע באַריטאָן־שטימע איז אים נאָך אַלץ צו דינסט. די אמונה, וואָס האָט אים געקרעפטיקט אין די שווערע מינוטן פון נסיון — זי באַגלייט אים עד היום אין זיין טראָט, אין זיין טאַט און אין זיין וואָרט. און מיט זיין בטחון אין נצח ישראל האַלט ער אויף דעם מוט און קרעפטיקט די הערצער פון זיינע מיליאָנען צוהערער! דערפאַר איז גרויס זיין כוח פון וואָרט און זיין השפעה איז אין לשער.

עס איז דעריבער מער ווי כדאי צו ברענגען פאַר מיינע לייענער בכל תפוצות הגולה, וועלכע האָבן ניט, ליידער, די געלעגנהייט צו נהנה זיין פון לוצקיס „ראַדיאָ־מויל״ כאָטש צוויי מוסטערן פון זיינע צענדליקער טויזנטער רעדעס. אָט איז — אַן ווייטערדיקע הקדמות — איין מוסטער פון זיינס אַ רעדע, געהאַלטן אַרום מיטן יאָר פון 1946, אויף דער טעמע „בראָדוויי און דער אידישער טעאַטער״:

„מייך היינטיקער פּראָגראַם איז געווידמעט צו דער אידישער געזעלשאַפטלעכער פראַגע וועגן אידישן טעאַטער, און, אינספּירירט דערצו בין איך געוואָרן ניט בלויז צוליב דער צייטמעסיקייט פון דער פראַגע אַליין, נאָר ערשטנס דורך דעם אינטערוויו וואָס איך האָב געהאַט מיט מאָריס שוואַרץ, מיטוואָך דעם זיבעטן אויגוסט, 2 אַזייגער בייטאָג און אויך פון דעם בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן און וועלכן איך האָב בדעה איצט פאַר אייך צו לייענען:

„געערטער פריינט פילאָזאָף — הויבט זיך אָן דער בריוו — זייענ־

דיק אייערער אַ שטענדיקער צוהערער, האָב איך אויך נישט פאַרפעלט צו הערן דעם אינטערעסאַנטן אינטערוויו, וועלכן איר האָט אַדורכגע־פירט מיט אונזער גרויסן מאָריס שוואַרץ, און איך מוז אייך זאָגן, אַז עס איז מיר דערפון צוגעקומען אַ שטיק געזונט. אָבער אָט דעם בריוו שרייב איך אייך נישט נאָר כדי אייך אויסצודריקן מיין האַרציקסטן דאַנק פאַר דעם גייסטיקן פאַרגעניגן וואָס איר און מאָריס שוואַרץ האָבן מיר פאַרשאַפט, נאָר הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל זייענדיק אַליין אַ לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר פון אונזער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין, האָב איך ליידער געמוזט פעסטשטעלן, אַז מר. שוואַרץ איז פולשטענדיק גערעכט, ווען ער באַקלאָגט זיך, אַז אידישע געזעלשאַפטן זוכן, צוליב נישטיקע סיבות, צו אונטערגראָבן די עקזיסטענץ פון אידישן טעאַטער, דורך קויפן זייערע בענעפיטס אויף בראָדוויי. שוואַרץ האָט דערקלערט, אַז אָט די אידישע געזעלשאַפטן רעדן זיך איין, אַז דורך אַ פאַרשטעלונג אויף בראָדוויי קענען זיי מאַכן גרעסערע פראָפיטן, אָדער זיי גלויבן, אַז פאַר זייערע מיטגלידער איז שוין דאָס אידישע טעאַטער צו אָרעם, אָדער זייריידן זיך איין, אַז דער אַמעריקאַנער איד דאַרף וואָס גיכער אַסימילירט ווערן, און דערוויטערן אים פון אידישן טעאַטער איז אַ באַדייטנדיקער שריט אין אָט דער טרויעריקער ריכטונג. איך געדענק נישט צי שוואַרץ האָט זיך אויסגעדריקט אין אָט די ווערטער, אָבער איך בין זיכער, אַז אָט אַ דאָס איז געווען זייער זין, און עס טוט מיר וויי וואָס איך מוז פעסטשטעלן, אַז ער איז גערעכט, און ווי גערעכט. ווי שוין געזאָגט אין אָנהויב פון מיין בריוו, בין איך שוין יאָרנלאַנג דער סעקרעטאַר פון אַ גרעסערער אידישער לאַנדסמאַנשאַפט דאָ אין ניו־יאָרק, און אין מיין אייגנשאַפט אַלס איינפלוסרייכער באַאַמטער, בין איך אויך געוויינלעך דער פאַרשטייער פון דער בענעפיט־קאָמיטע וועלכע אַראַנזשירט אונזער יערלעכע טעאַטער־פאַרשטעלונג.

„פאַר די לעצטע צוויי יאָר קומט מיר אָן זייער שווער אַדורכ־צוזעצן ביי די אַנדערע מיטגלידער פון דער קאָמיטע, אַז די בענעפיט־פאַרשטעלונג זאָל געקויפט ווערן אין אידישן טעאַטער. אין אַ וואָך אַרום וועט פאַרקומען אונזער ערשטע אַל־ֿגעמיינע פאַרזאַמלונג אויף וועלכער די בענעפיט־פראַגע וועט זיך געפינען אויפן טאָג־אָרדענונג, און איך ווייס שוין איצט וואָס פאַר אַ דעבאַטע עס וועט זיך אַנטוויק־לען, און וואָס פאַר אַ מיינונגען עס וועלן אויסגעדריקט ווערן. איך ווייס עס פון דערפאַרונג, ווייל וואָס אַ יאָר אַלץ שטאַרקער ווערט דער לאַגער פון יענעם צד, וועלכער וויל דווקא אַ פאַרשטעלונג אויף בראָדוויי. אין מיין פאַראיין ווערט געוויינלעך אַרויסגעבראַכט דער געדאַנק, אַז די עלטערע מיטגלידער וועלן אויך צוציען זייערע קינדער צום אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, און אויף קיין בעסערן אופן קען עס נישט

געשען, ווי אונטערקויפן זיי מיט אַ טיקעט צו׳ן אַ פֿאָרשטעלונג אויף בראָדוויי. דערויף קומט מיר אַלעמאָל אויס צו ענטפערן דאָס זעלבע. געמלעך: „כדי צוצוציען דעם יונגן אידישן דור צו דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, קען עס אויף קיין בעסערן אופן נישט זיין, ווי דורך אידישער דערציאונג״. אָבער, ווי שוין געזאָגט, ווערט אַט דער קאַמף אַלץ שווערער און שווערער, און ער טראָגט זיך אויך אַריבער אויף דער בענעפיט־קאָמיטע, וואו איך בין אין דער מינדערהייט, און טאַקע נאָר אַ דאַנק מיין פערזענלעכן איינפלוס איז מיר ביז איצט געלונגען זיי אַריבערצוגעווינען אויף מיין זייט. איך פיל אָבער פונקט אַזוי ווי איר, פריינט פילאָזאָף, און אויך מיסטער שוואַרץ, אַז דאָס איז מער נישט קיין פּריוואַטע פראַגע, אָדער אַ פראַגע וואָס רירט אָן איינצלנע אידישע געזעלשאַפטן, נאָר טאַקע די גאַנצע אידישע גאַס; און פונקט ווי מר. שוואַרץ, גלויב איך אויך, אַז איר מיט אייער גרויסן איינפלוס אויף דער אידישער גאַס, קענט אַ סך העלפן אין דער אויפ־קלערונג־אַרבעט וואָס פאָדערט זיך, אַז די פאַרבלענדעטע אידישע עלעמענטן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע פאַלשע אויספאַסונגען, און זיך אומקערן צום קוואַל פון אידישן גערעדטן וואָרט.

„האָפנדיק, אַז איר וועט געפינען די נויטיקע צייט צו שענקען אייער אויפמערקזאַמקייט צום אינהאַלט פון אַט דעם בריוו, פאַרבלייב איך, אייער געטרייער צוהערער, דאַלעד ען״.

„מיין ליבער פריינט דאַלעד ען.

„איך בין אייך פשוט דאַנקבאַר פאַר דער געלעגנהייט, וואָס איר גיט מיר אָנצוהויבן אָט די אויפקלערונגס־קאַמפּאַניע, ווי איך האָב זי טאַקע אויף יענעם אינטערוויו צוגעזאָגט אונזער פריינט מאָריס שוואַרץ, און איך האָב בדעה מיין צוזאָג צו האַלטן. זינט יענעם אינטערוויו האָב איך זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פאַרטרעטער פון דער אידישער טעאַטער־פּראָפעסיע, דאָס הייסט, מיט פאָרשטייער פון דער קינסטלערישער און אויך פון דער געזעלשאַפטלעכער זייט, און איך האָב אויך געשאַפן אַ קאָנטאַקט מיט פאָרשטייער פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן מיר, לײדער, באַשטעטיגט, אַז אַלץ וואָס מאָריס שוואַרץ האָט מיר געזאָגט מינדלעך, און אַלץ וואָס איר, פריינט דאַלעד ען, זאָגט מיר שריפטלעך, איז אמת. איך בין אויך פולשטענדיק מסכים מיט אייך, אַז דאָ פעלט דערציאונג, אָבער נישט בלויז די דערציאונג פון דער אידישער יוגנט, נאָר פון אירע עלטערן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די מיטגלידערשאַפט פון די אידישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אַן אויפקלערונגס־קאַמפּאַניע אינם פולן זין פון וואָרט, ווי עס פאָדערט זיך דאָ נישט בלויז מיין אַרבעט, און די אַרבעט פון דער אידישער טעאַטער־פאָרשטייערשאַפט, נאָר אויך די

קאָפּעראַציע פון יעדן איינעם וועלכער האָט אַ געלעגנהייט צו נעמען אַ וואָרט אין אָט דער פראַגע, און מעג עס זיין אין זאַל פון זייער לאַנדסמאַנשאַפט אָדער אין פּריוואַטן קרייז פון זיינע באַקאַנטע. איך וויל זאָגן פונקט ווי איר, אַז די הויפּט־אורזאַכן פאַר אָט דער קראַנק־האַפטיקער דערשיינונג איז אַ סאָרט מה־יפית איינשטעלונג, געמישט מיט דעם וואונטש פון זיך רייבן אין „הויכער" „סאָסייעטי", ווייל קיינער וועט מיר נישט איינריידן אַז אַן עכטער אידישער איד קאָן מער הנאה האָבן אויף בראָדוויי, ווי אין אידישן טעאַטער, וואו ער הערט אַ טיפּזיניק אידיש וואָרט, אָדער אַפילו נישט מער ווי אַ אידישן וויץ אָדער אַ גלייכווערטל. איך רעד איצט נישט בלויז וועגן מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער אַליין. איך רעד וועגן דעם אַלגעמיינעם אידישן טעאַ־טער, וועלכער באַט אונז אָן אַ גאַנץ שיינע אָפּערעטע, אַ פיינע מעלאָ־דראַמע, און ריינע אידישע וואָדעוויל אָדער קליין־קונסט, — קונסט־צווייגן, וואָס דאַרפן און קענען זיך צופּאַסן צום געשמאַק פון יעדן איינעם.

„ווען דער אַנהענגער פון בראָדוויי קומט צוגיין מיט דער באַהויפּ־טונג, אַז דאָס אידישע טעאַטער איז אָרעם אין פאַרגלייך צום ענגלישן, איז עס אפשר ריכטיק אין זין פון דער אַזויגערופענער אויסשטאַטונג, אָבער נישט לגבי דעם אינהאַלט, ווייל בראָדוויי אָפּערט אונז פראָ־פעסיאָנעל גרעסערע, אָבער אויך ערגערע מאַכערייקעס אויפן געביט פון שונד, און וואָס אַנבאַלאַנגט קונסט, דאַרף זיך אונזער מאָריס שוואַרץ פאַר קיינעם נישט בויגן אָדער פאַרשעמען.

„אַזוי אַרום ווערט צעקלאַפּט דער הויפּט־אַרגומענט פון יענעם עלעמענט, וועלכער האָט בכלל נישט קיין גוט וואָרט פאַר אַלצדינג, וואָס אָטעמט מיט אידישקייט, און עס ציט אים צו די גויים, וואו ער איז גאַנץ אָפט נישט אַזאַ אַנגעלייגטער גאַסט, ווי ער רעדט עס זיך איין. וואָס אַנבאַלאַנגט דער אידישער יוגנט, איז שוין דער פּראָבלעם אַ סך שווערער. אָבער מיט דער הילף פון אירע עלטערן לאָזט ער זיך אויך לייזן. דער זייגער זאָגט מיר, אַז איך וועל היינט אויף מיין פּראָגראַם נישט זיין אין דער לאַגע אָט די טעמע גרינטלעך אויסצוי־שעפּן, אָבער איר מעגט נעמען מיין וואָרט, אַז איך האָב ערשט היינט אָנגעהויבן דעם „קאַמפּעין" און איך וועל אים, אם ירצה השם. פאָרטזעצן.

„פאַר היינט וויל איך פאַרענדיקן מיט דעם פאָלגנדיקן קורצן אויפרוף צו אַלע פירער און פאָרשטייער פון אידישע געזעלשאַפטן:

„לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון דעם עלעקטרישן גלאַנץ אויף בראָדוויי, ווען איר דאַרפט אַנטשיידן מכוח אַ בענעפיט־פאָרשטעלונג. עס איז אייער פליכט אַלס אידישער פאָרשטייער דערויף אַכטונג צו

געבן, אַז אייער געזעלשאַפטלעכער אַמט זאָל נישט זיין קיין פּוסטער טיטל אָן אַ טיפערער באַדייטונג. דאָס אידישע וואָרט, אין זיין דראַמאַ־טישער פאָרם, איז איינער פון די זיילן וואָס האַלט אויף דעם גאַנצן אידישן בנין, און יעדער איינער, וועלכער גראָבט אונטער אָט דעם זייל, באַגייט אַ זינד פּונקט ווי ער וואָלט געוואָרן אַן אָפּטריניגער פון אונזער פאָלק. שטיצט דאָס אידישע וואָרט, אין וועלכער פאָרם עס זאָל צו אייך נישט קומען, גייט אין אידישן טעאַטער און קויפט אייערע בענעפיטס אין אידישן טעאַטער. אין איינעם פון די קומענדע פּראָגראַמען וועט די זעלבע טעמע ווידעראַמאָל באַהאַנדלט ווערן.״

***

ז

און אָט איז נאָך אַ מוסטער פון אַ רעדע, אויף דער טעמע „צו אַ געזונט און פריש און פריי אידיש וואָרט״, געהאַלטן פרייטאָג, 22טן נאָוועמבער, 1946:

„איינע פון די ווערטפולסטע קאָמפּענסאַציעס, וואָס איך באַקום אַלס באַלוינונג פאַר מיין אַרבעט, איז די פּריווילעגיע צו קומען גאַנץ אָפט אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט, אין פּערזענלעכער פאַרבינדונג מיט אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן, און ספּעציעל מיט רייכע, גאָר רייכע מענטשן. איך מיין, מיינע טייערע, אַז ווען איר הערט מיך זאָגן: רייכע, גאָר רייכע מענטשן — שטויסט איר זיך, מסתמא, אָן אַליין, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן מענטשן, וועלכע זיינען רייך אין געלט און אין אַנדערע מאַטעריעלע אייגנטומס, נאָר מענטשן, וועלכע זיינען רייך אין גייסט, אין קולטור, אין טראַדיציע.

„צווישן אָט די העכסט אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן צייל איך מיין חבר און קאָלעגע יצחק ליבמאַן — דעם אַרויסגעבער און שעף־רעדאַקטאָר פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״ — אַ יידישע צייטשריפט, מיט וועלכער אַלע פיינשמעקערישע ליבהאָבער פון דער אידישער שפּראַך זיינען מיט רעכט שטאָלץ.

„אָט דאָ, מיט אַ טעג צען צוריק, האָט מיר יצחק ליבמאַן אָפּגע־שטאַטעט אַן אומדערוואַרטעטן אָבער דערפאַר העכסט אָנגענעמען וויזיט, און נאָך איידער וואָס־עפּעס, האָט ער מיר אונטערן נאָז כמעט אונטערגערוקט אַן אויסגאַבע, אַ פרישע, פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, און גלייך אויף דער פאָדערשטער זייט פון יענער אויסגאַבע זיינען מיינע אויגן צוגעצויגן געוואָרן פונם וועכנטלעכן עדיטאָריעל מיטן טיטל: „בראָדוויי ווערסוס סעקאָנד עוועניו״. אין אַנדערע ווערטער,

דער זייער אַנגעוויטאַגטער ענין וועגן דעם אַנהאַלטנדיקן קאַמף צווישן דער אידישער נאָכפאָלגערשאַפט פון ענגלישן און אידישן טעאַטער. און נאָך איידער איך האָב געהאַט די געלעגנהייט אויפצוקלערן מיין פריינט יצחק ליבמאַן אַז איך בין זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אָט דעם ענין און אַז איך האָב אָט דעם זעלבן ענין שוין מער ווי איינמאָל באַהאַנדלט אויף מיינע ראַדיאָ פּראָגראַמען, איז ער מיר פאַרלאָפן דעם וועג און מיר געזאָגט אַז טאַקע דאָס, וואָס ער האָט געהערט פון מיין מויל דורך די לופט־כוואַליעס האָט אים אינספּירירט אָנצושרייבן דעם עדיטאָריעל. און נאָך מער: אויב איך וועל זיך נאָר ניט פוילן, וועל איך געפינען אויף אַן אינעווייניקסטער זייט טאַקע פון דער זעלבער אויס־גאַבע „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" אַ כמעט ווערטערלעכן אויסצוג פון מיינעם אַ ראַדיאָ פאָרטראָג וועגן אידישן טעאַטער און ספּעציעל וועגן דער התחייבות, וואָס ליגט אויף אונז אַלעמען צו דעם אידישן טעאַטער, און אָט די גאַנצע אָנגעלעגנהייט האָט אים געבראַכט צו מיר אויף אַ פּלוצלינגן וויזיט.

„יצחק ליבמאַנס איינפאַל איז מיר געפעלן געוועןָ, און זינט יענעם וויזיט זיינעם צו מיר אין אָפיס, האָב איך גע׳חקירהט און געטראַכט און זיך סוף־כל־סוף דערטראַכט צו אַ באַשטימטן ענדציל און טאַקע וועגן דעם, מיינע טייערע, וויל איך זיך איצט מיט אייך אַלעמען דורכשמועסן. הערט זיך איין, אָבער אַזוי, מיט כונה. דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" איז אַ טיפּישע אידישע אינסטיטוציע. אין פאַרגלייך מיט די פיל־פאַרביקע פון גרויס־אינדוסטריע־אונטערשטיצטע אַמעריקאַנער ענגליש־שפּראַכיקע זשורנאַלן — איז דאָס „וואָכנבלאַט" פּיזיש זייער אָרעם אין אויסקוק: אָן אויגן־אויפרייצנדע בילדער, אָן אָטעם־פאַר־כאַפּנדע רעקלאַמעס פון אַדווערטייזינג־ספּעציאַליסטן; דערפאַר אָבער — פון אינעווייניק — זייער רייך־דערציעריש און קולטורעל רייך, אַ סך רייכער ווי פילע ענגלישע צייט־שריפטן. און פאַר אונז, אידישע קינדער, איז דאָס איבערהויפּט אַ ליטעראַרישע צירונג, ווייל דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" איז אַ מוסטער פון שריפטלעכן אויסדרוק אין אידיש. ניטאָ, כמעט, קיין איין איינפלוסרייכער און באַדייטנדער שרייבער און דענקער און פילאָזאָף — וואָס זאָל זיך ניט באַטייליקן, אין איין צייט אָדער אין אַן אַנדערער, אין אָט דער יחסנדיקער ליטעראַרישער טרי־בונע. נאָך מער: סיי געציילט צו ווערן צווישן די שרייבער, וועלכע דרוקן זיך דאָרט, סיי אַלס לייענער פונם „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" איז דאָס אַן־און־פאַר־זיך אַ שטעמפּל פון ליטעראַרישן געשמאַק, פון קול־טורעלער אַנטוויקלונג. אָ, מיינע טייערע, אַוודאי ווייס איך צוז־גלייך מיט אייך, אַז מיר האָבן קיין עין־הרע אַ רייכע אידישע פּרעסע אין אַמעריקע — זאָל זי נאָר זיין אויף אייביק געזונט און שטאַרק.

אָבער מערסטנטיילס גיבן זיך די טעגלעכע צייטונגען אונזערע אָפּ מיט טאָג־טעגלעכע זאַכן, און איעדער איינער פון זיי אירע אַרויסגעבער האָט זיך זיינע אייגענע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע און געשעפטלעכע חשבונות, און ער איז געצוואונגען צו פּרעזערווירן פאַר זיין צייטונג אַ באַשטימטע געדאַנקען־ליניע, וואָס איז אַלעמען פון אונז אויף איין מאָל גראַדע ניט אַלעמאָל צום האַרצן. ניט איעדער שרייבער, אַפילו פון די, וועלכע זיינען באַשעפטיקט אין אַ טעגלעכער צייטונג, איז דער באַלעבאָס איבער זיין אייגן געשריבן וואָרט, און אַפילו ע ר איז באַגייסטערט יעדעס מאָל, וואָס ער אַליין האָט אַ געלעגנהייט זיך אויסצודריקן פריי און אָפן אויף די שפּאַלטן פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט“. און וועגן די צאָלרייכע שאַפנדע זשורנאַ־ליסטישע אידישע כוחות, וועלכע זיינען אין גאַנצן ניט פאַרבונדן מיט קיין טעגלעכער אידישער צייטונג, צוליב עקאָנאָמישע אָדער אַנדערע אורזאַכן, איז דאָך שוין גאָר אָפּגערעדט.

„שטעלט מיט זיך, דעריבער, דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט“ פאַר דעם סאַמע העכסטן אינסטאַנץ פון פרייען, אומאָפּהענגיקן, אמת־קינסטלערישן און אמת־ליטעראַרישן אידישן זשורנאַליזם. דאָס איז ניט נאָר מיין פּערזענלעכע מיינונג, נאָר אויך די מיינונג פון כמעט איעדן אינטעליגענטן און ערלעכן אידישן פירער, און דענקער, און שרייבער, און קינסטלער, וואָס איז נאָר באַקאַנט מיטן „וואָכנבלאַט“. און וויבאַלד אַזוי, גלייב איך, אַז איר, מיינע טייערע פריינט, איר, די ברייטע אידישע מאַסן — דער אידישער רוב־מנין און רוב־בנין, וואָס אָן אייך רירט זיך קיין זאַך אַפילו פון אָרט ניט, אַז איר, מיינע האַרציקע אידישע פריינט, וואָלטן זיך באַדאַרפט אַ ביסעלע נעענטער באַקענען מיט אָט דער ווערטפולער אידישער ליטעראַרישער קרוין־אין־קאָפּ.

„אַגב, וועט אייך אַלעמען, מסתמא, זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז איך שפּיל זיך איצט אַרום מיטן געדאַנק, וואָס מיין חבר יצחק ליבמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „וואָכנבלאַט“ האָט מיר פאָרגעשלאָגן, און דאָס איז, אַז איך זאָל אים דערלויבן, פון צייט־צו־צייט, אָפּדרוקן מיינעם אַ ראַדיאָ־„בראָדקעסט“, איבערהויפּט אַזעלכע, וואָס באַהאַנדלען וויכטיקע אידיש־געזעלשאַפטלעכע אַנגעלעגנהייטן. נישט קיין שלעכ־טער איינפאַל; ווי גלויבט איר? איך ווייס עס דערפאַר, ווייל איך דערהאַלט נאָכאַנאַנד בקשות פון צוהערער, אַז איך זאָל זיי צושטעלן אַ קאָפּיע פון איין געוויסן ראַדיאָ־„בראָדקעסט“ מיינעם אָדער אַ צווייטן. איצט איז דאָס פאַר מיר פשוט אַ פיזישע אוממעגלעכקייט, אָבער מיט

דער הילף פון די שפּאַלטן פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — קען אַמאָל זיין, אַז דער פּלאַן זאָל זיך אויסאַרבעטן אויף אַ גאַנץ פּראַקטישן אופן.

„יאָ, איז ווי זשע קומט די קאַץ איבערן וואַסער? ווי אַזוי און אויף וועלכן אופן קען איך אייך משדך־זיין מיט „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט"? טאָ הערט און געדענקט: דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" דערשיינט איעדע וואָך אין יאָר פאַר אַ גאַנץ יאָר צייט. פאַר אַלע 52 עקזעמפּליאַרן קענט איר זיך אַבאָנירן פאַר בלויז פינף דאָלאַר. אַ קליינע סומע — איאָ? פאַר דער אויפהאַלטונג און קרעפטיקונג פון אַ געזונט און שיין און פריי אידיש וואָרט און דערצו נאָך פאַר דער מעגלעכקייט צו פּרעזערווירן פאַר אייער אייגענעם צוועק אַ היפּשע צאָל פון מיינע ראַדיאָ־„בראָדקעסטס". איז די מעשה אַזוי דערפון: אויב איר ווילט, קענט איר מיר צושיקן אייער נאָמען און אַדרעס צוזאַמען מיט אייער געשריבענע ברייטקייט צו ווערן אַן אַבאָנענט, אַ סובסקרייבער הייסט עס פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", און איך וועל שוין טאָן דאָס איבעריקע. יאָ, איך בין אייך שולדיק נאָך אַן ענטפער. איר ווילט דאָך אַוודאי וויסן, וואָס וועל איך האָבן דערפון? וואָס וועט זיין מיין פּאַרדינסט? וואָס וועט זיין — ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט — מיין קאָמישאָן, איאָ? טאָ הערט, מיינע טייערע: מיין באַלוינונג וועט שוין זיין גרויס גענוג, אַז איך וועל וויסן, אַז אַ דאַנק מיינע איצטיקע עטלעכע ווערטער וועל איך שאַפן נייע און ווערטפולע אויפהאַלטער פון געדרוקטן אידישן וואָרט, און, אַז צוליב דער זעלבער אורזאַכע וועט איר אַליין האָבן אַ גוטע געלעגנהייט צו באַרייכערן אייער קולטורעלן אוצר און צו דערקוויקן אייער אידיש האַרץ מיט נשמה׳דיקע ליטעראַרישע אידישע שעפערישקייטן. איר וועט זיין צופרידן, איך וועל זיין באַגייסטערט, און יצחק ליבמאַן און אַלע אידישע שרייבער, וועלכע באַטייליקן זיך אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" וועלן געשטאַרקט און געקרעפטיקט ווערן אין זייער ווייטערדיקער אַרבעט פון וועקן און מונטערן דעם דרך־ארץ פון איעדן איינעם פון אונז צו אַ געזונט און פריש און פריי אידיש וואָרט."

ח.

דער ליסענקער אינגעלע וואָס האָט דעם עכאָ פון קמץ־אַלף־אָ צום ערשטן מאָל דערהערט אין אַן אָרעם חדר ערגעץ־וואו אין בראָנזוויל איז איצט, אין שטח, אָן שום אפשר, דער פּאַרשפּרייטסטער טרעגער און געזונט־ברענגער פון אידישן וואָרט, פון אַל־געביטיקער אידישער מיטאַרבעטערשאַפט און פון ניט־מיד־ווערנדיקער פּרעדיקונג פון אי־

דישער נצח־ישראלדיקייט. און ווען ער רעדט — פילן עס זיינע מיליאָ־נען צוהערער, אַז ער פיבערט דערביי מיט זיינע רמ״ח אברים. און באַרירט ער ווען איינע פון אונזערע תרי״ג מצוות — און אידיש קודש איז ביי אים ניט די קלענסטע פון זיי — קלאַפּן אין אים מיט זיינע שס״ה גידים אין ריטם מיט זיין האַרץ — מיט זיין וואַרעם אידיש האַרץ וואָס וואַכט, זינט קינדווייז־אויף, אויף אַל־אידישע אינטערעסן, פון דעם סאַמע ברייטסטן שפּאַקטיוו אַרויס.

ביים אָפּשלוס פון 300־יאָריקן יובל פון אידישן ישוב אין אַמע־ריקע זאָל, בכן ובכן, אויך ניט פאַרזען ווערן אַן אויבנאָן שטול פאַר ישראל לוצקי, המכונה והמפורסם בשם „דער אידישער פילאָזאָף״.

# מיכל ליכט

## א

אין די סוף־טעג פון חודש סעפטעמבער, 1954, אָדער ביים סאַמע ערב פון ערב ראש השנה תשט״ו — בעת אַט־די אין־צערודערונג־געצייכנטע שורות ווערן געשריבן, זיינען שוין היפּשע עטלעכע חדשים אַריבער זינט מיכל ליכטס ערשטער יאָרצייט איז אַדורך אָן שום באַמערקונג אין דער אידישער פּרעסע, אָן שום אויפמערק פון וועמען־עס־איז פון זיינע אַזוי־געשוואָרענע פריינט, יוגנט־מיטאַרבעטער און פאַרערער, וועלכע האָבן צו זייער דיספּאָזיציע טעגלעכע און וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבן. מיטן אויסנאַם פון ש. טענענבוימס אַ לענגערער אַרבעט וועגן מיכל ליכטן וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט אין „וואָכנבלאַט״ אין 4 המשכים, אָנהויבנדיק פון דעם חודש יוני, פּונקט צו זיין ערשטן יאָרצייט, איז, ווי אויבן באַמערקט, מיט דאָס סאַמע מינימאַלע ניט דערמאָנט געוואָרן ערגעץ־אַנדערשוואו דער ערשטער יאָרצייט פון דעם סאָלידסטן אידישן פערז־און־וואָרט־ווירטואָז פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

נאָר וואָס איז דאָ צוריידן פון אַ יאָרצייט, אַז זיין פרישער אויסלעש, — זיין לוויה, איז פון ליטעראַרישע פּאָליטיקאַנטן אויסגענוצט געוואָרן צו אַרויסהויבן זיך אויפן חשבון פונם ניט־ווערנדיקן קאָלעגע?

## ב

די פאַרשוועכונג פון מיכל ליכטס נאָבעלן אָנדענק האָט מיך אַזוי געהאַלטן געקלעמט אין ניט אויפהערנדיקער אויפרעגונג, אַז מיין ערשטן וואָרט פון טרויער איבער דער אומפאַרבייטלעכער אבידה ביי אידן האָב איך ניט געקענט אויסלאָזן ווי „די עוועניו באַוויינט דעם דיכטער״. אויך מיין צמצומדיקער נעקראָלאָג אויף דער הייס־טרויערנדיקער מינוט איז אַ קאַפּיטל וועלכער וואַרפט אַ שיין אויף דעם ענויימדיקן לעבן פון אַ חד בדרא.

אין יוני, 1953, האָב איך , בכן, אַזוי פאַרצייכנט, למען טרויער, למען האמת און למען געשיכטע:

דער טאָרנאַדאָ וואָס טראָגט זיך לעצטנס אַכזריותדיק צווישן די אַלייען פון דעם היגן אידישן ליטעראַרישן גאָרטן, און האָט באַוויזן אַזש אויסצואוואָרצלען אַזאַ שטאַמיק־פּאַראַנקערטן דעמב ווי הערמאַן גאָלד, האָט שוין די טעג אויך אויסגעלאָשן דאָס לעצטע פונק לעבן פון דעם קרזין־טרעגער פון עכטסטן מאָדערנעם אידישן קונסט־וואָרט אין דער וועלט, — די נשמה פון דעם איש תמים מיכל ליכט ע״ה.

דער ווירטואָז פון מאָדערנעם אידישן וואָרט האָט, אָן ספק, געלעבט אַן ענויים־לעבן אין די לעצטע צוויי דעקאַדעס; ער איז, אָבער, געשטאָרבן, מעשה צדיק, מיט מיתת־נשיקה. מיטוואָך, דעם 10טן יוני, אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג, אויף זיין טעגלעכן געלאַנגזאַמטן שפּאַציר אין פּאַרק פּאָרדהעם היל, בראָנקס, האָט אַ האַרץ־אַטאַקע פאַרענדיקט זיינע לעצטע דיכטערישע מעדיטאַציעס און זיינע לעצטע באהבה־געטומענע יסורים.

מיכל ליכט ע״ה, דער באַוואוסטזיניקער אידישער דיכטער האָט זיינע הויפּט־ווערק פאַרעפנטלעכט אין דעם זשורנאַל „אונזער בוך״, אין די יאָרן 1926—1930. די לידער פון זיין צווייטן בוך „וואַזאָן״, וועלכן דער שרייבער פון די שורות האָט אַרויסגעגעבן אין 1928 — און זיין דריט בוך „פּראָצעסיעס און אַנדערע לידער״ זיינען כמעט אַלע פריער געדרוקט געווען אין „אונזער בוך״, — דער זשורנאַל, וואו ליכט איז פאַר 5 יאָר, לפי ערך, געווען אַנגעשטעלט אַלס סעקרעטאַר. דער קינפּטיקער פאָרשער פון מיכל ליכטס איינציקאַרטיקן צוטראָג צו דער אידישער ליטעראַטור וועט, בכן, אין „אונזער בוך״ געפינען דעם לייבן־טייל פון זיין שאַפן, אונטער זיין נאָמען און אויך א. נ. „א. בעלאַזאָרקער״.

אויף דער לוויה, וואָס איז פאָרגעקומען פרייטאָג, 10 אַזייגער אין דער פרי פון „ברעטשנשניידערס פיונעראַל פּאַרלאָר״, 7טע גאַס און צווייטע עוועניו, ניו־יאָרק, האָט מיכל ליכטס נאָענטער קאָלעגע, נ. ב. מינקאָוו, אין זיין רעדע, עטלעכע מאָל פרובירט דעם נפטר אַריינרעכענען „צווישן די״ און „צווישן די״, וואָס דאָס איז געווען אַ פעלשונג פון דעם אמת און אַ פאַרשוועכונג פון דעם אָנדענק פון מיכל ליכט, — דער וואָס האָט מיט דער קראַפט פון זיין קונסט און מיט דער מאַכט פון זיין וואָרט געטורעמט הימל־הויך איבער אַלע זיינע צייט־קאָלעגן.

נאָר — אַ פאַרזוך פון אַן אָפּשאַץ פון מיכל ליכט — אין אַ ווייטערדיקן נומער „וואָכנבלאַט״.

ג

מיט וואָס קען מען דערקלערן, פאַר זיך קודם־כל, וואָס דער „פאַרזוך פון אַן אָפּשאַץ פון מיכל ליכט״ האָט גענומען פופצן חדשים?

— צוליב דעם כאַראַקטער פון דער טעמע. מיכל ליכט איז געווען פון די אנגעגעמסטע מענטשן ביים פרינצלעכן טיש פון ליטעראַרישע שיחת־חולין; פון די ליבלעך־ליכטיקסטע געשטאַלטן אין זיין מגע־ומשא



מיכל ליכט — געצייכנט פון עווען מאַרקאַן

מיט אַ ליאַדע פרעמדן און, איבערהויפּט, פון די גאַר לייכט־סטע „פּראָבלעמען" אין אַנגעגעניש ביים לעבן. ער איז, אָבער, שוין ווייט נישט אַזוי „לייכט" פאַר דער אויפגאַבע פון וועלכן־עס־איז־שרייבער היינט צו טאָג. ווייל צו שרייבן וועגן מיכל ליכטס אָרט אין דער

אידישער וועלט־ליטעראַטור דאַרף מען כאַטש גרייכן ביז „שכמו“, שוין ניט צו פאָדערן, ער זאָל גרייכן שאול המלכס הויך.

און וועגן מיכל ליכטס משכמו־ומעלהדיקייט און פאַרוואָס די טעמע „ליכט“ איז פאַר יעדן סאָרט שרייבער אַ ווייט־ניט־לייכטע אויפגאַבע איז כדאַי דאָ אויפצובויען עטלעכע פּאַראַגראַפן.

מיכל ליכט האָט, ווי יעדער גאון, באַזעסן צוויי גאָט־געשענקטע אייגנשאַפטן: תפיסה און זכרון — אַ גאָר עמפּינדלעכע תפיסה און אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון. דאָס זיינען געווען געשאַנקען פון דער השגחה. צו דעם איז ער, ווי יעדער גאון, געווען איבערוועלטיקט מיט התמדה — מיט גרענעצלאָזער פלייס צו לערנען, צו שטודירן, צו דערגרונטעווען זיך צו אַן ענין ביז צום מינדסטן דעטאַל. האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט אַ שרייבער — האָט ער ניט נאָר איבערגע־לייענט אַלץ פון דעם שרייבערס שאַף־קאַמער, נאָר די גאַנצע ליטע־ראַטור אַרום דעם שרייבער. מכל שכן אַ ליטעראַטור פון אַ פאָלק, — מיט זיין נעמען לייגן קלאַפּטער אין דעם צעכוואַליעטן ים פון דער ליטעראַטור גופא. און ווען מיכל ליכט האָט צום 14־יאָריקן עלטער געוואַגט צו שיקן זיין פּאָעמע אין רוסיש צו גראַף טאָלסטאָי, איז ער שוין דעמאָלט געווען בקיא אין דער רוסישער ליטעראַטור. אַזאַ היימי־שער אין די רייכקייטן און אינטימקייטן פון רוסישן לשון אַז ער האָט תלמוד געלערנט פון רוסישער איבערזעצונג. און דאָס האָט ער, אַלס עלוי, באַהערשט אין די אינגל־יאָרן. וואָס איז שוין צו ריידן מכוח זיין באַמייסטערעווען בעל־פּה און בכתב סיי רוסיש, די שפּראַך, און סיי די גרויסע ליטעראַטור אירע אין זיינע בחורשע און מאַנסבילשע יאָרן? און דאָס נעמלעכע מיט ענגליש. ער איז נאָך ניט אַראָפּ פון שיף — רעדנדיק בלשון מליצה — אין 1913, נאָך גאָר אַ „גרינער“, האָט ער שוין געצירקלט פון לינקס צו רעכטס, און ס׳האָט גאָר־ניט־לאַנג גענומען און ער האָט גענומען שיקן און דרוקן ענגלישע לידער אין אַמע־ריקאַנישע עקסקלוסיווע ליטעראַטור־זשורנאַלן. און וואָלט ליכט, דער ווירטואָז, אויף זיך ניט געפילט דעם אינעווייניקסטן דרוק פון נאַ־ציאָנאַלער אידישער שליחות, און וואָלט ער ניט מיט חדווה־טריט געגאַנ־גען זיך סאָלידאַריזירן מיט דער אידישער פאָלקס־שפּראַך—וואָלט ער זיך געקענט, אָן שוועריקייטן, דערווערבן בירגער־פּאַפּירן אין דער ענגלי־שער ליטעראַטור, וואָס וואָלטן אים געבראַכט ניט נאָר מער כבוד, ניט נאָר אַן אינטעליגענטע און אינטעלעקטועל־נייגעריקע סטודענטישע יוגנט, נאָר, אפשר, אויך אַ מער זיכערן שטול פאַרן מלחמת החיים.

און דאָס איז נאָר שייך, ווי אַ ביישפּיל, לגבי זיין היימישן אַריינ־טריט ווי אַ כהן גדול אין דעם היכל פון גרויסע ליטעראַטורן פון גרויסע פעלקער, ווי, אין דער ערשטער ריי, אין דער אידישער וועלט־

ליטעראַטור, אין דער ענגלישער וועלט־ליטעראַטור און אין דער גרויס־רוסישער.

און וואָס איז מיט זיין שליטה אין דער מלוכה פון אַנדערע קונסטן? זיין נאָבעלע פרוי, די קינסטלערין עוועלין מאַרקאָן, דער־ציילט מיר, אַז מיכל ליכט האָט געשפּילט אויף אַלע (איר הערט — אַלע) מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, ניט נעמענדיק פון ווּעמען קיין איין לעקציע. ש. טענענבוים איז מוסיף, אַז ער האָט יאָ גענומען איין לעקציע, איין־איינציקע לעקציע פון אַ טשעלאָ־לערער, איז ער פון דער איינער לעקציע געוואָרן אַ מייסטער אויף דעם דע־פּראָפונדאָ־אינסטרומענט. זיין לערער איז געוואָרן אַזוי נשתומם פון ליכטס אויפ־שפּיל־אויפן אויף דער טשעלאָ, אַז ער האָט אים פאָראויסגעזאָגט גרויסקייט אַלס דיריגענט פון אַ וויכטיקן סימפאָנישן אָרקעסטער.

דער נעמלעכער ש. טענענבוים ברענגט אויך ליכטס בקיאות אין הלכה, ניט נאָר אין תלמודישער הלכה, נאָר אין אַלגעמיינער יוריס־פּרודענץ. ס׳איז קיין ספק ניט אַז אין ליכטן איז ניט נאָר פאַרלאָרן געגאַנגען אַ חריפותדיקער ריכטער, נאָר אויך אַן איש תמימדיקער שופט.

און אַזוי האָט דער ערודיט ליכט דורכגעאַקערט וואו־נאָר אַ פעלד כמעט פון מענטשלעכן דענקען, און איז פון די אַלע נייערע און נייערע אומעטומיקע געביטן אַרויס בשלום און באַרייכערט מיט אַלע גרע־סערע אַנהויפונגען פון ענציקלאָפּעדישן וויסן.

ד

אין די פינף יאָר וואָס מיכל ליכט האָט מיט מיר מיטגעאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פון מיין זשורנאַל „אונזער בוך" און אַלס געשעפט־פאַרוואַלטער פון מיין „פאַרלאַג אידיש לעבן" פלעגט ער מיר טאָג־אין־טאָג איבערראַשן מיט זיינע חידושים, — חידושים וואָס זיינען ביי אים געווען געוויינלעכקייטן, זעלבסטפאַרשטענדלעכקייטן. די מערסטע חידו־שים זיינען געווען גאונישע בליצן בעל־פּה; אייניקע — שבכתב. אידן, צ. ב., קענען און וועלן געדענקען לאָרד באַלפורן ווי אַ שטאַטסמאַן, וועלכער האָט, אין שאַרפן דעטור, אַ קירעווע געטאָן די אידישע גע־שיכטע, אין געאָמעטריש־פּראָגרעסיווער התקרבות און דערווערבונג צו אידישער שטאַטלעכקייט. אַלס אַזאַ, אַלס איינער פון די חסידי אומות העולם, וועט ער בלייבן אין אונזער נאַציאָנאַלן זכרון. נאָר ווי האָט אים מיכל ליכט געזען? — אַלס עסייאיסט, ליטעראַטור־חקרן און פילאָזאָף. און אַלס אַזאַ האָט ער אים פאַרגעשטעלט פאַר דער דיסקרימינירנדיקער אָדיטאָריע לייענער פון „אונזער בוך", דורך אי־בערזעצן אייגע פון באַלפורס עסייען וועגן אַ ליטעראַרישן ענין.

און אַט איז, צ. ב., אַן אַנדער חידושימדיקער אויפטו פון דעם אומדערמידלעכן אינאָוואַטאָר: זיינע איבערזעצונגען פון דער מאָדערנער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, איבערזעצונגען פון די כאַראַקטעריסטישע מוסטערן פון די מאָדערנע אַמעריקאַנער פּאָעטן, וועמעס ווערק טראָגן אין זיך די סימנים מובהקים פון אייביקייט־ווערטן. די דאָזיקע איבערזעצונגען האָבן זיך געדרוקט אין מיין צווייטן זשורנאַל, אין „אונזער בוך" אין די יאָרן 1927, 1928 און 1929. אַ אידישער לייענער, וועלכער האָט טיכטיק דורכגעשטודירט אַט־די מוסטערן אין דער אויטאָריטאַטיווער איבערזעצונג פון מיכל ליכט האָט שוין געהאַט מער ווי אַ געוויינלעכן באַגריף פון די אַמעריקאַנער גבורי השירה. איצט, הער איך, — צו מיין גרויסער צופרידנקייט — איז אין אַרגענטינע דערשינען, אין בוך־פאָרם, אַ באַנד פון אַט־די איבערזעצטע ענגלישע לידער — איבערזעצט פון דעם אומפאַרגלייכלעכן און ביים לעבן ניט־פאַרשטאַנענעם און ליידער־און־ליידער ניט־אָפּגעשאַצטן מאַעסטראָ מיכל ליכט.

אין יעדן צוטראָגערישן אויפטו זיינעם איז ער געגאַנגען, נאַטירלעכערוויז, אויף דער ליניע פון שווערסטן ווידערשטאַנד. אַט, צ. ב., זיין איבערזעצונג פון „יורגען", פון דזשיימס ברענטש קעבל — אַן אַמעריקאַנער פּראָזאַאיקער, וועלכער איז ניט נאָר דער גרעסטער פּראָזע־מייסטער פון דער איצטיקער גענעראַציע, נאָר דער אויסשמידער פון אַ העכסט־קאָמפּליצירטן סטיל. נאָר אַ גיגאַנט ווי מיכל ליכט האָט זיך געקענט אַנטוואַגן אונטערצונעמען אַזאַ געפּעכט.

אַט־דאָס וואָס איך האָב דאָ מרמז־געווען איז נאָר צו ווייזן מיט וואָס פאַר אַ באַגאַזש מיכל ליכט איז צוגעטראָטן צו זיין הויפּט־שליחות — צו זיינע כתבי אידיש. נאָר וועגן דעם, בין איך מודה, בין איך אַפילו איצט ניט גרייט, ווייל צו שרייבן אַ קריטישע אַרבעט וועגן מיכל ליכטס דרך אין דער אידישער ליטעראַטור, מוז מען דאָך פאָרזיכטיק כאָטש נאָך אַמאָל דורכלייענען אַלע זיינע ביכער און אַלע זיינע כתבים, וואָס דאָס דערלויבט מיר פשוט ניט מיין צייט־בודזשעט. והשנית, דאַרף מען קענען קאָנטראָלירן די אַלע מאַטעריאַלן וועלכע ליכט האָט באַמייסטערט סיי אין זיינע אָריגינאַלן און סיי אין זיינע איבערזעצונגען. דריטנס, דאַרף מען אויך באַזיצן זיין אַל־געביטיקן ענציקלאָפּעדישן וויסן, וואָס דאָס איז פאַר די כוחות פון איין מענטשן און פאַר דעם לעבן פון איין מענטשן כמעט אַן אוממעגלעכקייט. אַ פולע אַרבעט איבער מיכל ליכטן וועט נאָך, בכן, מוזן וואַרטן אויף דעם כמו־ליכטישן גאון, וועלכער וועט, האָפנטלעך, אין גאַנג פון די טעג און פון די יאָרן, אַרויסשפּראָצן פון דעם אידישן תחום, און וועט זיך אויף זיינע אייגנאַרטיק־געדרייטע וועגן אָנגעגענען מיט די טרעפלעכע און אַזוי אָפּע־

נע ווערק פון אַן אַמאָל־פאַרשריגענעם און אומפאַרשטענדלעכן „פלוי־דערער“ און „גראַפאָמאַן“, — ווי ש. ניגער, אין זיין טעמפּקייט, האָט געוואָגט צו באַצייכענען מיכל ליכטן אין „טאָג“, אין 1926.

ה

ביז, אָבער, דעם אָנקום פון דעם באַרופענעם קריטיקער זיינעם ווער, דערווייל, בין איך כמעט זיכער אין דעם, וואַקסן אַ ליטעראַטור פון מפרשים און פשטנים פון מיכל ליכט. פּאַראַלעל מיט די קאָנווענ־ציאָנעלע פאַרלוימדער פון ליכטס איבערשרעקנדיקע נייאיקייטן, זיי־נען אויך געקומען זיינע פאַרטיידיקער. איינער פון זיינע ערשטע און ערנסטע מפרשים איז געווען נ. ב. מינקאָוו. אין מיין צווייטן יאַרגאַנג „אונזער בוך“ — אין יאָר 1927 — האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן עסיי איבער מיכל ליכט, א. נ. „סיסטעם און רעלאַטיווקייט אין פּאָעזיע“. איין פּאַראַגראַף איז כדאַי דאָ צו ברענגען, כאָטש ציניקער וועלן, מיט אומ־רעכט, טענהן אַז ערשט אויף דעם פּירוש־אויסצוג דאַרף קומען אַ פּירוש. עס קומט, אָבער, מינקאָוון קרעדיט פאַר זיין מן הראשונים, פון די ערשטע, זיך אָנצונעמען פאַר אַ קאָלעגע־דיכטער, וועלכער האָט צעפּודעט די ליטעראַרישע גענז.

אין אַן אַרבעט פון פּופּצן „אונזער בוך“־זייטן האָט זיין מיט־צייטלער אַריינגעלייגט ניט ווייניק מי, אַריינדרינגענדיק אין דעם עצם פון ליכטס שאַפן, ווי עס זאָגט עדות דער איינער ציטירטער פּאַ־ראַגראַף:

„דער טאָן פון ליכטס פּאָעזיע איז אַ סענטימענטאַלער, און זיין אויסדרוק אַן עמאָציאָנעלער—דאָס איז זיך ניט סותר מיט זיין ניכטער־קייט, וואָס קאָנטראָלירט זיי. זיין אַרבעט באַווייזט אַז צוזאַמען מיט סובטילער שיינקייט, טרוימען און געפילפולקייט מוזן צוליב זייער קלאָרקייט און ריינקייט מיטפּאָרן שכלדיקייט און וויסנשאַפטלעכער זין, וואָס ברענגען אינטעלעקטועלן געניוס מער ווי עמאָציאָנעלן, ווי אַ העלפט פון צעבראָכענעם טאַליסמאַן, וואָס איז נאָך גרויסע מאַ־טערנישן און אַנטוישונגען געפונען און צוגעפּאַסט געוואָרן צו דער צווייטער העלפט, פאַראורזאַכט אינטעלעקטועלן געניוס דורך דער לאָ־גישער צוזאַמענהעפטונג פון די ניט־גלייכע ברוך־זיגזאַגן, אָדער ווי אַ שווער רעטעניש ווערט פאַנאַנדערגעפּאַלדעוועט און לייגט זיך זיניק און לייכט אויפן אָנגעשטרענגטן שכל — אַזוי איז דער געניוס פון ליכטס אַרבעט אונטער וועלכער עס שטראָמען עמאָציאָנעלע זעעריש־קייט און סענטימענטאַלע וויזיע. זיין וויזיע ווי זיין עמאָציע שווימט ניט אויף דער אויבערפלאַך און זי ווערט מער געעאָנט נאָכדעם ווי מען

ווערט קלאָר אין דער רייכקייט פון זיינע זעערישע קוואַליטעטן, ווייל ליכט איז מער זעער ווי וויזיאָנער, מער קריטיקער ווי טרוימער. דער־פאַר ווערט פון אים רעלאַטיוו, קלאָר און אָביעקטיוו דערזען דאָס לעבן, וואָס איז די אומפאַרשטענדלעכע, גרויזאַמע צוניפּפירונג און פאַנאַנדערהאַפּטונג פון (קעגן אונזער ווילן) רעטונגס־וואונטשן און ברוטאַלע רעאַליטעטן, וועלכע האַלטן אונז אין גדאַנק־און־זעל־אומציכטיקייטן. כאָטש די ניכטערקייט און דאָס דורכדרינגלעכע קרי־טישע זעען דערפירן ליכטן צו סקעפּטיציזם און איראָניע, ווערט ער אַלץ מער קאָנסטרוקטיוו און ברענגט זיך אַלץ פּינקטלעכער אַרויס. די ניכטערקייט און דער סקעפּטיציזם, ווי די סענטימענטאַלקייט און דער אינטעלעקט, זיינען זיך דאָ אויך ניט סותר ביי ליכטן. ווייל אויף ריינעם אינטעלעקט און וויסן מאָדולירן זיך סענטימענטן און עמאָציעס. ד. ה., אויף ריינער קלאָרער ניכטערקייט און אָביעקטיוון אַנאַליז פון לעבן בויען זיך חלומות פון טרוימער, וואָס לייזן אויס אי־ראָניע מיט גוטמוטיקן מיטגעפיל און הילפלאָזיקייט מיט צערבעראַלן כוח. „נאָר דורך אָפּהיטן דעם גלויבן אין מענטשלעכע חלומות וועלן מיר אפשר קאָנען נאָך אַמאָל, ווען־ניט־איז זיי פאַרווירקלעכן" (דזש. ב. קעבל). די איינציקע זאַך וואָס היט אָפּ „דעם גלויבן אין חלומות" איז דאָס עסטעטישע וואָס ברענגט אַריין העכערע מאָמענטן פון זין — די דערפאַרונג וואָס געבערט געטער אין דער איינזאַמקייט, אין געפאַרן און אויף עשאַפאָטן".

ו

**ד**ער גרעסטער אָנשפּאַר פאַר ליכטן איז אָבער געווען זיין איי־גענע פּעדער, וועלכן ברייטסטן אויסדרוק־מעגלעכקייט זי האָט געקראָגן, ווי געזאָגט, אין „אונזער בוך" אין די פינף יאָר, זינט אָנהויב 1926 און ביזן סוף פון 1930 — אין ברען פון דעפּרעסיע, ווען איך האָב געמוזט אָפּשטעלן דעם זשורנאַל. ליכט האָט פאַר די טעג פון „אונ־זער בוך" אויך געדרוקט זיינע לידער און קריטישע שטודיעס אין „פּעדער", אין „אינזיך" און אין אַנדערע זשורנאַלן. יענע אויסגאַבן האָבן, אָבער, פאַר דעם סאָלידן ליטעראַרישן רעקאָנסטרוקציאָניסט ניט געהאַט די שטאַנדהאַפטיקייט, די פּינקטלעכע דערשיינונג און דעם ברייטן פאַרנעם. דער „אונזער בוך" האָט געקענט זיך פאַרמעסטן מיט יעדן בכבודיקן ענגלישן זשורנאַל אין אַמעריקע, אַפילו מיטן „דייעל", וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט, דאַכט זיך, אין 1927. און בעת די אויבנדערמאָנטע זשורנאַלן האָבן געהאַט, קען מען זאָגן, אַ הויף־ און הויפן־צירקולאַציע, אַ לייענער שטח וואָס האָט נישט „געדעקט" ווייטער ווי די קיבעצאַרניע מיט די עטלעכע הונדערט פאַראינטערעסירטע האָב

איך אַרויסגעפירט מיין צווייטן זשורנאַל אויפן ברייטן טראַקט: אַ זשורנאַל מיט אַ דורכשניט־נומער פון 70 זייטן, טויזנטער לייענער, פּינקטלעכע דערשיינונג, גוטע פּאַפּיר, דורכגעזיפּטער מאַטעריאַל און אַפילו אַ פּאַרזוך געמאַכט פון צאָלן האָנאָראַר, לכל הפּחות, דעם ערשטן יאָר.

אין „אונזער בוך״ האָבן געקראָגן פולן אויסדרוק אויך אַנדערע מאָדערניסטן. הערמאַן גאָלד מיט זיינע מעשהלעך, באַלאַדן, טשיקאַווע קריטיק־סעריעס און מיט זיין קנעלן מיט אידן די „אידישע פּאָר־מאָלאָגיע״. יעקב גלאַטשטיין—מיט זיינע דזשאָיסיאַדעס. נ. ב. מינקאָוו — מיט לידער און עסייען. יעקב סטאָדאָלסקי — מיט זיינע טראַציקע „ווערטער פון אַ ווידערשפּעניקער״. אהרן קורץ — מיט זיינע פּלאַ־קאַטישע לידער און פּאָלעמישע עסייען. א. לוצקי — מיט זיינע לוצ־קיאַדעס. שין לעוו — מיט זיינע נעאָ־מאַלערישע פּערזן. און נאָך, און נאָך שרייבער אין די צענדליקער. אָבער מיכל ליכט האָט זיך דאָ מער אָנגעזען, זיין ליטעראַרישער פּנים — בולטער ווי פון אַנדערע, זיין עכטקייט פון אינאָוואַטאָרישן אויסדרוק איז געווען איבערצייגנ־דיק — אַפילו פאַר די וועלכע זיינען אינטעלעקטועל ניט געווען צוגעגרייט פאַר אים.

זישע לאַנדויס אַ ווערטל־מעשהלע איז אין יענע טעג געווען פּאָ־פּולער אין קאַפע „אייראָפּע״. ער פלעגט דערציילן: ווען איך קריג אַ נייעם נומער „אונזער בוך״, צי איך זיך אויס אויף דער סאָפע, און כאַפּ זיך לייענען, צום ערשטן, פאַרשטייט זיך, מיכל ליכט. אמת, איך פאַרשטיי גאָר ניט, ס׳איז דאָך אָבער זייער גוט!..

אויך די אַזוי־גערופענע גאַנצע און האַלבע אַרונטעררייסער, ווי מ. אָלגין, דוד בערגעלסאָן, ב. צ. גאָלדבערג, דר. י. שאַצקי, קלמן מרמר און דער אויבנדערמאָנטער ש. ניגער האָבן זייערע פיילן, מערסטנס, געצילט אין ליכטן. ווייל ניט נאָר האָט מיכל ליכטס אייגענע שריי־בערישע עקזיסטענץ זיי אַלעמען אומגעוואָרפן, נאָר ער האָט נאָך מיט־גענומען געהילפן: סיי אין דער פּאָעזיע, סיי אין דער פּראָזע. קעגן דער קליאָטשע פון די אַזוי־גערופענע און אַזוי־זיך־ערנסט־נעמענדיקע קריטיקער האָט ער אַרויסגעשטעלט — דורך זיינע איבערזעצונגען — לאָרד באַלפור; גערטרוד סטיין; ט. ס. עליאָט; פּ. ב. שעלי, א. אַ. אין דער פּראָזע און וואָלטער קאָנראַד ארענסבערג, וויליאַם קאַר־לאָס וויליאַמס, מינאַ לאָי, מאַריאַן מור, קאַרל סאַנדבורג, וואַלאַס סטיווענס, איזראַ פּאַונד, ט. ס. עליאָט, דזשאַן גולד פלעטשער, מאַלקאָלם קאָולעי, גלעדיס קראָמוועל, ע. ע. קאָמינגס, האַרט קריין, אַלפרעד קרעימבאָרג, קלאַראַ שאַנאָפעלט, וואָלט וויטמאַן, א. אַ. — אין דער פּאָעזיע.

צו דעם זיינען צוגעקומען די פילע עלטערע און אינגערע אידי־שע שרייבער, אין די צענדליקער, וועמעס עגאָ איז געצערטלט גע־וואָרן פון דעם פיין־געפיל צו הויזן אין שכנות מיט בונטאַרן, וועלכע קומען באַגאַרטלט ניט נאָר מיט טאַלענט — ווי זיי האָבן עס גערופן — נאָר אויך מיט קולטור.

אין די פינף יאָר „אונזער בוך" ליגט, דעריבער, דער לייבן־טייל פון מיכל ליכטס שאַפן און עס איז אין דעם פעריאָד וואָס זיין השפעה אויף די שרייבער פון זיין דור איז געווען אם פילבאַרסטן.

חוץ זיין סעקרעטאַרישע און אינטימע פאַרבינדונג מיטן „אונזער בוך", איז ער אויך געווען, ווי געזאָגט, פאַרוואַלטער פון מיין „פאַרלאַג אידיש לעבן". אים האָט אימפּאָנירט מיין פאַרמעסט צו גרונטיקן און אויפטורעמען אַ פאַרלאַג ככל הגויים. און כאָטש איך האָב אָנגעהויבן די טעטיקייט פון דעם „פאַרלאַג אידיש לעבן" אָן איין (1) דאָלער ממש, און כ'האָב ביים ערשטן בוך געדאַרפט לייען געלט און קריגן קרעדיטן, און אַזוי אויך ביים צענטן בוך, און ביים פופצנטן, איז דאָך געמאַכט געוואָרן, מיט ליכטס הילף, מיט זיין סיסטעמאַטיזירנדיקער טועריי, אַ גראַנדיעזע התחלה פון אַ פאַרלאַג, מיט האָנאָראַר, מיט אַ פאַרשפּרייט־סיסטעם פון די אייגן־אַרויסגעגעבענע ביכער און מיט אַן אַלגעמיינער אַגענטור ביים פאַרלאַג צו פאַרשפּרייטן און פאַרקויפן אַלע אידישע ביכער, אויף רעדוצירטע פרייזן, און אויך ניט־אידישע.

האָבנדיק אַזאַ לאָיאַלן און קאָמפּעטענטן מיטאַרבעטער, פלעג איך אָפט דורכשניידן דאָס לאַנד אַמעריקע, לארכה ולרחבה, אין ווער־ביר פון אַלץ נייערע און נייערע אַבאָנענטן פון „אונזער בוך" און אין פאַרשפּרייט פון טויזנטער אידישע ביכער פון מיין אייגענעם פאַר־לאַג און פון אַנדערע פאַרלאַגן.

ס'איז געווען די פעריאָדע פון לויטערן אידעאַליזם. מיינע פינף לעצטע בחורשע יאָרן האָב איך איינגעשפּאַנט אין אַ העראָאישן אָנ־שטרענג צו פאַרפעסטיקן אַ זשורנאַל און צו פאַרגרונטיקן אַ פאַרלאַג. ביי אַ דריי־פיר צענדליק ביכער זיינען שוין געווען דערשינען. 18־17 שעה איז געווען מיין מינימום דורכבריעכערישע טעטיקייט פאַר דעם מאַקסימום־לוין פון 4 דאָלער אַ וואָך, וואָס דאָס איז פאַר מיר דעמאָלט געווען די והותר, בעת די 18־דאָלערדיקע שכירות פון מיין טרייען סעקרעטאַר פלעג איך אָפּהיטן כאישון בת עין.

נאָר די גרעסטע דעפּרעסיע אין אַמעריקע האָט אומגעוואָרפן אויך מיינע בנינים, און — אויף אַ ווײַלע אַ סוף געמאַכט צו מיינע קולטור־חלומות לטובת דעם געזונט פון מיין פאָלק.

ז

מיטן צייטווייליקן אָפּשטעל פון מיין טעטיקייט און מיט מיכל ליכטס אַריינטרעטן אַרבעטן אין געשעפט־אָפּטייל פון „טאָג״ האָב איך מיין פאַרבינדונג מיט אים — די פיזישע און די מעטאַפיזישע — קיינמאָל ניט איבערגעריסן.

אין 1931 — צו זיין פינקטלעך: דעם 30טן סעפּטעמבער 1931, ד.ה., מיט פולע 23 יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען, אין מיין דעמאָלטיקן וואָכנבלאַט „אונזער פאָלק״, צו רעצענזירן ל. שאַפּיראָס בוך „נויאָרקיש״. האָב איך די רעצענזיע באַטיטלט: פון מענדעלי מוכר ספרים ביז צו מיכל ליכט״. יענע רעצענזיע האָב איך אַזוי פאַרענדיקט: „מיט „ניויאָרקיש״, אַ ביכל, וועמעס אויסערלעכקייט צייכנט זיך אויך אויס מיט צוגעטראַכטער איינפאַכקייט, האָט ל. שאַפּיראָ ווידער באַשטעטיקט, אַז פון די עטוואָס־עלטערע שרייבער איז ער דער לייבלעכסטער יורש פון דער מענדעלישער טראַדיציע, ווייל קיינער נאָך ווי ער האָט אַזוי ניט אָפּגעהיט דעם „זיידנס״ צוואה פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פראַזע, פאַרן זאַץ. איצט, דאַרף זיך נאָך ל. שאַפּיראָ דערנענטערן צו אַן אַנדערן מענדעלי־יורש, צו אַ אינגערן, און אפשר נאָך צו אַ מער־לייבלעכן קרוב, צו איינעם, וואָס גייט, אפשר, ניט בלויז „אויף די הענט״, נאָר אויך אויפן קאָפּ, צו דעם זייער נאָענטן און פרעמדלעך־וויטן — צו דעם מענדעלי־פּרעטענדענט, מיכל ליכט״.

***

אין דעם דאָזיקן פּאַראַגראַף, דאַכט מיר, ליגט דער שליסל צו ליכטס שרייבערישן דרך אין דער ליטעראַטור און אין די קונסטן.

ווייל פּונקט ווי מענדעלי האָט געעצהט שלום עליכמען צו שלייפן און שלייפן און ווידער שלייפן זיין וואָרט, און פּונקט ווי מענדעלי אַליין איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו רעווידירן די נייע אויפלאַגעס פון זיינע ווערק, אַזוי האָט מיכל ליכט באַוואוסטזיניק גענומען ממשיך־זיין אָט־די מענדעלישע טראַדיציע אין דער אידישער ליטעראַטור. נאָר דאָס, ווי געזאָגט, איז שוין אַ טעמע פאַר אַן אַנדער אַרבעט, פאַר אַנדערע מענטשן, און — פאַר לעתיד לבוא.

ח

אין די פילע יאָרן פון אונזער קענטשאַפט האָב איך אין ליכטן באַוואונדערט ניט נאָר זיינע עסטעטישע ווערטן, נאָר אויך זיינע עטישע קרעדאָס. און זיינע קרעדאָס זיינען געווען טאַקע, קודם־כל, פאַר זיך

אַליין. ווען ער פלעגט אַ דריטל פון זיינע שכירות, וואָך־אין־וואָך, מיט כבוד צוטראָגן זיין טאַטן, האָט ער פאַר אַלע זין וואָס אונטער דער זון אילוסטרירט דעם טייטש פון כיבוד אָב. און אַזוי זיין מוסטערהאַפטער באַנעם מיט זיין נאָבעלער פרוי. און אַזוי זיין אַריסטאָקראַטישער אומגיי מיט חברים.

ווען ער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט אין „טאָג" און האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזן אַריינשטרויכלען מיט אַ וועלכן עס איז שרייבערישן אָנבאָט, וואָס פלעגט אים אָפּט, מיט כבוד, אונטערגעטראָגן ווערן, און פלעגט, אָנשטאָט דעם זיין אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט מיינע שרייבערישע פּראָיעקטן און טעטיקייטן — האָט ער מיט דעם קלאָר דעמאָנסטרירט זיין באַנעם פון „ובקהלם אַל תחד כבודי". ווען ס'פלעגט נאָר אַראָפּקומען אין אַמעריקע אַ ניט־אידישער ליטעראַרישער גדול, און די „טאָג"־רעדאַקטאָרן האָט געמאָניעט צו האָבן ביי זיך אין צייטונג אַן אויטענטישע אַרבעט, וואָס דאָס פלעגט ליכט קענען צושטעלן, פלעגט ער, אָן שום איבערלייג, מיט דער פרינצלעכסטער העפלעכקייט, עס צוריקווייזן.

ס'האָט אָבער, גאָר ניט לאַנג גענומען דעם דזשיימס־דזשאָיס אונזערן, צ. ב„ זיך אַריינהיימישן אין דער טעגלעכער פּרעסע. און אַזוי אויך ניט איינעם פון די אַנדערע פרעטענדענטן אויף מאָדערניזם.

נאָר ווען אין גאַנג פון די טעג און פון די יאָרן, ווען פון די פּסעוודאָ־מאָדערניסטן וועט שוין באַלד קיין זכר ניט בלייבן, וועט מען זיך ערשט נעמען אומקוקן אויף דעם עכטן מאָדערניסט, וועלכער איז גאָר קיין מאָדערניסט ניט געוועזן, האָט צו קיין שום שולע ניט געהערט, נאָר האָט געוואָלט מיט אַחריות פון וואָרט און מיט קלאָרקייט אינם קאָפּ זיך שפּילן אידישלעך, מיט די פּראָבלעמען פון היינט און פון אייביק. מען וועט זיך דעמאָלט אומקוקן — מען וועט זיך ערשט נעמען אומקוקן, — אויף מיכל ליכט.

ט

אַ גוטן מוסטער פון דעם ווי אַזוי מען וועט זיך אַ מאָל — גייסטיק דערוואַכטע און אינטעלעקטועל אויסגעהונגערטע — צוכאַפּן צו מיכל ליכטס ווערק האָב איך מיט אַן ערך פון זעקס יאָר צוריק דערזען אין איינעם פון אונזערע אינגערע שריפטשטעלער. ער איז געקומען אין אַמעריקע שוין נאָך אַלע ליטעראַרישע געפעכטן, און ער איז, בכלל, אין זיין סאַמע עצם שאַפן ווייט פון די צוגעשפּיצטע קאַמפן פון די געקינסטלטע אַזוי־גערופענע שולעס. אמת, אין די „וואָכנבלאַט"־קרייזן פלעגט מען ניט־זעלטן ריידן וועגן ליכטן און דעם

ליכטיזם אין פּאָזיטיווע טערמינען, און ער, דער יונגער שרייבער, און האַדעוואַניק — קען מען זאָגן — פון „וואָכנבלאַט" פלעגט עס איינזאַפּן אין זיינע וואַכזאַמע אויערן. און דאָך איז זיין אַרבעט וועגן ליכטן אין 1948 געווען פאַר מיר אַן אַנגענעמער סורפּריז. גיי ווייס, אַז ש. טענענבוים וועט אַ בעלן זיין מיטשפּאַצירן מיט ליכטס „פּראַצעסיעס"... נאָר אָט זיינען אייניקע פּאַראַגראַפן פון טענענבוימס מעדיטאַציע וועגן דעם פענאָמען ליכט, אינם 9טן אַפּריל־נומער „וואָכנ־בלאַט" פון יאָר 1948:

„מען האָט ביים טישל גערעדט וועגן מיכל ליכטס פּאָעזיע. איינער האָט געוואָרפן דאָס גוט־באַקאַנטע וואָרט: „מען פאַרשטייט נישט זיין פּאָעזיע". הייסע רעפּליקעס זיינען געפאַלן. קאָלעגן האָבן אים פאַר־טיידיקט, ניט ווי מען פאַרטיידיקט אַ מיטלמעסיקייט, נאָר אַ גרויסן דיכטער. קאָלעגע יצחק ליבמאַן האָט געזאָגט: אָבער וועגן מיכל ליכט קען מען זיך נאָר אויסדריקן אין גרויסע טערמינען: איינער רייסט אים אַרונטער אַלס גרויסן „פלאָפּ". אַ צווייטער רימט אים אַלס גרויסן פּאָעט. יעדנפאַלס — גרויס.

„וואָס אַן אמת, איך האָב זיך כמעט גאָרנישט אָנגערופן, אויסער וואָס איך האָב געוואָרפן דעם עפּיטעט „אַריסטאָקראַט". אַז מיכל ליכט איז אַ נאָבלמאַן פון ריינסטן בלוט. איך בין בכלל ניט גענויגט צו דיס־קוסיע. שוין צען טויזנט יאָר ווי די דורות דיסקוטירן, און דער מענטש האָט זיך ווייניקעס אויסגעלערנט. פאַרן אמת איז פּושקין אָדער טראָצקי געשטאָרבן מיט פּונקט אַזאַ טראַגישן טויט ווי זכריה הנביא אָדער סאָקראַטעס. פאַר פרייהייט פון געדאַנק דאַרף מען אין אונזערע צייטן פּונקט אַזוי קרעפטיק קעמפן ווי ס'האָבן אין זייער צייט געקעמפט פאַר טאָלעראַנץ מענער ווי שפּינאָזאַ, עראַזמוס און זשאַן זשאַק רוסאָ.

„און וואָס שייך דער שיינקייט און טיפקייט פון געדאַנק, האָט ער גאָרנישט פּראָגרעסירט. דער מענטשלעך־געניאַלער מוח איז געווען פּונקט אַזוי אַנטוויקלט ביי קעניג קהלת, ישעיהו, פּלאַטאָ און אַריסטאָ־טעל ווי ביי אַלבערט איינשטיין און בערנאַרד שאָו. עס איז אויך ניט נויטיק אויפצואווייזן אַז אין הינזיכט פון שיינעם און פלאַמענדיקן וואָרט זיינען די נביאים געווען גרעסערע מייסטער ווי די פּאָעטן פון אונזער צייט. די מאָלערס פון רענעסאַנס קענען היפש קאָנקורירן אין דער קוואַליטעט פון זייערע פאַרבן און אין דער הערמאָנישקייט פון זייערע געשטאַלטן מיט די בעסטע קינסטלער פון אונזער צייט.

„דיסקוסיע איז דעריבער אַן אומנייטיקע זאַך. נאָר ווער איז אַזאַ איבערמענטש וואָס קען זיך פריי אָפּזאָגן פון דעם גיפט און פיבער און צאָרן פון דיסקוסיע?

„דאָס וואָס מענטשן פאַרשטייען נישט אַליין, איז אוממעגלעך זיי

צו געבן צו פאַרשטיין. אין יעדער דור לעבן די איינזאַמע פּרינצן פון גייסט — וואָס הגם ניט קיין סנאָבן, האַלטן זיי זיך אָבער היפּש אָפּגעזונדערט פון המון. די דאָזיקע גייסטיקע פּרינצן פאַרשטייען זיך גלענצנד מיט חכמים פון ווייטע לענדער, הגם מיט די געשעצטע בירגער פון זייער פאָטערלאַנד לעבן זיי ניט בשלום. זיי שטייען אין אַ מער האַרמאָנישן קאָנטאַקט מיט די דענקער וואָס האָבן געלעבט מיט יאָרטויזנטער צוריק, ווי מיט די מענטשן פון זייער אייגענעם דור. עס איז פאַראַן אַן אַריסטאָקראַטיע פון גייסט, וואָס וואָרצלט אין די טיפע יאָרטויזנטער פון דער מענטשלעכער געשיכטע און האָט זיינע ערשטע מיטגלידער צווישן יענע גייסטיקע פּרינצן וואָס האָבן געדענקט הויך און נאָבל אין אַ צייט ווען די ערד איז נאָך געווען ווייט פון קולטור און ציוויליזאַציע. דער געניוס וואָס דענקט טיף און פילט שיין, געהערט צו אַ קאַסטע וואָס איז אומאָפּהענגיק פון צייט און אָרט.

„וואָס איז דאָ צו פאַרטיידיקן מיכל ליכטן? וואָס טויג מיר דאָס פאַרשטיין פון אַ סך פּאָעטן, ווען זיי האָבן מיקראָסקאָפּישע געדאַנקען? די מערסטע דיכטער שרייבן קלאָר. נו, זיינען זיי דערפאַר פון אַ העכערער קוואַליטעט? די פּאָעטן וואָס איך פאַרשטיי, געפעלן מיר ווייניקער ווי די פּאָעטן וואָס איך פאַרשטיי נישט. עס איז דאָס אומבאַוואוסטע וואָס האַלט דעם קינסטלער און דעם אינטעליגענט געשפּאַנט. קונסט איז נישט דער גרויסער טאָג. נאָר די איידעלע שטימונג פון דעמערונג. די מיסטעריע פון דער נאַכט. עס איז אין דער טיפער וואַלפּורגיס־פינצטערניש אין וועלכער דער אמתער קינסטלער שפּאַנט און זוכט דעם זין פון זיין עקזיסטענץ. עס איז דאָס קוים־מערקלעכע באַגינען־ליכט, וואָס שפּרייט זיך ווי בלייכע פלעקן פון אַ מאָלעריי, אין דעם עכטן און איידעלן ליד פון אַ פּאָעט. עס איז די טונקלקייט וואָס הערשט אין דער וועלט־פּאָעזיע. די טיפע מרה־שחורה. די איינזאַמקייט און די פינצטערניש פון דער נשמה. עס איז דאָס וואַנדלען דורך וואָלקן און וויזיע, דאָס קינדערשע שטאַמלען און דאָס נביאישע אַנען פון דער שיינקייט און דעם זין און דאָס געטלעכע. פּאָעזיע איז דאָס ליד פון דער אורמאַסע, פון דער נעבולאַ, פון דעם קאָסמישן קראַנץ פון אומגעהייערע כוחות, פון דעם שטורעם פון די אור־עלעמענטן.

„און, מיין ליבער פריינט, איך בעט אייך, פאַרשטייט איר מוזיק? און בעטהאָווען, וואַגנער, גלוקן — פאַרשטייט איר? איז עס ניט די מיסטעריע וואָס נעמט אייך אַרום פאַר אַ גרויסן ווערק? איז עס ניט דאָס אַריינקוקן אין אַ גרויסן טיפן און אימהדיקן וואַלד? איז עס ניט דאָס שרעקן זיך פאַר דעם אָפּגרונט פון אַ ים, אין וועלכן עס שלאָפן גיגאַנטישע בערג און טאָלן? איז עס ניט די אימה ווען פינצטערע

וואָלקנס שצירן מיט בלוטיקע ציין ערב שטורעם? איז עס ניט דער פּחד פאַרן אומגעהייערן, שוואַרצן וואָלקן וועלכער פאַרציט די לעצטע פלאַמען פון זון־אונטערגאַנג? איז עס ניט דאָס באַרירן דאָס אור־האַפטע, דאָס קאָסמישע?

„פאַרשטיין קען מען לייכט אַן אידיאָט. גאָט און דעם געניוס דאַרף מען זיך אָנשטרענגען צו פאַרשטיין. אין טויזנט שלייערן פון נעפּלען זיינען פאַרהילט זיינע געדאַנקען. ווי פּשוט איז דער תנ״ך. דאָך קומען מענטשן פון אָנגעצונדענע זעעלן און זיי פאַרשטייען אים טיפער. שע־נער. דערהויבענער. אַ געוויינלעכער מענטש וועט שטיין פאַר אַ פאַ־נאָראַמע און ער וועט בלויז באַוואונדערן די שיינקייט. צו אַ רעליגיעזע, עקזאַלטירטע נאַטור וועט די לאַנדשאַפט אָנצינדן דאָס פּנים פון גאָט. צו אַ פּאָעט וועט די לאַנדשאַפט זיין אַ גרויסע פּאָעמע. צום רעזשיסאָר — אַ בינע, וואו געטער וועלן באַלד אַרויסגיין שפּילן אַ גראַנד־ספּעק־טאַקל. צום מאָלער שטראָמען און וויברירן קאָלירן אין אַ דינאַמישן טאַנץ. צום וויסנשאַפטסמאַן וועט עס זיין אַ וואונדערלעכע כעמישע קאָמבינאַציע פון אַטאָמען וואָס בילדן לויט זייער קוואַליטעט און קוואַנ־טיטעט — פאַרבן, טענער, ליניעס און פאָרמען. צו פאַרשטיין הענגט אויך אָפּ פונם כאַראַקטער וואָס וויל פאַרשטיין. אַ גאון וועט אין אַ קינד זען אַ גאָט. אַ מיטלמעסיקייט וועט אין אַ גאָט זען אַ קינד.

„דיכטונג געהערט צו די גרויסע מיסטעריעס פון מוזיק, מאָלעריי, סקולפּטור און באַלעט. די אויפגאַבע צו רעדוצירן צום בלויזן פאַר־שטיין — מיינט דעגראַדירן. אַפילו אין דער פילאָסאָפיע, די העכסטע מאַניפעסטאַציע פון געדאַנק, ווייסט מען זייער גוט אַז מען קען מיט אינטואיציע טיפער באַנעמען גאָט ווי מיטן אינטעלעקט. פאַרוואָס זאָל מען וועלן פּאָעזיע, אַ זאַך וואָס איז לויטער אור־באַנעם, אינסטינקט, אינטואיציע, אַנען, פילן, באַנעמען מיט דער נשמה — וועלן אורטיילן בלויז פונם שטאַנדפּונקט פון „קלאָרקייט״, פון פאַרשטיין? פאַרשטייט מען דען אין אונזער וועלט די סאַמע „עלעמענטאַרע״ זאַכן? איז ניט אונזער גאַנצע עקזיסטענץ אַן אייביקער סעקרעט צו אונז, וועלכן מיר טראָגן מיט אין קבר אַריין...״

און ווען וועלט וועט וועלט בלייבן, און מענטש וועט אויפן וועג פון השתלמות זיך נעמען דערנעענטערן צו זיין אור־שליחות לויט ישעיהשן דעוויז פון „וגר זאב עם כבש״, און דער מענטש פון גייסט וועט צוריקגעזעצט ווערן אויף זיין כסא הכבוד — וועט דעמאָלט אויך געוואָרפן ווערן די געהעריקע שיין אויף די כלומרשטע טונקלקייטן פון די פּשטותדיקע ווערק פון מיכל ליכט.

---

# פון מיכל ליכטס אוצר

## רעגונג און שטילקייט

(זיין ערשט ליד פון זיין ערשטן בוך „עגאָעמען״)

פיל איך ווען נאָר רעגונג באַוועגט זיך דאָן מיין קערפּער
אַזוי מאָדנע און ציט מיך צו עטוואָס וואָס איז פּוסט און ליידיק. ס'איז גוט
צו פילן שטילקייט. שטילקייט איז אַ לאַבירינט פון זאַכן וואָס געווען
פאַרוואַנדלט דורך מאַגיק אין זאַכן וואָס זיינען. רעגונג —
ניין. רעגונג אַנטבלויזט די פאַרלאַנגען. שטילקייט
דעקט זיי איבער מיט אַ טייערן קילן שאָטן.

רעגונג איז אַ פּוילער הונט וואָס בענקט
נאָך רו. שטילקייט איז דער פלינקער יעגער
פון עכאָס. רעגונג לויערט אויף מיר אין טאָג-ליכט,
שפּאַנענדיק איבער די אומריינע שטאָט-גאַסן. שטילקייט
פילט מיין וועזן אָן ווי איך וואָלט בלאָנדזשען
איבער די פאַרגרינטע שטעגלעך פון וועלדער. רעגונג
איז אומווירדיק, ווייט פון שיין, אָפּשיילעך. שטילקייט
אָבער — וואו נאָר איך זאָל ניט קומען, דאָרט איז אויך
פאַראַן דער וואונדער פון לעבן. און דאָס איז —
שטילקייט.

## זונטיק — פינפטע עוועניו

(פון בוך „עגאָעמען״)

צוויי פערד אין אַ לאַק-געשפּאַן
און זייערע העלדזער
געבויגן ווי פּייער ראַקעטן.

די גומי-רעדער פון פיאַקער
זאַפּן איין אין זיך
דאָס שטילע גערויש פון שפּאַצירער אין גאַס.

די יונגפרוי וועמעס רו טוליעט זיך
צום גלאַט־באַשלאָגענעם געוואַנט פון פיאַקער
באַטראַכט אין האלב־ליגנדיקער פּאָזע
די וויטרינעס: גרויסע בלינדע אויגן.

די בייטש איבער דעם רוקן פון פערד
בליצט ווי אַ קאַפּריזער זיגזאַג,
און עמיצער פאַרלויפט דעם וועג
מיט פאַרכטיקער איילעניש אין די אויגן.

## לעצטע רגעס . . .

(דאָס ליד און די דריי נאָכפאָלגנדיקע לידער זיינען די שלוס־לידער
פון מיכל ליכטס נייעסטן בוך „לעצטע לידער")

מיט אַ געזונט הארץ, גיט מען זיך אַן עצה;
מע זאָגט דעם, און מע הייסט דעם — — — און עס פאָלגט.
דערגייט מען אָבער ניט דערמיט קיין טאָלק — — —
דערלאַנגט מען זיך גוטברודעריש אין פּלייצע.
נאָר וואָס־זשע טוט מען מיט אַזאַ „קאַראַנע",
וואָס גליווערט ס'בלוט און רינצלט הויט
אויסשעפּן דעם באַצייטנס האָפט און צויט?
דאָ העלפט דען שכל מינערן סכנה?

די קאַליע פּולס: די הארינטע פון בלומען,
וואָס סקלעראָטירן בלוי אין יעדן אָדער,
לינדערט, יאַטערט, לינדערט ווי אין געמיט צערודערטן;
זי קומט. זי קומט ניט. אָט איז זי געקומען.
איר קול שפּרייט זאַלב. היילונג ברענגט איר בליק.
נאָר אוים מיט קור. זי ציט זיך באַלד צוריק.

## כ'באַגער צו לעבן . . .

כ'באַגער צו לעבן. כ'באַוויל עס אַזוי שטאַרק
ווייל צו דעם טויט ציט מיך נאָך אפשר שטאַרקער
ניט מחמת כ'בענק נאָך פרישן שטיקל קרקע
נאָר ס'גלוסט זיך גלאַט פאַרלאָזן דאָס געמאַרק
פון מאַטערדיקן טומל. — ס'צוקט די וויע

פון אַפּזאָג אירן, מאַלצייט מיט מיר טיילן;
זאָג איך זיך אָפּ פון איינלאַד פון אַ צווייטער
וואָס גאַרט מיך זען. נאָר מיינע אויגן — — — דיע.

פאַרבאָרג איך זיך אין קלעמענדיקע איילן.

דו אומזאַט האַרץ — נאָך אַלץ ניט צו דער זעט ?
(געננוגנט ניט ס'ווייב, וואָס פיעשטשעט, וועמען צערטלסט ?
די אָפּגעזאָגטע: זיסער טערטל-מערטל...)
וואָלט ס'בלוט פאַרלאַנגט פאַרצערונג פאַרן בעט
וואָלט מיך נאָך איצט געראָטן יונגער פלירט.
נאָר גיי זאָג עדות דעם האַרץ: עס העשעט נאָך איר
ווען אירע ליפּן פרום מיין באַק באַרירט.

## אַש און שטויב

פון יונג און אַלט, אָן איבערקלויב
ווי פון קוימענקערערס, ווערט אַש און שטויב
גאָלדענע יוגנט, אַלטער דרויב
פון אַלעם ווערט רק אַש און שטויב

די טיפע שרעקן, דולע באַגערן
פרעסן דעם גוף, די נשמה פאַרצערן

ס'האַרץ צאַפּלט צו גאָרן נאָכדעם
באשר ס'איז ביטער צו לעבן? נו, לעבט מען ניט.

## דערשיטער מיך, מיין האַרץ

דערשיטער מיך, מיין האַרץ,
מיטן לעצטן גרויסן שטורעם,
דערצאַפּל מיך, מיין לעבן,
מיט קאַרקעס טיף פאַרפּראַפּט,
צעפיר ווי וואַסער מיך, נאַטור,
אין דיין כאַאָס-שוים,
רק, טוט עס נאָר פאַמעלעך,
ניט געכאַפּטערהייט.

# שמואל מאַלאַווסקי

א

דאָס ערשטע מאָל האָט מיין אויער פאַרנומען דעם זינגעווּ־דיקן וואָרט — מאַלאַווסקי — אין אָנהויב 1947. און געהערט האָב איך עס פון דעם פילאַדעלפיער ראַדיאָ־ און קאָנצערט־אימפּרעסאַריאָ לואי גראָס: אַרויסגערעדט האָט ער דאָס וואָרט מיט חסידישער התלהבות. גראָס איז געווען אין סאַמע מיטן פון פיבערישע הכנות צו אַ גרויס־פאַרנעמיקן קאָנצערט אין פילאַדעלפיע מיט דער מאַלאַווסקי־פאַמיליע. און אין דעם דריי־זילביקן וואָרט — מאַלאַווסקי — האָבן זיך געשפּיגלט גראָס׳ דריי שיקזאַל־האַפטיקע האָפענונגען: 1) אַז דער קאָנצערט זאָל אים אַריינברענגען די דערוואַרטעטע הכנסה, אין וועלכער ער האָט זיך, דעמאָלט, גאָר, גאָר גענויטיקט; 2) אַז זיין ביוראָ זאָל דורך דעם קינסטלערישן און מאָראַלישן דערפאָלג אין וואָס ער איז געווען זיכער — דערווערבן דעם געהעריקן פּרעסטיזש און 3) אַז זיין האַרציקער פריינט שמואל מאַלאַווסקי, וועגן וועמען ער האָט צו מיר גערעדט אין פאַרהערלעכנדיקע טערמינען, זאָל זיך — אויף אַ קורצער צייט כאָטש — קענען שטעלן אויף די פיס.



ב

אויב לואי גראָס האָט פאַר מיר אַנטדעקט מאַלאַווסקין ווי אַן אייגנאַרטיקן חזן, זינגער און מטופל מיט, קיין עין־הרע, אַ גרויס הויז־געזינד, — וועמעס צער גדול בנים האָט אָפט אָנגענומען קרעס־

טשענדאַ־פּאַרמען — האָט קאָלעגע מ. ירדני, פֿיר יאָר שפּעטער, פֿאַר מיר אויפֿגעהויבן דעם שלייער פֿון אַ נייעם מאַלאַווסקי־פּנים, — אַ לייבן־געזיכט פֿון אַ קעמפֿער, פֿון אַן אומדערמידלעכן קריגער. און אין קעמפֿערישן הויז פֿון „וואָכנבלאַט" האָט דער שטענדיק־אינספּירירטער מ. ירדני, — וועלכער איז דעמאָלט, דאַכט זיך, געווען דער פּרעזידענט פֿון חזנים־פֿאַרבאַנד, זייער וואַרעם אויפֿגענומען און פֿאַר אונז פֿאָרגעשטעלט די זינגעוודיקע מאַלאַווסקי־משפּחה:

„איך קען חזן מאַלאַווסקין אַזוי לאַנג שוין ווי איך בין אין אַמעריקע. איך ווייס פֿון פֿאַרשיידענע צייטן ביי אים, גוטע און שלעכטע — מער שלעכטע ווי גוטע. עס זיינען געווען צייטן ווען אָרעמקייט איז געווען אַ נאָענטער „מחותן" מיט די מאַלאַווסקיס. ווען ער וואָלט ניט געווען קיין „עקשן" און געגאַנגען מיטן שטראָם אין אַמעריקע, וואָלט ער פֿון קיין דחקות קיינמאָל נישט געוואוסט. אָבער חזן מאַלאַווסקי איז בטבע אַ שטאָלצער מענטש, מיט איינגעבאָרענער ווירדע און חזנישן טאַלאַנט, אַ חזן מיט אַן אייגענעם צוגאַנג צום עמוד, וואָס האָט זיך בשום אופֿן נישט געלאָזט דיקטירן פֿון די שול־בעלי־בתים, רבנים און ראַבאַיס. האָט ער אין דער שטיל געליטן, געהאָפֿט און געוואַרט אויף בעסערע צייטן — און די בעסערע צייטן זיינען געקומען!

„דער אויבערשטער האָט געבענטשט מאַלאַווסקין מיט אַ זינגעדיקער משפּחה, זין און טעכטערלעך, און ער איז אויפֿגעריכט געוואָרן! די נעמען גאָלדעלע און גיטעלע, ווי די גאַנצע זינגענדיקע מאַלאַווסקי־משפּחה, מיטן טאַטן בראש, זיינען היינט צו טאָג באַוואוסט פֿון איין ברעג־לאַנד ביז צום אַנדערן ברעג־לאַנד.

„קענען דאָס געוויסע „מענטשן" ניט פֿאַרטראָגן און מ׳גראָבט פֿון אַלע זייטן. עס זיינען דאָ ברוך־השם ביי אונז אַזוינע „מענטשן", וואָס אַז זיי זעען, אַז יענער האָט פּרנסה, האָט אַ שטיקל ברויט צום עסן, קענען זיי עס ניט פֿאַרטראָגן, עס קרענקט זיי ממש . . .

„שרייב איך עס אין פֿאַרבינדונג מיט אַ געוויסן „עדיטאָריעל", וואָס איך האָב איבערגעלייענט אין דער טעגלעכער צייטונג „דער אידישער זשורנאַל", וואָס גייט אַרויס אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. דער „עדיטאָריעל" איז געווען אָפּגעדרוקט זונטאָג, דעם 19־טן נאָוועמבער, 1950, אונטערן נאָמען: „אַ פּסק פֿון טאָראָנטער רבנים". איך וועל דעם „עדיטאָריעל" איבערגעבן אין מיין רובריק, ווי ער שטייט און גייט, אָן שום קאָמענטאַרן — ודי לחכימה ברמיזא...

„מיר האָבן קיינמאָל ניט פּרעטענדירט און פּרעטענדירן ניט צו פּסקנען שאלות אין רעליגיעזן לעבן. אויף דעם זיינען פֿאַראַן רבנים, זאָלן מאריך שנים זיין ביי אידן. זיי זיינען אויטאָריטעטן אין הלכה און עס איז זייער באַרוף און פֿליכט עס צו טאָן. מיר האָבן זיך שטענדיק



**חזן מאַלאַווסקי מיט זיינע 6 זינגעוודיקע קינדער**

געהאַלטן ביי דעם דאָזיקן פּרינציפּ, אַזוי אַז ווען אידן זיינען צו אונז געקומען מיט שאלות, אַפילו די קלענסטע, האָבן מיר זיי אָפּגעשיקט צו די געהעריקע אויטאָריטעטן ביי אונז אין שטאָט. עס טרעפן אָבער פאַלן, ווען עס קומט אַ שאלה אויף אַ פּסק פון רבנים, און דאַן איז ניט מעגלעך אָפּצושיקן די שאלה צו די רבנים, וועלכע האָבן דעם פּסק אַרויסגעגעבן. און אָט איז דער פאַל.

„אין טאָראָנטאָ האָט געזאָלט קומען אַ פּראָמינענטער חזן פון די פאַר-אייניקטע שטאַטן, מיט אַ געמישטן כאָר פון מענער און פרויען. אין דעם פאַל איז עס איין פאַמיליע, דער פאָטער איז דער חזן און די זין מיט די טעכטער שטעלן צוזאַמען דעם כאָר, דרך אַגב, אַ גאַנץ פיינע און אָנשטענדיקע פאַמיליע. ווען עס איז אָנאָנסירט געוואָרן, אַז דער חזן מיט זיין כאָר וועט דאַווענען שבת אין אַ קליינער שול אויף דאָווערקאָורט ראָוד, אין טאָראָנטאָ, האָבן צוויי זייער פּראָמינענטע רבנים אין שטאָט, הרב א. א. פּרייס און הרב דר. דוד אָקס, אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז אָסור, זיי האָבן מזהיר געווען די באַטרעפנדע שול און די באַאַמטע, אַז אין פאַל זיי וועלן זיך ניט צוהערן צו דער אזהרה און וועלן לאָזן דעם חזן מיט דעם געמישטן כאָר דאַווענען, וועלן זיי דערקלערן די שול אַלס אַ רע-פאָרם-טעמפּל, וואוהין קיין רעליגיעזער איד וועט נישט טאָרן אַריינגיין דאַווענען.

„דעם פּסק האָבן די באַטרעפנדע רבנים געשטיצט על התורה הקדושה.

„נעמען מיר אָן, אַז אַזוי איז דער דין, און אַזוי דאַרף זיין.

„יעצט די שאלה.

„אין די פאַרגאַנגענע ימים-נוראים האָבן צוויי אָרטאָדאָקסישע בתי-מדרשים אין טאָראָנטאָ געהאַט געמישטע כאָרן פון מענער און פרויען, און ניט חלילה פון איין פאַמיליע, נאָר גאַנץ פרעמדע. אין די דאָזיקע

שולן האָבן צו כל נדרי און אַ גאַנצן טאָג יום-הכיפורים געדאַוונט אידן אין קיטלען, אָן שיך, דאָרטן האָבן געדאַוונט העכסט רעליגיעזע אידן. האָבן די דערמאָנטע צוויי רבנים געגעבן אָן אזהרה צו דער שול, צו די באַאַמטע און צו די רעליגיעזע אידן, אַז זיי טאָרן דאָרטן נישט דאַוונען? און אויב זיי האָבן עס נישט געטאָן, פאַרוואָס נישט?

„אין די דערמאָנטע שולן דאַוונען שוחטים, פון וועמעס שחיטה אידן אין טאָראָנטאָ עסן, און וועמעס שחיטה די באַטרעפנדע רבנים האָבן נישט געאַסורט. פאַרוואָס און ווי קומט עס?

„איז עס נישט אַמאָל דערפאַר, וואָס די באַטרעפנדע צוויי שולן זיינען גרויסע און רייכע און די רבנים האָבן אַ ביסעלע דרך-ארץ פאַר כסף וזהב, אָדער דאָס איז דערפאַר וואָס זייערע אייגענע מיטגלידער און אונטערשטיצער זיינען פּראָמינענטע בעלי-בתים אין די דאָזיקע בתי-מדרשים? מיר וואָלטן נישט געוואָלט חושד זיין די באַטרעפנדע רבנים אין דעם. אָבער עס איז זייער אויפפאַלנד.

„די הויפּט-שאלה איז: פאַרוואָס האָבן די רבנים אין יענעם פאַל געשוויגן, אַפילו ווען זיי האָבן געוואוסט פון פריער, אַז מען וועט זיך צו זייער אזהרה נישט צוהערן? פאַרוואָס האָבן זיי נישט געסטראַשעט מיט אַ פּסק על פי תורה הקדושה, אָדער לכל הפחות וואָרענען עפנטלעך רעליגיעזע אידן, זיי זאָלן נישט גיין אַהין דאַוונען?

„איז עס נישט אַמאָל דער פאַל פון דער איינציקער ציגעלע ביים אָרעמאַן?"

ג

**ווען דער חזן-קעמפער מאַלאַווסקי, האָט איבערגעלייענט ירדניס קאָלום אין „וואָכנבלאַט", איז ער געוואָרן נישט ווייניק איבערראַשט, און נאָך מער דערמוטיקט. ער האָט, ענדלעך, דערזען אַזוינס, וואָס ער האָט אַ לעבן-לאַנג געזוכט: אַ פרייע און אָן אומאָפּהענגיקע פּלאַטפאָרמע, וואו ער זאָל קענען, אַ נישט-געפּענטעטער, אויפנעמען זיין פאַרמעסט מיט די ראַבאַיס, קעגן זייער סיסטעמאַטישן אומברענג און אויסלעש פון חזנות אין אַמעריקע. און — דעם 19טן יאַנואַר, 1951, איז דערשינען אין „ניו-יאָרקער וואָכנבלאַט" זיין „בריוו צו דער עפנטלעכקייט", אַ בריוו, וועלכער האָט אין משך פון די דריי יאָר נישט פאַרלאָרן זיין ווערט, זיין אַקטואַליטעט, און וועט נאָך דינען אַלס אַנקלאַגע קעגן דער פאַרדאַרבנדיקער השפעה פון די אַסימילאַטאָרישע ראַבאַיס פאַר נאָך פילע, פילע יאָרן און יאָר-צענדליקער:**

## „אַ בריוו צו דער עפנטלעכקײט

„צו אײַך חשובער מר. ליבמאַן, רעדאַקטאָר פון „וואָכנבלאַט", און דורך אײַך צו אונזער חשובן פריינט און קאָלעגע מרדכי ירדני, וויל איך אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק פאַרן אַרטיקל, וואָס עס איז געווען געדרוקט אין „וואָכנבלאַט" וועגן מיר און מיין זינגענדיקער משפחה.

„יאָ, חשובער פריינט, עס איז שוין לאַנג צייט געווען אַז עמיצער זאָל זיך אָננעמען אונזער קריוודע און וועגן אונז שרייבן אין דער עפנטלעכקייט. אונזער „קעיס" איז אַן אויסערגעוויינלעכע און מיר נויטיקן זיך אין מענטשן, וואָס האָבן אַ ביסל יושר אין זייערע הערצער — אַ זאַך, וואָס איז איצט זעלטן צו געפינען. איבערהויפּט צווישן אידי־שע שרייבער, וואָס די מייסטע פון זיי יאָגן זיך נאָך סענסאַציעס פון אַ קאָמערציעלן כאַראַקטער ביי וועלכע, אגב, מען קען פּראָפיטירן. אין אונזער פאַל, וואו קיין „פּרנסה" ווייזט זיך נישט, דערצו דאַרף מען נאָך אַרויסגיין קעמפן, מאָנען יושר פון דער אידישער גאַס, וויל קיי־נער עס ניט טאָן. זיינען מיר, די מאַלאָווסקיס, געבליבן אַליין צווישן אַ גרויסער אומגערעכטער וועלט אָן שום באַשיצער...

„עס איז בלויז אַ דאַנק אונזער זינגען און די „ברכות", וואָס מיר קריגן אַריין פון טויזנטער אומשולדיקע אידן, וואָס האָבן פּשוט הנאה פון אונזער געזאַנג, פון מיר און מיין זינגענדיקער משפחה — אָט דער זכות שטייט אונז ביי, אַז מיר זאָלן קענען אָנגיין מיט אונזער אַרבעט להכעיס אַלע שטערונגען אויף צו קענען פאַרדינען אַן אָנשטענדיקן לעבן.

„יאָ, טייערער רעדאַקטאָר, עס איז אַ גאַנץ לאַנגע געשיכטע. איך האָב שוין לאַנג זיך געוואָלט אַראָפּרעדן פון האַרצן, אַרויסקומען פאַר דער וועלט און דערציילן, וואָס עס קומט פאָר אין דער חזנישער וועלט. איך האָב געזען ווען דאָס חזנות איז געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה אין אַמעריקע בימי ר' יאָסעלע ראָזענבלאַט ע"ה און זע אויך ווי דאָס חזנות זינקט פון טאָג צו טאָג אין דער שאול־תחתיה פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר אין אונזער גאָלדענער מדינה. עס איז ממש אַ ווייטאָק צו זיין אַ חזן, איבערהויפּט אַ חזן פון אַ יערלעכער שטעלע...

„די גרויסע חזנישע טראַגעדיע, די אמתע ירידה האָט זיך אָנגע־הויבן אַזוי שנעל ווי די ראַבאַיס פון שעכטערס־סעמינאַר האָבן אָנגע־פאַנגען איבערצונעמען די ממשלה איבער די שולן און זיי פירן ווי אַ געוויינלעכע ביזנעס... די שעכטער־רביים האָבן בשום אופן ניט גע־קענט אַרונטערשלינגען אַ גוטן חזן, אַ שיינעם חזן און אפילו אַ שטיקל

געלערנטן חזן. פשוט: „אי אפשר שישתמשו שני מלכים בכתר אחד". פאַר מוסף, ווען דער ראַבאַי שטעלט זיך אַוועק רעדן און מאַכן די „שפיל", און ער איז ביי זיך זיכער, אַז ער נעמט זיינע „צאַן־קדשים" מיט שטורם, זעצט ער זיך דערנאָך אַוועק אַ צופרידענער ווי אַ זיגער. אָבער ווי נאָר דער חזן שטעלט זיך אַוועק ביים עמוד און דערלאַנגט אַ שיינעם „דריידל" און ער זעט באַשיינפּערלעך ווי די פּנימער ביי די מתפללים הייבן אָן צו שיינען פון פרייד, אַזוי נעמט אין אים ברענען אַ רציחה און ער קען מער רואיק ניט איינזיצן אויף זיין פּלאַץ. עס הויבט אים ממש פון בענקל. אָבער וואָס איז דער חזן שולדיק, אַז זיין „והוא ישמיענו" אָדער „תכנת שבת" נעמט פאַרט אויס? זאָל ער זיך דערהרגענען, זאָל ער זיך דערשטיקן מיט זיין קול, מיט זיינע געפילן, מיט זיין חזנות? וואָס איז דער חזן שולדיק, אַז אידן האָבן פאַרט ליב אַ שטיקעלע חזנות מער איידער אַ קאַזיאָנע דרשה, און דער חזן ברענגט אַריין מיט זיין זינגען דעם גאַנצן געפיל פון קדושת־שבת? אָבער זאָלט איר זען וואָס פאַר אַ צאָרן דאָס רופט אַרויס ביי די ראַבאַיס!

„עס איז ניט מעגלעך, חשובער רעדאַקטאָר, אַרויסצושרייבן אַלץ וואָס איך האָב געזען אין די לעצטע דריי צענדליק יאָר, ווי ווייט די אייפערזוכט פון די ראַבאַיס דערגייט. עס איז גענוג ווען איך וועל דאָ זאָגן, אַז אַ חזן מיט אַ נשמה, מיט אַ ביסל זעלבסט־רעספּעקט, קען בשום אופן ניט שטיין אויף קיין יערלעכער שטעלע. און אויב אַ חזן איז געווען געצוואונגען צו לעבן בלויז פון זיין חזנות, האָט ער געמוזט אָנהויבן צו וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און ווערן פאַרפּיצטערט, ליידן דחקות, א. אַז. וו. עס איז געווען אַ פראַגע: אָדער פאַרשקלאַפן די נשמה מיט די געפילן, אָדער עסן ברויט און זיך וואַרגן דערמיט? איך האָב אויסגעקליבן בעסער הונגערן, ליידן דחקות, אָבער ניט צו פאַרקויפן מיין נשמה, מיינע געפילן, בעסער אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, אַבי צו זיין אַ פרייער מענטש...

„אין 1914 בין איך געקומען קיין אַמעריקע. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך בין דאָ געוואָרן אַ באַרימטער חזן. איך האָב אָנגע־הויבן צו בייטן איין שטעלע אויף דער צווייטער, מיינענדיק אַז די אַנ־דערע איז בעסער פון דער ערשטער, און איצט קען איך זאָגן מיט שטאָלץ און מיט ריינעם געוויסן, אַז איך בין שוין, ברוך־השם, אַכצן יאָר ניט קיין שטעלע־חזן, ד.ה., אַז פון דעם יאָר 1932 אָן, האָב איך ניט געהאַט קיין יערלעכע שטעלע.

„און אַזוי אַרומוואַנדערנדיק איבער אַמעריקע, אין דער לענג און דער ברייט, האָב איך געטראָפן אין געוויסע קהילות, וואו דער ראַבאַי פלעגט זיין געצוואונגען מיך פאָרצושטעלן פאַרן פובליקום, פלעגט

ער נוצן דעם פֿאָלגנדיקן נוסח: „לײדיס ענד דזשענטלמען! איך שטעל אייך פֿאָר אַ מאַן וואָס הייסט קאַנטאָר, ד. ה., חזן, וואָס אידן פלעגן אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק רופֿן". נאַטירלעך, איז עס אַלץ געגאַנגען אויף דער ענגלישער שפּראַך. צוליב וואָס דען אַנדערש האַלטן מיר אויס סעמינאַרן און ישיבות, אויב די ראַבאַיס זאָלן ניט רעדן קיין ענגליש? ענגליש קען נאָך, חלילה, אונטערגיין און מיר מוזן זען אויסהאַלטן אַלע סעמינאַרן און ישיבות צוליב דעם...

„איך האָב ניט איינמאָל וועגן דער דאָזיקער געפֿאַר, וואָס לויערט אויף חזנות, געוואָרנט די חזנים סיי איבערן לאַנד און סיי אין ניו־יאָרק. אָבער מען איז אַזוי פֿאַרטאָן מיט אייגענעם דערפֿאָלג, און מיט געלט מאַכן, אַז — מען לאָזט זיך שפּייען אין פּנים...

„זייענדיק אַ מטופל מיט קליינע קינדער, אָן שום אויסזיכט אויף פּרנסה, האָב איך, נאַטירלעך, געליטן אַ סך יסורים שיינע עטלעכע יאָר. אָבער איך האָב מיך געהאַלטן ביי מיינע פּרינציפּן און ניט גע־לאָזן די ראַבאַיס טרעטן אויף מיר. איך און מיין משפּחה האָבן פּשוט געהונגערט. די קינדער זיינען געוועזן אי הונגעריק, אי אויסגעמאַטערט פון שטענדיק אַרומשלעפּן זיך, אַרומפֿאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון ברעג־לאַנד צו ברעג־לאַנד. אָבער אין דער זעלביקער צייט האָב איך מיינע קינדער געלערנט זינגען — און דווקא אידיש געזאַנג! איך האָב געוואוסט און בין געווען זיכער, אַז ענגליש וועלן זיי סיי ווי קענען. נאָך עטלעכע יאָר שווערער אַרבעט, האָב איך אויסגעלערנט מיינע קינדער אַלע תּפֿילות און מיין גאַנצן זינגענדיקן רעפּערטואַר, אייניקע גאַנץ שווערע קאָמפּאָזיציעס, וואָס איך אַליין האָב געשאַפֿן.

„מיין זינגענדיקע משפּחה באַשטייט פון זעקס קינדער, זאָלן גע־זונט זיין! צווייי, גיטעלע און גאָלדעלע, זיינען העכסט־טאַלאַנטפֿול. זייער אופֿן פון זינגען תּפֿילות איז באמת צו באַוואונדערן. אין דער זעלביקער צייט זיינען זיי איצט באַרימט אונטערן נאָמען „די מאַרלין־שוועסטער" דורך קאָלאָמביא־רעקאָרדס און דורך זייערע פּערזענלעכע אויפֿטרעטן אויף דער ענגלישער בינע. זיי וואָלטן מיט זייערע טאַ־לאַנטן זיך איינגאַנצן געקענט אָפּגעבן דער ענגלישער בינע, אָבער דער געפֿיל פֿאַר אידיש געזאַנג איז ביי זיי טיף איינגעוואָרצלט געוואָרן. זיי, פּונקט ווי איך, זיינען איבערציייגט, אַז רייכקייט איז ניט אַלץ, זיי זיינען אויך איבערצייגט אַז איך, זייער טאַטע, איז אומזיסט אַרויסגע־שטויסן געוואָרן פון זיין פּראָפֿעסיע, ניט געקוקט דערויף וואָס ער איז אַ חזן מבטן אמו. עס איז געוואָרן די אַמביציע פון מיינע טאַלאַנטפֿולע קינדער: צו ברענגען דעם נאָמען מאַלאַווסקי צום באַרעכטיקטן אויבנאָן פון חזנות!

„אַזוי ווי, פריינט ליבמאַן, איך האָב געפונען ביי אייך די אמתע פרייע פּלאַטפאָרמע, האָף איך, אַז איך וועל נאָך האָבן צו דערציילן וויכטיקע עפּיזאָדן, וואָס וועלן דערשטוינען די אידישע עפנטלעכקייט.

מיט דרך־ארץ, ש. מאַלאַווסקי".

ד

אין משך פון די לעצטע דריי יאָר — 1951־1953 — האָט דער נאָמען מאַלאַווסקי געצומען אויפגיין, ווי אַ צעשטראַלטער שטערן, אַלץ העלער און אַלץ הערלעכער אין הימל פון געטלעכער אידישער נגינה. אויב דער שיקזאַל האָט אים ניט געקענט באַגנעדיקן מיט אַ זיכערער חזנות־שטעלע, אַזוי אַז דער „ואם תאמר מה נאכל" זאָל אים ניט דאַרפן פייניקן טאָג־איין און טאָג־אויס, האָט ער זיך און זיין פאַמיליע איינגעשפאַנט אין אונזער טראַדיציאָנעלער לך־לך־שקאַפע, כדי אויסשלאָגן חיונה פון איינמאָליקע גאַסטראָליר־תפילות איבער שטעט און שטעטלעך; אין קאָנצערט־אויפטריטן; אין לאָזן זיך הערן אויף דער ראַדיאָ און דערשיינען פון צייט צו צייט אויף דער טעלעוויזיע, און מיט יעדן דאַווענען — וואַקסט דער רומפולער נאָמען „מאַלאַווסקי", און מיט יעדן אויפטריט — שטייגן און מערן זיך די באַוואונדערער.

און אָט בין איך מיט אַ גרופּע „פריינט פון וואָכנבלאַט", מיט גרויס בייגעריקייט, געגאַנגען די טעג אין „נעשאָנאַל טעאַטער" הערן און זיך קוויקן מיט דער אַנדערשדיקער נגינה פון די „זינגער פון ישראל". זיי האָבן געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט חזנות און פאָלקס־נגינה. נאָך יעדן נומער האָט געשטורעמט דער טעאַטער־עולם. און מיט יעדן נומער האָט זיך געשטאַרקט דער אַפּלאָדז, און געטראַכט האָב איך: אין איין סוף־וואָך געבן אַזעלכע ניין (9) ריסייטלס, דאַרף איך זיי מכבד־זיין מיט ברכת־כהנים — זאָל זיך דער אויבערשטער אויף זיי מרחם זיין, שוינען זייער געזונט — און שאַנעווען זייערע כוחות. דער עכטער יום־טוב־גייסט, וואָס שמואל מאַלאַווסקי, מיט זיינע געבענטשטע קינדער (מיט דער האַרמאָנישער קאָאָפּעראַציע פון זיין אינטעליגענטער פרוי — הינטער די קוליסן) האָבן געשאַפן מיט זייער אויפטריט די טעג אין נעשאָנאַל טעאַטער וואַרעמט מיך נאָך אויך איצט בעת איך שרייב אָט־די שורות. און אין אָט־דער שטימונג איז כדאי און ס'איז וויכטיק צו פאַרצייכענען פאַר זיך אַליין און פאַר דער אייביקייט עטלעכע ביאָגראַפישע שטריכן פון איינעם פון די גרעסטע אויסטייטשער פון ליטורגיע.

ה

שמואל מאַלאַווסקי איז געבוירן געוואָרן אין סמילע, קיעווער גובערניע, אין יאָר 1894. סמילע האָט געהאַט אַ אידישע באַפעלקערונג פון 4000, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען גרויסע לומדים, משכילים און אויך אַ ריי מוזיקער, פידל־שפּילער און חזנים ווי ראַזומני, וולאַדאַווסקי, גאַנאַפּאָלסקי, א. אַז. וו.. דער פאָטער פון חזן מאַלאַווסקי, ר׳ מרדכי מאַלאַווסקי, ז״ל, אַליין אַ תלמיד־חכם, איז אויך געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון חזנות.

ווי אַלע באַלעבאַטישע אידישע קינדער אין סמילע, האָט אויך שמואליקל געקראָגן אַן עכטע אידישע דערציאונג. איז געגאַנגען אין חדר, און שפּעטער אין ישיבה, און האָט היפּש איינגעזאַפּט אין זיך פון די פילע גאָלדענע לאָגלען פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט.

אָבער אַחוץ אַ גוט קעפּל צום לערנען, האָט שמואליקן די השגחה באַשערט מיט אַ קוויקנדיקער שטים צום זינגען. און נאָך אין זיין גאָרער יוגנט רייסן זיך שוין איבער אים די גרעסטע חזנים פון קיעוו, אָדעס, יעליסאַוועטגראַד. זיי האָבן שוין דעמאָלט איינגעזען, אַז דער סמילער אַלטאָ וועט אַמאָל דערלאַנגען זייער הויך... און ניט אומזיסט האָט יעדער חזן געוואָלט האָבן שמואליקלען אַלס משורר אין זיין כאָר.

צו בר־מצווה איז שמואליק שוין געווען אַ „פּאָלנער" חזן, און איז דעמאָלט אַרויסגעפאָרן אויף אַ טור: געדאַוונט שבתים און „געגעבן קאָנצערטן" אין אַלע גרעסערע שטעט פון דער רוסישער אימפּעריע. איבעראַל האָט מען דעם אינגל־חזן געגעבן אַ קעניגלעכע אויפנאַמע. יעדע שול, וואו שמואליקל איז אויפגעטראָטן, איז געווען איבערגעפּאַקט מיט באַגייסטערטע צוהערער. אין יענע טעג — אַרום אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט — האָט כמעט יעדער איד אין דער אַלטער היים געחלומט צו פאָרן קיין אַמעריקע. דער ביטערער אַנטיסעמיטיזם, די צאַרישע פאַרפאָלגונגען און די שרעק פאַר פּאָגראָמען האָבן געהאָלפן אַז אידן זאָלן זיך ציען צו דער פרייער אַמעריקע. דער יונגער מאַלאַווסקי, פון דער נאַטור אַ קעמפער און „גייער קעגן שטראָם," איז דאָס מאָל געגאַנגען „מיטן שטראָם" — קיין אַמעריקע.

ו

אין 1914, ווען שמואליקל איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איז ער נאָך קיין 19 יאָר ניט אַלט געווען. אָפּכאַפּנדיק דאָ, אין פרייען לאַנד, דעם אָטעם, האָט ער אָנגעהויבן זיך „אַרומקוקן", און אַ שטיקל צייט געצויגן חיונה אַלס שוחט אין ניו־יאָרק. אין 1915 קריגט ער זיין ערשטע שטעלע אַלס חזן, און פון דעמאָלט אָן, אַ קימאַ־לן פון באַלד

40 יאָר — איז ער געווען דער יערלעכער חזן פון די גרעסטע שולן אין לאַנד און גאַסט־חזן אין יעדער גרעסערער שטאָט פון אַמעריקע מיט אַ באַדייטנדיקער אידישער קהילה. מיטן גאַנג פון די יאָרן רייפט זיך ניט נאָר אויס מאַלאַווסקיס שטימע, נאָר אויך זיין מוח, זיין לעבנס־דערפאַרונג. זייענדיק אַ למדן, אַ חקרן, וועלכער פאַרשטייט ניט נאָר דעם פירוש המילות פון די תפילות, דעם איינפאַכן פשט פון די פיוטים, נאָר אויך די רמזים, די פאַרבאָרגענע הייליקייטן זייערע, געלינגט אים צו מעורר זיין זיינע אַלץ־נייערע און נייערע צוהערער צו תשובה, און זיי צו דערהויבן צום עכטן עקסטאַז און צו דער הויך פון קדושה.

חוץ מאַלאַווסקיס אייגענע מעלות טובות האָט אים דער אויבער־שטער מזכה געווען מיט אַ גאָר־וואוילער אשת־חיל, — אַליין אויך פון אַ חזנישער פאַמיליע. כאָטש געבאָרן אין אַמעריקע, האָט זי געקראָגן אַ גוטע אידישע דערציאונג און איז, בכלל, זייער אידיש „געשטימט״. אין אַלע זיינע קאַמפן, סיי פאַר חיונה און סיי פאַר פרינציפּן, האָט חזן מאַלאַווסקי געפונען אין זיין פרוי אַן אמתע מיטגייערין און מיט־קעמפערין. אין די אַלע מלחמות זיינע מיט די ראַבאַיס, וועלכע האָבן אים געוואָלט עוקר־מן־השורש זיין פאַר זיין חזנות, פאַר זיין לומדות, פאַר זיין אויסנעמען שטאַרק ביים עולם, איז זיין פרוי, ווי אַ פעסטונג, געווען פאַר אים: אים געשטיצט און געמוטיקט, און דער קינפטיקער כראָניקער וועט אויף איר קאָנטע דאַרפן פאַרשרייבן אַ ניט־קליינעם חלק שור־הבר און לויתן, פון וועלכן די מאַלאַווסקיס האָבן, אין די לעצטע יאָרן, שוין אָנגעהויבן טועם זיין . . .

ז

**פ**אַר דעם נעמלעכן כראָניקער וועט אויך זיין כדאַי צו וויסן, אַז אין זיינע סאַמע בעסטע יאָרן — אין זיינע מיטעלע יאָרן, איז דער שטאָלצער מאַלאַווסקי, מיט זיין פיין־פילנדיקער נשמה, געווען ביים ראַנד פון העכסטער פאַרצווייפלונג.

די נויט פון דער פאַמיליע, — זיין פרוי מיט זעקס קינדערלעך — האָט געקלאַפּט אין די לאָדן פון זיין געוויסן: גיב־אויף די חזנות, וואַרף אַוועק דאָס געזאַנג, נעם זיך צו עפּעס אַנדערש, אַבי דו זאָלסט קענען שפּייזן דיינע טייערע קינדער, דו זאָלסט קענען שוכן און שיצן דיין הויזגעזינד, און פאַראַלעל מיט דער שרייעניקער נויט, רעדט צו אים, ממעמקים, די נגינה, וואָס איז נאָך העכער ביי אים ווי פרנסה. און אַזוי ווערט ער געפייניקט דורך די טעג און אַזוי ווערט ער געמאַ־טערט דורך די שלאָפלאָזע נעכט. נאָר דער קעמפער מאַלאַווסקי גיט זיך ניט אונטער. ביים סאַמע שאַרף פון זיינע טונקעלע ראַנגלערייען,

האָט אים, דורך דער שוואַרצקייט פון דער נאַכט, דורכגעבליצט אַן אידייע: ער וועט ראַטעווען די קינדער — דורך די קינדער. ער וועט זיי מצרף זיין צו דער אידישער נגינה.

און אָט רופט ער צוזאַמען זיינע זעקס קינדערלעך: אברהמל, גיטעלע, גאָלדעלע, מאַטעלע, רוטעלע, און מנוחהלע — ער רופט זיי אין דער צייט פון דער גרעסטער אָרימקייט פון זיין לעבן — הויבט אָן לערנען זיינע קינדער צו זינגען אידישע תפילות.

קיין סך קנעלן האָט ער מיט זיינע קינדער ניט געדאַרפט: דאַוו־נען האָבן זיי סיי־ווי געקענט, און פיינע שטימעלעך האָבן זיי אַלע פאַרמאָגט, איבערהויפט די צוויי טעכטערלעך, גיטעלע און גאָלדעלע, אויסערגעוויינלעכע שיינקייטן, מיט טייערע, זיסע שטימעלעך, וואָס וואָלטן דערוואָרבן מער אָנזען און מער געלט אויף דעם ענגלישן „פעלד", דורך זינגען און אונטערהאַלטן. און די קינדער האָבן זיך טאַקע געריסן אַוועקצוגיין . . . אָבער חזן מאַלאַוווסקי האָט ניט אָפּגע־לאָזן זיינע קינדער און מיט זיי כסדר געטענהט: קינדערלעך, די אידן דאַרפן אונז האָבן. און חזן מאַלאַוווסקי האָט געזיגט. ער האָט אויסגע־אַרבעט אַ מאַלאַוווסקישן רעפּערטואַר פון מעלאָדישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס פּאַסטן פאַר אַזאַ קליינעם אַנסאַמבל. און נאָך אַ פּאָר חדשים שטו־דירן, האָבן די מאַלאַוווסקיס אָנגעהויבן אויפטרעטן אַלס אַ כאָראַלע גרופּע אונטער דעם נאָמען „די זינגער פון ישראל."

די ערשטע אויפנאַמעס פאַר דער מאַלאַוווסקי־פאַמיליע זיינען געווען קאָלאָסאַלע. און עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז די מאַלאַוווסקיס וואָלטן זייער הויך דערגרייכט אין רום און אין געלט ווען ניט די שטרויכלונגען, וואָס די אגודת־הרבנים האָט זיי, אָן אויפהער, געלייגט אין וועג. נאָר דער ענערגישער מאַלאַוווסקי איז ניט פון די שוואַך־קניאיקע. ער נעמט אויף דעם „טשאַלענדזש" פון די ראַבאַיס, גיט זיי אומעטום דעם געהעריקן ווידערשטאַנד, און אין לויף פון יאָרן קאַמף און אויסדויער, מאַכט ער זיך אַ וועג אין לעבן, באַפעסטיקט זיך מער און שטחדיקער אין אידישן קולטור־לעבן און דערוואָרבט אַלץ נייערע און נייערע טויזנטער צוהערער און באַוואונדערער פאַר זיך און פאַר זיין גאָט־ און מענטש־געבענטשטער פאַמיליע.

ח

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער טרוים פון טרוימען־לאַנד ביי אַזאַ פערזענלעכקייט ווי חזן מאַלאַוווסקי זאָל זיין ארץ ישראל. מ'איז דאָך, קיין עין־הרע, אַ משפחה פון אַכט פאַרשוין, מיט אַזוי פיל געפעק. נאָר צו 58 איז נאָך מאַלאַוווסקי אין בלי פון זיינע יאָרן, און ער

געפינט דעם כוח, די מיטלען און דעם קוראַזש אונטערצונעמען די נסיעה. און אַזוי האָבן מיר דעם 18טן יולי, 1952, געלייענט אין „אַמע־ריקאַנער", אַ בריוו פון ישראל פון ש. אַרצי:

## „די מאַלאַוווסקי פאַמיליע אין ישראל

„די קליינע אידישע מדינה איז גוט באַקאַנט אין דער וועלט פון קונסט. אַלס דער אָרט, וואו קינסטלערישע לייסטונגען און דערגריי־כונגען ווערן זייער גוט פאַרשטאַנען און אָפּגעשעצט. די גרעסטע קינסט־לער פון היינטיקן דור, ווי טאָסקאַניני, יאַשע חפץ, יהודה מנוחין, און אַפילו פון אַזאַ זשאַנר ווי דזשאַן פּיערס און עדי קאַנטאָר, האָבן גע־האַט אין מדינת ישראל אַ גרויסן דערפאָלג, און זיי האָבן געשפּילט פאַר פולע הייזער. אָבער אַזאַ ריזיקן דערפאָלג, ווי עס האָט געהאַט די מאַלאַווסקי־פאַמיליע אין פאַרלויף פון זייער אַכט וואָכעדיקן טור אי־בער די שטעט אין ארץ ישראל, האָט נאָך קיין שום קינסטלער נישט דערגרייכט.

„דער באַזוך פון חזן שמואל מאַלאַווסקי און זיין פאַמיליען־כאָר, וואָס זיינען באַקאַנט אַלס די „זינגער פון ישראל", האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע פאַראינטערעסירונג אין לאַנד, און מיט וואָכן פריער זיינען אויספאַרקויפט געוואָרן די איינטריטס־קאַרטן צו די דאָזיקע קאָנצערטן. און ניט קיין וואונדער. די מאַלאַווסקי רעקאָרדס זיינען זייער פּאָפּולער אין ישראל. מען צאָלט פאַר זיי ביז 10 פונט פאַר אַ רעקאָרד. און דאָ האָט מען אַ געלעגנהייט צו זען און צו הערן די דאָזיקע זינגענדיקע משפחה.

„מאַלאַווסקי דער פאָטער איז אַ האַרציקער דאַוונער, אַ חזן בחסד עליון, פון דעם יאָסעלע ראָזענבלאַט סטיל. זיינע תפילות רירן ביז טרערן, און ווען ער זינגט מיט זיינע קינדער, די זין אברהם און מרדכי, און די טעכטער גאָלדע, גיטעלע, טויבע און מנוחה, שאַפט עס אַזאַ גאַנצקייט און אַ וואונדערבאַרע האַרמאָניע, וואָס לאָזט איבער אַן אומ־פאַרגעסלעכן רושם.

„עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אַכט וואָכן צייט איז דאָס אידישע לאַנד געשטאַנען אונטערן רושם פון די מאַלאַווסקיס. אידן האָבן פאַרגעסן אין זייערע טאָג־טעגלעכע דאגות, אין די מאָגערע דיעטן, אין די לאַנגע רייען פאַר די קראָמען נאָך אַ ביסל גריניצייג, און אַפילו אין דער 10 פּראָצענטיקער צוואַנגס־הלוואה, וואָס דער געוועזענער פינאַנץ־מיניסטער קאַפּלאַן האָט ביי אונז צוגענומען אַלס לעצט־געלט פאַר זיין פאַרלאָזן דעם אַמט, און וואו מען איז געגאַנגען און גע־

שטאַנען האָט מען נאָר געהאַלטן אין איין רעדן און נאָכזינגען די „שטיקלעך" וואָס עס האָבן געזונגען די מאַלאַווסקיס".

***

ווען מען מאַכט איצט הכנות צו דער פייערונג פון 300 יאָר אידישן ישוב אין אַמעריקע און מען וועט אויסשטעלן שטולן אין מזרח־וואַנט פאַר די בויער און שאַפער אונזערע, זאָל מען, למען־השם, ניט פאַרפעלן אַוועקשטעלן אַ געַנוג־לאַנגע באַנק פאַר חזן שמואל מאַלאַוו־סקי מיט זיין געראָטענער, געבענטשטער, גוט־דערצויגענער און האַר־מאָניש־צוזאַמענגעלעבטער און מוסטערהאַפטער אידישער פאַמיליע — „די זינגער פון ישראל".

# יענטע סערדאַצקי

## א.

**א**ויף אַ קורצער סקיצירונג פון יענטע סערדאַצקיס גייסטיקן פּנים האָט מיין באַשיידענע פעדער, אַ סופער־געדולדיקע, איבערגעוואָרט מער ווי איין געוואונטשענע געלעגנהייט. דער ערשטער שעת־הכושר איז געווען אין 1949, ווען די באַרימטע נאָוועליסטין האָט דערקלערט איר סאָלידאַריטעט מיט די שרייבער־קעמפער פון „וואָכנבלאַט", און האָט אין יענעם יאָר זיך אָנגעהויבן באַטייליקן שרייבעריש און געזעלשאַפט־לעך אין דער צייטשריפט פון די קיינמאָל־ניט־אויפגעבנדיקע בונטאַרן.

אַ גאָלדענע געלעגנהייט איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק, ווען די שטענדיק־באַנייענדיקע שרייבערין האָט פאַרעפנטלעכט אין „וואָכנבלאַט" אָט־דעם בריוועלע:

„מיין טייערער יצחק ליבמאַן: —

דאָ שיק איך אייך די פּערעציאַדע ווי געזאָגט. איך בין גליקלעך וואָס מיינע דערינערונגען, וועלכע זיינען מיר טייער, וועלן געדרוקט ווערן אין זויבערן, ערלעכן און ליטעראַרישן „וואָכנבלאַט" אונטער אייער געוויסנהאַפטן רעדאַקטירן און אָפּהיטן פון דרוקערס גרייזן.

„אַזוי ווי דאָס אַרטיקל וועט זיך דרוקן אין די יום־טוב־טעג וועט עס צוזאַמענפאַלן מיט מיין פינף־און־זיבעציקסטן געבוירן־טאָג. עס קומט אויס סעפּטעמבער דעם פופצנטן אין יאָר ניינצן צוויי און פופציק (1952).

„איך ווייס, אַז דאָס האַרץ וועט אייך ניט לאָזן מיך צו באַגריסן כדי ניט אויסצוזאָגן מיין עלטער. אַנאָנסיר איך דאָ אַליין און מיט גרויס פרייד: איך האַלט אַז אַ פרוי האָט אַ רעכט צו ווערן אַלט אַזוי ווי אַ מאַנצביל. אגב, גלויב איך ניט אין אַלטקייט; דאָס שיינע פרייד־פולע לעבן הויבט זיך אָן מיט יעדן טאָג און עס פליסט ווייטער און ווייטער. „אייערע, יענטע סערדאַצקי".

---

אַם־מערסטן, אָבער, האָט זיך מיין פּאָרטרעט־וואָרט פון סערדאַצקי געריסן צום אויסדרוק ווען די גייסטרייכע שריפטשטעלערין האָט אָנגע־הויבן דרוקן — אין „וואָכנבלאַט", פאַרשטייט זיך — ווייל אין קיין אַנ־



דערער צייטשריפט וואָלט זי ניט געהאַט די פרייהייט — אירע סענסאַ־ציאָנעלע מעמואַרן וועגן י. ל. פּרץ, — וואָס וועגן דעם וועט זיך בעטן אַ שטיקעלע רש״י אין דעם ווייטערדיקן בוי פון מיין אייליקן פּאָרטרעט.

נאָר אַט בין איך שרייבעריש צוגעקומען צו אַ פּאַרריגלט־און פּאַר־זיגלטער מויער־וואַנט, מיט אַן אויבערשריפט איבער דער וואַנט: „נאָ פּאַסעראַן״ — ד. ה. שרייבעריש, ברודערל, קענסטו ווייטער ניט גיין. מוזסט זיך איצט אַנטוואָגן צו פּרוואָון לייזן דעם פּראָבלעם־סערדאַצקי, ווייל אַ שרייבער וואָס נעמט ערנסט זיין שליחות קען אַנדערש ניט צוגיין צו זיין מלאכת הקודש ווי אין טיפן פּאַרזוך צו לייזן וועלכע עס איז פּראָבלעם. און ווער־וואו־ווען האָט דאָס אויפגעשטעלט די יריחו־מע־סיקע וואַנט קעגן מיר? טאַקע קיין אַנדערע ווי מיין איצטיקע העלדין מיט אירע צאַרטע דאַמען־פינגער „ערב״ איר 77־סטן געבורטסטאָג. און אָט איז די „וואַנט״, ווי זי איז „פאָטאָגראַפירט״ געוואָרן אין פּאָריקן נומער „וואָכנבלאַט״:

# „יענטע סערדאַצקי דערקלערט אַ „זיץ-סטרייק"...

„מיין פריינט יצחק ליבמאַן : —

„מיר זיינען ניט אומרואיק וואָס עס פאַרשפּעטיקט זיך אַ נומער „וואָכנבלאַט". די זיבן דאָלאַר אַ יאָר סובסקריפּציע איז ווערט וואָס דאָס „וואָכנבלאַט" לעבט ; די אַנדערע ביישטייערונגען זיינען ווערט מיט דעם וואָס איר לעבט ! מאָלט אייך, וויפל ליכט וואָלט מען געדאַרפט אויס־ברענען אין לאַמטערן זוכנדיק אַ מענטשן ! וויפיל מי און צער אין זוכן און ניט געפינען? און דאָ—אַזוי גרינג, אַזוי גלייך אויף 41 יוניאָן סקווער . . .

„די צוויי דאָלאַר בייגעלייגט — דאָס איז פאַר אַכט נומערן „וואָכנ־בלאַט", 4 נומערן מיט מיין „תקיפות" (נ. 475) און די אַנדערע פיר — מיט מיין „אַמאָל אין מאַי" (477). איר קאָנט מיר שיקן דורך פּאָסט צו צוויי נומערן אויף אַמאָל, עס זאָל קאָנען זיך „פאַמעשטשען" אין בריוו־קעסטל.

„וועגן מיר? איך פיל פריש און פריילעך. און דאָס שאָפערישקייט?

„אָ, באָי"! אַן אמתער „סטעמפּיד". די טיפן און סיטואַציעס יאָגן איינס דאָס אַנדערע. פאַראַן „אַ ווינער וואַלץ", אַ „גאָלדענער שלייער", „ליבע אין סעפּטעמבער", און נאָך, און נאָך. פאַראַן אַ סאַמע לעצטער קאַפּיטל פון וואַרשע.

„אָנגעשריבן האָב איך גאָרניט : (איך קען ניט שרייבן אויך). פאַרוואָס ? עס האָט מער ניט קיין באַרעכטיקונג : פאַר די אַלע שיינע זאַכן וואָס איך האָב דורך דער צייט געדרוקט אין „וואָכנבלאַט" האָט קיינער מיך ניט אויפגעזוכט, ניט געפרעגט, צי פעלט מיר עפּעס ? צי איז מיר אומעטיק ? און אַזוי ווייטער, ווייטער און ווייטער.

„האָב איך אָנגעהויבן מיין „זיץ־סטרייק". וואָס איך וויל? איך דאַרף אַ צימער אין אַן אָנשטענדיקער „האָום" פאַר עלטערע מענטשן. די הוצאה פון מיין אויפהאַלטן דעקט די שטאַטישע „וועלפעיר". קיין געלט איינצוצאָלן האָב איך ניט, און נאָך פּראָטעקציע — ווייס איך ניט וואו צו עפענען אַ טיר. אין אַ פּאָר טירן האָב איך אָנגעקלאַפּט, דורך בריוו, און געהאַט אַ גראַנדיעזן דורכפאַל. אויב עס וועט פאַסירן אַ נס און עמי־צער וועט מיר ברענגען דעם צימער אויף אַ גאָלדענעם טאַץ וועל איך נאָך שרייבן און שרייבן. מיין טאַטע האָט „געמאַכט" הונדערט יאָר, איך בין אינגאַנצן געראָטן אין אים . . . אויב ניט, וועל איך די אַלע געטלעכע מתנות מיטנעמען דאָרטן. צוריק אין אוצר אַריין. דאָס וועט זיין מיין סאַטיספאַקציע.

„זייט האַרציק געגריסט אייער, יענטע סערדאַצקי.

נ. ב.: וואָס שיך מיין קנאַפּן ביישטייער צום „וואָכנבלאַט" וועט עס זיין ווי

פריער: אַזוי גיך ווי איך וועל קאָנען פּאַצאַפּן אַ זייטיקע פּאָר דאָלער, וועט עס גיין צום צייטונג וואָס איז מיין בית המקדש און מיין ליבשאַפט. י. ס.״.

ב.

אויב יענטע סערדאַצקיס מיטאַרבעטערשאַפט אין „וואָכנבלאַט״ איז איצט, ביים שרייבן די שורות, אַלט בסך הכל פינף יאָר, איז, אָבער, מיין אינטערעס אין דער פּערזענלעכקייט יענטע סערדאַצקי פיל־פיל עלטער. אפילו די אַקטיווע פאַראינטערעסירונג מיינע אין אירע שרייבע־רישע דרכים איז שוין איצט פאַררונדיקט צו פולע פופצן יאָר. און וועגן אָט דעם ציפער, און וואָס עס איז פאַרבונדן מיט אים איז כדאי, צוליב כמה וכמה טעמים, אַריינבויען דאָ עטלעכע פּאַראַגראַפן.

מיין איצטיקע העלדין, וועלכע זוכט מיט שרייבערישע כלי־זיין צו געשטאַלטיקן דעם אידעאַלן־און אידייען־געראַנגל פון די מענטשן־קינדער פון איר דור, באַנוגנט זיך ניט מיט דעם צויבער פון איר פען. זי ווייזט בריהשאַפט אויך מיטן פה. און דער כח פון איר פה איז נאָר באַוואוסט צו די פריווילעגירטע, וועלכע האָבן ווען עטוואָס טועם געווען אויף איינעם פון אירע אינטימע רביאישע „טישן״ וועלכע זי האָט געפירט אין פאַרשיידענע גרויס־שטעט פון דער וועלט. נאָר אויסער איר תורה שבעל־פה און חוץ איר לערע שבכתב, נוצט זי אָפט אויך איר ליטוויש־רבנישן מוח אויף צו דראַמאַטיזירן געוויסע געשעענישן — אויף אַ ברייטערער קאַנווע — מיט און אין דעם לעבן גופא — אין קאַמף פאַר פּרינציפּן און אויך פאַר מלחמת החיים.

און וועגן איין כאַראַקטעריסטישן אויפגעשפּילטן סערדאַצקישן קאַמף אַזאַ וועל איך דאָ איצט דערציילן.

ס׳איז געווען אין אָנהויב 1939, אויף דעם 7טן יאָר פון רוזוועלטישן „ניו־דיל״. דאָס לאַנד האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אויסגעהיילט פון איר צעוואונדיקטסטער דעפּרעסיע. פילע רעליף־פּראָיעקטן, צווישן זיי דער „שרייבער־פּראָיעקט״, זיינען שוין געוואָרן אָפּגעשאַפט. „קאַפּיטאַל״ און „אַרבעט״ האָבן קיינמאָל אַזוי ניט געהויזט בשלום, און מען האָט שוין באַלד גענומען פאַרגעסן אַזעלכע ווערטער ווי „קאַמף״, „סטרייק״, „פּי־קעט״.

נאָר אין מיטן פון אָט־דעם טאַטאַלן גן עדן, האָט איינמאָל, אָנהויב יאָר 1939, אַריינגעמאַרשירט אַן אויפגעשטאַנענע חוה, מיט שילדן, אָנ־שטאָט בלעטער, מיט לאָזונגען און מיט ווערטער שוין באַלד־פאַרגע־סענע, און דער עולם אויף דער איסט־בראָדוויישער אידיליע־גאַס האָט, מעשה־תם, נאָר געקוועטשט מיט די פּלייצעס, און ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. און נאָך וויניקער האָבן דאָס פאַרשטאַנען די אַלץ־

פאַרשטייער, די יודעי הכל, די וואָס דאַרפן, הייסט עס, אַלץ וויסן, אַלץ פאַרשטיין, און ניט האַלטן עס פאַר זיך, פאַר אַ סוד, נאָר גלייך נעמען עס „ראַזבערייען" פאַר זייערע צאַן קדשים . . .

גלייכצייטיק האָט אַן אַנדער אויפגעשטאַנענע חוה, אין אַן אַנדער טייל פון גן עדן התחתון, אין לאָס־אַנדזשעלעס, אין דעם נעמלעכן יאָר, ווי געזאָגט, זיך אויך אויסגעפּוצט אין שילדן און אין לאָזונגען, און — וואונדער איבער וואונדער — איר שפּראַך האָבן אַלע לאָס־אַנדזשעלע־סער פאַרשטאַנען: ס'איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז די יונגע סטרייקערין פאָדערט אַ הוספה פון איין (1) דאָלאַר אַ וואָך. האָבן דאָס די ערשטע פאַרשטאַנען די ענגלישע שרייבער, וועמעס ביכער זיינען דערשינען אין פאַרלאַג וואו די מיידל האָט געאַרבעט. האָבן דאָס די צווייטע פאַרשטאַנען די אַקטיאָרן וואָס שפּילן אין די דראַמעס פון די שרייבער, וועמעס ביכער זיינען דערשינען אין דעם „פּאַרמישטן" פאַר־לאַג. האָבן דאָס די דריטע פאַרשטאַנען די מואווי־סטאַרס וועלכע שפּילן אין די מואוויס, געבויט אויף די ביכער פון יענע שרייבער אַרויסגעגעבענע פון יענעם פאַרלאַג, וועלכער איז פאַרמישט אין קאַמף מיט דער סטריי־קערין. קורץ און גוט: גאַנץ האַליוואוד איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ גענעראַל־סטרייק, אין שוץ פון איין מענטשן, אַ בוכהאַלטערין, וואָס האָט אויפגעהויבן די האַנט־פון־קאַמף פאַר דער הוספה פון איין (1) דאָלאַר אַ וואָך. און דאָ — אין צענטער פון רעוואָלוציע און קולטור גם יחד — מאַרשירט אַ שרייבערין, אַ לערערין פון פאָלק, שוין איבער ניין (9) חדשים, מיט פאָדערונגען, מיט לאָזונגען, מיט האַרץ־רייסנדיקע תביעות, און קיינער, קיינער, מעשה־גולם, הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין אירע רייד, און איינער אין־איינעם טוען נאָר טין־טאָן קוועטשן מיט די פּלייצעס. און דאַן האָט מיין אינזלדיקע פּעדער זיך פאַרגאַלאָפּירט, און געלאָזט אויסקריצן אויף דער פראָנט־זייט פון מיין זשורנאַל־היים די פראַגע־אויסגעשריי: „אַ קול אין דער מדבר"?

---

## אַ קול אין דער מדבר?

„נאָך אַ הפסקה פון עטלעכע חדשים, צי מער, האָבן מיר די טעג ווידער אָנגעגענט יענטע סערדאַצקין, איינגעסענוויטשט אין פּלאַקאַטן און לאָזונגען, וואָס רופן צו פּראָטעסט קעגן דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין. ניט קענענדיק אויסשרייבן אויף זיך אַלע עוולות קעגן די דרייפאַך פאַרזיכערטע שרייבער, טוט זי דאָס דערגאַנצן מיט אַרויס־שרייען זיי פאַר די פאַרבייגייער פון דער „איסט בראָדוועיסקאַיאַ או־ליצאַ". אָט דעם אַלייניקן און איינציקאַרטיקן קאַמף פירט אַן סער־דאַצקי אינם גייסט פון עבודת הבורא, אין עקסטאַז פון גאָטעסדינסט.

גייען פאַרביי כלערליי צייטונג־לייענער, מענטשן ביי וועמען אַ שרייבער איז, אָן ספק, געוועזן פאַררעכנט פון עפּעס אַ העכערער קאַטעגאָריע, פון אַן „אויב נישט נאָך העכער״־מין מענטש, און קנייטשן מיט די פּלייצעס, און פרעגן זיך אַליין: איז דאָס מעגלעך? זיינען די אַלע רייד פון דער בונטאַרישער ליטעראַטין אמתן „פון לעבן אַנטנומען״, אָדער אימפּראָ־וויזירטע דערציילונגען פון דער באַגאַבטער נאָוועליסטין, וועלכע האָט ניט געהאַט די געלעגנהייט די לעצטע צייט צו ברענגען איר וואָרט פאַר דער ווייט ניט קליינער אָדיטאָריע, וואָס זי האָט מיט אירע ווערק געשאַפן זינט די טעג פון דער פּרץ־אַנערקענונג ביז איר טעטיקייט דאָ אין אַמע־ריקע אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק און אויף די בולוואַרן פון שיקאַגאָ?

„גלייכצייטיק מיט די פּריטשמעלענדיקע לייענער גייען אויך פאַר־ביי דער פּיקעט־ליניע די דרייפאַך־צופרידענע שרייבער פון איסט בראָדווייער רעדאַקציעס. פיל פון זיי הערן עד היום ניט אויף צו גאַלאָ־פּירן אַלס פירער, אַלס משיחים, מקדמונים געקרוינטע גראַנד־גענע־רעלער פון די ברייטע און ברייטסטע אידישע מאַסן. זיי גייען פאַרביי באַברילטע און ניט־באַברילטע, אָבער קיין איינער פון זיי האָט, ווי עס זעט אויס, נאָך ניט באַמערקט די פּלאַטערנדיקע פאָן פון דער מוטיקער שרייבער־קעמפערין, ביי קיין איינעם פון זיי האָט זיך קיין פּוס ניט קיין וואַקל געטאָן ביים דורכבערעכן זיך דורך אָט דער קריג־פּאָזיציע פון דעם אַרבעטסלאָזן אידישן שרייבער אין קאָלאָמבוסעס מדינה.

„אויב די שרייבער אין די רעדאַקציעס, וואָס ווערן פון סערדאַצקין באַשולדיקט אין אַנהאַלטן צו צוויי און דריי שטעלעס, בעת איר איז אָפּ־געזאָגט געוואָרן דער באַשיידענער פאַרלאַנג פון לומפּיקע פינף דאָלאַר אַ וואָך, — אויב אָט די איינגעזעסענע, ווי איינגענעגלטע, איינגעשמאָל־צעוועטע „ריטער פון דער פען״ מאַכן זיך טויב און בלינד צו דעם טעג־לעכן פאַראַד פון דער העראָאישער שרייבערקע און אַזוי אַרום ווילן זיי דערפירן, אַז איר קול זאָל בלייבן פאַרלאָרן אין דעם ציבישן חלל פון דעם איסט בראָדווייער מדבר, וועלן זיי גאָר קירצלעך איבעררעשט ווערן מיט אַ נייעם מין אויפשפּיל אין פראָנט פון זייערע זיבן מאָל זיבן פאַרריגלט־און פאַרזיגלטע צייטונג־בנינים, מיט אַ רעגעלן „פּערעיד״ פון עטלעכע צענדליק געמאַנזבילטע אידישע שריפטשטעלער אין ניו־יאָרק, וועמעס „דערשיינונג״ וועט, האָפנטלעך, אפשר זעעוודיק מאַכן זייערע אויגן און הערנדיק מאַכן זייערע אויערן. י. ל.״.

---

און — גאָט־צו־דאַנקען! דאָס מאָל איז דער קול ניט געבליבן הענגען אין דער מדבר. עטלעכע טעג נאָך דעם ווי מיין וואָרט־אויס־געשריי איז דערהערט געוואָרן און מענטשן פון אחריות און פון איינפלוס

האָבן, אין שטוינונג, געלייענט אָט־די סדום־אַרטיקע פון לעבן אַנטנומען מעשהלע האָט יענטע סערדאַצקי געוואונען דעם סטרייק, און גערעכטי־קייט האָט, אויף אַ ווייל, מנצח געווען. דעמאָלט האָט אין יענטע סער־דאַצקין אָנגעהויבן קליין־פלעמלדיק צוריקוואַכן דאָס חשיבות־געפיל פאַרן וואָרט — פאַרן אויפטרייסלענדיקן וואָרט אין קאַמף פאַר אמת אויפן וואָג־שאָל פון צדק.

ג.

פון אַ קליין־פלעמלדיקער דערוואַכונג פאַר דער חשיבות פון כמו־נביאישן וואָרט ביז צו דער רוח־הקודשדיקער אינספּיראַציע פון נעמען די פעדער אין איר געבענטשטער האַנט אַריין האָבן נאָך געמוזט פאַרלויפן אַ וועלכע צען יאָר, — צען יאָר פון אויסרייניקן פון זיך דעם סם וואָס די נאָבעלע פען־ריטער פון אונזער פאָלק האָבן איר, אין משך פון פילע גע־פייניקטע מאָנאַטן, געלאָזן אַרייטריפן אין איר גוף און אין איר נשמה. נאָר אַ יענטע סערדאַצקי האָט געקענט באַווייזן דורכצופירן אַזאַ גיגאַנטישע דיזינפעקציע. אַן אַנדערע וואָלט שוין שרייבעריש ניט אויפגעשטאַנען קיין תחית המתים.

דעם ווידער־דעביו האָט זי געמאַכט דעם 22טן יולי, 1949, מיט „אַ בריוו אין רעדאַקציע:

# „אַ בריוו אין רעדאַקציע

„מיין טייערער פריינט יצחק ליבמאַן: —

„דער נומער „וואָכנבלאַט” פון דעם 24טן יוני איז אַ פיינער, ווי אַלע מאָל, מיטן פאַרנעם פון וועלט־גרויסקייט און מיט וואַרעמער היימישקייט. דאָרט איז פאַראַן, אָבער, אַ פגימה: „יענטע פאַרט קיין ראָטשעסטער”. די מעשה אַליין, די אַלרייטניצע, די פּרעסערקע איז פון דעם סאָרט ליטע־ראַרישע פאַרעלטערטקייטן וואָס אפילו דער „פאָרווערטס” האָט עס שוין לאַנג אויפגעהערט נוצן.

„וואָס מיך אַרט, אָבער, איז דער נאָמען: „יענטע”. דער דאָזיקער נאָמען איז געהייליקט געוואָרן אין וואַרשע, ווען איך האָב אָנגעהויבן דרוקן מיינע דערציילונגען. איך פאַרבאָט יעדע צייטונג אַנצוהענגען אויף דעם דאָזיקן נאָמען לעכערלעכקייט און שמוץ!

„איך האָף, מיט אייך וועל איך האָבן אַ גרינגן „דזשאַב”, איר וועט איינזען, אַז איך בין גערעכט. אַ שווערן דזשאַב האָב איך אַמאָל געהאַט וועגן דעם זעלביקן ענין מיטן „פאָרווערטס” און אַ גאָר שווערן דזשאַב — מיט דער „פרייהייט”. ביי ביידע האָב איך אויסגעפּירט.

„אַ האַרציקן גרוס אייך. אייער יענטע סערדאַצקי”.

***

ס׳איז אַוועק אַ שטיקל צייט, און זי האָט ווידער אַרויסגעצויגן איר וואָרט־אַ־שווערד, אין שוץ פון איר כבוד:

# „אַ בריוו פון יענטע סערדאַצקי

„מיין טייערער פריינט יצחק ליבמאַן: —

„מיר קומט אויס נאָכאַמאָל זיך צו באַנוצן מיט אייער פרייער, ערלעכער טריבונע — דאָס „ב. י. וואָכנבלאַט". דאָס מאָל: ווידער צו פאַרטיידיקן מיין ליטעראַרישן כבוד. עס גייט וועגן דער סעריע אַרטיקלען פון דעם חשובן ליטעראַט מר. וואָלף יונין.

„אין זיין ערשטן אַרטיקל אין „וואָכנבלאַט" האָט ער קריטיקירט זיין קאָלעגע פון רעדאַקציע, דעם חשובן ליטעראַט דר. שלמה ביקל. האָב איך געשריבן אַ בריוו אין רעדאַקציע און געמאָנט ביים „טאָג" — אַזוי ווי די צייטונג קאָסט מיך צוואַנציק דאָלאַר אַ יאָר, וויל איך ניט קיין ערזאַץ שרייבערייען: אָדער זיי זאָלן דעם ש. ב. אַרויסוואַרפן פון רעדאַקציע אויף צוויי שפּענדלעך, אָדער זיי זאָלן אָנשטעלן פאַר אים אַ דרדקי מלמד, וואָס זאָל אים אויסלערנען בויען אַ זאַץ . . .

„אויף דעם און אויף אַנדערע בריוו האָט עס וו. י. געשריבן אין דעם היינטיקן נומען „וו." זיין „נאָכווייעניש". ער דערציילט גלייך ביים אָנהויב, אַז אַ געוועזענע שרייבערקע, און אַזוי ווייטער.

„די צוויי ווערטער זיינען ניט עטיש, און גראַמאַטיש אַוודאי ניט: אַזאַ דערוואַקסענער מענטש זאָל ניט וויסן, אַז מען דאַרף זאָגן „שרייבערין"!

„אָבער וואָס מיך „פּאַזעלט", איז דאָס וואָרט „געוועזענע".

„עס טרעפט, אַ פּראָסטע אידענע טוט מיר אַמאָל אַ זאָג: „איר אַ געוועזענע שרייבערין" . . .

„לעצטנס אין מיין סכסוך מיטן י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין, וואָס איז נאָך, אגב, נ י ט אויסגעגליכן, איז דאָס מיר אויסגעקומען הערן פון מר. ב. צ. גאָלדבערג, פון מר. מרדכי דאַנציס, און איצט, פון מר. וואָלף יונין.

„וויל איך פרעגן: צי ס׳איז פאַראַן אַ געזעץ אַזאַ אין שרייב־קונסט, אויב מען האָט ניט וואו צו דרוקן, צי ווערט מען דורך דעם אַ געוועזענע?

„פאַראיינס וויל איך דערציילן, אַז דורך די יאָרן וואָס איך האָב ניט וואו צו דרוקן, שרייב איך מער „קאָפּי" ווי דעמאָלט ווען איך האָב געהאַט אַ „דזשאַב" אין אַ רעדאַקציע. עס שאַדט גאָר ניט וואָס עס קומט אין

דער פאָרמע פון בריוו, אַבי עס טרעפט אין פינטל אַריין . . . און נאָך ווי אַזוי.

„אגב, איז מיר בעסער ווי דעם פּאַרצייטיקן רש״י; ער פלעגט נאָך דאַרפן זיינע „קונטריסין״ אַליין צעטראָגן, לייגן אונטער די טירן פון די לייענער; ער האָט אויך נישט געהאַט קיין „דזשאָב״ . . . פאַר מיר טוט עס דער פאָסט אָפּיס. אייער, מיט דרך ארץ, יענטע סערדאַצקי״.

---

אויב אין די ערשטע צוויי בריוו האָט זי פּרובירט פּאַרטיידיקן דעם דרך ארץ פאַר איר נאָמען און איר סטאַזש אין דער פּראָפעסיע, האָט זי אין דריטן בריוועלע אַריינגעפּערלט אַזוי פיל הומאָר אויפן חשבון פון אירס אַ געבאָרן חן־פינטעלע, אַז דער בריוו איז געווען דער פריידיקער געשפּרעך צווישן שרייבער און קולטור־טוער פאַר חדשים לאַנג. עס שיינט מיר, אַז ניט איין קורא ותיק פון „וואָכנבלאַט״ וועט דאַנקבאַר זיין פאַר דער גוטער געלעגנהייט פון האָבן דאָ איבערגעדרוקט דעם מיט־חכמה־שטראַלנדיקן בריוו:

## „נאָך אַ וואָרט פון יענטע סערדאַצקי

„חשובער חבר וואָלף יונין:

„אונזער דעבאַטע אין „וואָכנבלאַט״ האָט אָנגעריסן: לייענער בעטן זיך נאָך און נאָך פונם זעלביקן . . .

„אויף אייער צווייטן אַרטיקל דעמאָלט, „ליטעראַרישע בראָדעווו־קעס״, בין איך נאָך שולדיק עטלעכע ווערטער: דער אַרטיקל האָט טאַקע ניט געהאַט צו טאָן מיט מיר פערזענלעך, נאָר מיין בראָדעווקע האָט אייך אינספּירירט . . . איר רופט טאַקע אויס אין פּאַטאָס: „די צרה איז, וואָס די בראָדעווקע איז ניט אונטערן אָרעם נאָר אויפן סאָמע מיטן נאָז״.

„איז אַביסל טרייסט איז פאַראַן, די „צרה״ איז נאָר אַ האַלבע: אונטערן אָרעם איז אויך פאַראַן איינע . . .

„ס׳איז אַזוי די מעשה: מיין לאַנדסמאַן, דער קאָוונער רב, רבי יצחק אלחנן, זכרונו לברכה, האָט געהאַט פּונקט אַזאַ פיגור ווי מיינע און פּונקט אַזאַ בראָדעווקע אויפן סאַמע נאָז. האָב איך אָבער ניט געזען נאָך אימיצן וואָס זאָל זיין אַזוי געליבט און געאַכט ווי ער איז געווען.

„האָט איר אייך איינעם.

„דער צווייטער איז י. ל. פּרץ, ע״ה. ווען איך האָב אים געטראָפן, איז ער געווען נאָענט צו זעכציק. קיין בראָדעווקע האָט ער ניט געהאַט; אָבער אַ גרויסע נאָז, גראָבע ליפּן, מאַסיווע וואָנצעס, אַ ברייטע אַראָפּגע־

זעצטע פיגור און אַ „פּוזע", אַ גאַנצער באַרג אונטערן האַרצן. פונדעסט־וועגן האָט ער איינגעליבט אין זיך אָן אַ צאָל פּרויען און מענער אויך.

„די דריטע בין איך: איך האָב געהאַט מער פאַרליבטע ווי אַ זיג־פּילד פאַליס שיינהייט. מיין לעצטע אַוואַנטורע איז ערשט אַלט עטלעכע וואָכן: איך זיץ מיר אַזוי מיט מיינע צוויי־און־זיבעציק יאָר, מיט דער בראָדעוועקע רואיק אויף אַ באַנק אין פּאַרק. עס זעצט זיך צו אַ איד פון אַ יאָר זעכציק: אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, און הייבט אָן רעדן וועגן „ישראל", וואו ער קלייבט זיך פאָרן. מיר ריידן געמיטלעך. אויף מאָרגן קומט ער אַ צעטערוואַזשעטער, ער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט גע־שלאָפן . . . ער וויזט באַנק־ביכלעך און רופט צו דער חופּה . . .

„וואו שטעקט דאָ דער נס? — וועט איר פרעגן. עס איז גאַנץ פשוט: טאַלענט מיינט געטלעכקייט; עס שטראַלט אַרויס אַ ליכטיקייט, אַ וואַ־רעמקייט וואָס פאַרכאַפּט און וואָס איז איבער יאָרן און אויסזען.

„ווי איר זעט, עס איך זיך ניט דאָס האַרץ פון מיין בראָדעוועקע. און אַז מיך אַרט ניט, דאַרף דאָס אייך אַוודאי ניט אַרן. און אויב ניט אַרן, האָט איר אין יענעם אַרטיקל געקענט געפינען אַ בילדלעכערן פאַרגלייך ווי אַ בראָדעוועקע אויפן נאָז . . .

„זעט איר, אַנדערע זאַכן וואָלט איך יאָ וועלן עס זאָל אייך אַרן וועגן מיר. אַ שטייגער: די רציחה פון דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין וואָס האָט מיר אויפגעהערט צאָלן די 5 דאָלאַר אַ וואָך, וואָס איז מיר אַזוי בלוטיק נייטיק. די נאָך מער גרעסערע רציחה פון די „מעמבערס", „דיוס"־צאָלערס (אייך אַריינגערעכנט), וואָס קיין איין איינציקער פון אייך איז מיר אין קיין זאַך ניט געקומען צו הילף . . . און נאָך און נאָך.

יענטע סערדאַצקי".

ד.

**א**ויב מען מעג, צי מען מוז, אפשר, זיך פאַרטרויען פאַר דעם טרייען לייענער, וויל איך דאָ מודה זיין, אַז די דריי בריוו, די אויבן־פאַרעפנט־לעכטע, זיינען געווען די ערשטע שריפטן וואָס איך האָב ווען געלייענט פון דער שרייבערין מיט דעם דעראָבערטן וועלט־נאָמען. נאָר אויפן סמך פון דעם מאַטעריאַל וואָס איך האָב ביז איצט פאַרעפנטלעכט אין מיין זשורנאַל אין לויף פון די לעצטע 6—5 יאָר וואַקסט זי אַרויס אין מיין באַגרענעצטער ראיה, — פאַרשטייט זיך — איבער די אידישע שוועסטער־שרייבערינס פון איר דור. ביז די דריי בריוו און ביז איר איינציקאַרטיקן סטרייק קאַמף מיט דעם פּרץ שרייבער פאַראיין, איז פאַר איר פאַראויסגעלאָפן אַ פייערלעכע רעקלאַמע אַלס גרויסע נאָווע־ליסטין מיט סמיכה פון י. ל. פּרץ. אברהם רייזען ע"ה פלעגט מיט מיר

ניט איינמאָל רעדן וועגן פּרצעס התפּעלות פאַר סערדאַצקיס נאָוועלן און דערציילונגען. אויך — פון אַנדערע עלטערע שריפטשטעלער האָב איך אָפט געהערט רייד פון לויב וועגן איר. איך האָב געוואוסט, אַז אין „פאָרווערטס״ און אין „צוקונפט״ איז זי יאָרן לאַנג געווען אַ „סטאַר״.

איך פלעג איר זען אין „קאַפע ראָיאַל״ „פירן טיש״, און פאַרערע־רינס פלעגן זיצן און שלינגען מיט חסידישער איינגעגלויבטקייט אירע קלוגע רייד. איך האָב אויך געוואוסט אַז די „היברו פּאַבלישינג קאָמ־פּאַניע״ האָט אַרויסגעגעבן אירס אַ באַנד שריפטן, וועלכן איך האָב ליידער ניט געזען. און — עד כאן.

ווען איך האָב געגומען ערנסט טראַכטן פון שרייבן אַ פּען־פּאָרטרעט פון יענטע סערדאַצקי אויפן סמך פון אונזער קענטשאַפט האָט זיך מיר געוואָלט שמועסן מיט מענטשן וועלכע געדענקען איר פון אירע גלאָריע־טעג און אויך פון איר היים־שטאָט — קאָוונע. און אַזוי איז דערגאַנגען צו מיר אַ קלאַנג פון יענטע סערדאַצקיס אַ לאַנדסמיידל, וועלכע געפינט זיך אַ 60—50 מייל פון ניו יאָרק; האָב איך ניט געזשאַלעוועט קיין צייט און בין צוגעפאָרן אַהין. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די לאַנדס־פרוי איז, חוץ אַנדערע אויסנאַמען, אויך אַן אויסנאַם מיט דעם, וואָס זי טוט יע אָנערקענען דעם נביא פון איר שטאָט . . .

די פּרינצלעכע פאַרערערין פון שרייבער, קינסטלער, תלמידי חכמים און אַליין אַ קינסטלערין אין לעבן — מאַדאַם שרה קאַרדאָן — רעדט מיט פּיעטעט פון יענע טעג — פון די קיינמאָל־ניט־פאַרגעסנדיקע טעג — ווען איר מאַמע פלעג איר שיקן ווען אין דעם „באַקאַליינעם״ געוועלבל צו קויפן עפּעס, און זי פלעגט אין דעם איינציקן קרעמל פון גאַס קיינמאָל קיינעם ניט אָנטרעפן, סחורה — אויך גאָר ווייניק, און די יונגע פרוי, נאָך אין די אָנהויב־צוואַנציקער, די אַזוי־גערופענע קאָוונער קרעמערין, אונזער איצטיקע העלדין, פלעגט זיין אַזוי פאַרטאָן ראשה ורובה אין אַ ספר, צי אַ בוך אין אַנשפּאַר אויף אַנדערע בערגעלעך ביכער, אַז זי פלעגט ניט באַמערקן, ניט דערפילן דאָס אַריינקומען פון דער 11—10 יאָריקער שרהקע פרידלאַנד — מאַדאַם קאַרדאָנס מיידלשער נאָמען — וועלכע איז אַליין געווען אַ שלינגערין פון ביכער. די טרוימע־רישע שרהקע פלעגט שוין ווי־וואַרטן אויף דעם גוטן ווילן פון דער מאַמען, אַז זי זאָל איר שיקן „אויף אַ גאַנג״ צו יענטע סערדאַצקיס גע־וועלבל — אַ געוועלבל אָן סחורה כמעט און אָן אַ לעבעדיקן קונה, נאָר ווי אַן אויסרייד פאַר אַ קינפּטיקער שאַפערין פון ווערק, צו קענען זיך איזאָלירן פון שטוביקע שמאַיעגישן, אין אויסלעב פון קלוגע מעדיטאַ־ציעס, פון פלאַטערנדיקע רעיונות, אין פורעם פון געמייסטערטן יצירה־וואָרט.

## ה.

די אידעלע קאָונער לאַנדס־פּרוי, וועלכע האָט יונגערהייט פאַרלאָזן איר היים־שטאָט, האָט, ליידער, מיט מער קיין ידיעות, קיין אינטימע, מיר ניט געקענט מהנה־זיין, און ס׳איז מיר ניט געבליבן קיין אַנדערער קורץ־וועג ווי זיך ווענדן צו מיין העלדין גופא, רופן צו איר נאָך הילף, אַ רוף וואָס האָט געבראַכט אָט־די „נאָטיצן", די כאַראַקטעריסטיש־סערדאַצ־קישע, וועלכע איך פאַרעפנטלעך דאָ אָן שום שינוי:

„דער דיכטער פער עקסעלאַנץ און דער קרעאַטיווער זשורנאַליסט חבר יצחק ליבמאַן, איז נאָך צו דעם אַ רעדאַקטאָר און טאָקע מיין רע־דאַקטאָר אויף לאַנגע יאָר. האָט ער מיר געבעטן מיינע ביאָגראַפישע נאָטיצן, ער וויל מיר אריינקייטלען צווישן די גרויסע פיגורן וועלכע ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט פאַראייביקט אין זיינע פען־פּאָרטרעטן, „בויער און שאַפער פון מיין דור". ניט לאַנג צוריק האָט דער צאַרטער זינגער און דער אימפּעטיקער ליטעראַט חבר מרדכי ירדני אויך געבעטן ביי מיר ענלעכע נאָטיצן, אויך צו פאַראייביקן מיין נאָמען. אים האָב איך ניט געגעבן. פאַרוואָס? אייביקייט־„פּובליסיטי", איז ניט לויט מיין געשמאַק. אגב, לאָז איך דאָס אויף די איבער „הונדערט און צוואַנציק יאָר". בין זיכער, אַז מען וועט זיך אַ כאַפּ טאָן צו מיר. אַי, וועט מען כאַפּן! דעמאָלט וועל איך דאָס רואיק אויפנעמען און פאַרשפּאָרן צו „בלאָשען"...

„אַ רעדאַקטאָר, אָבער, טאָר מען ניט אָפּזאָגן; מיט אַ רעדאַקטאָר טאָר מען זיך ניט שפּילן; האָב אַמאָל אָפּגעזאָגט אַ רעדאַקטאָר, בין איך אַרומגעגאַנגען עטלעכע און צוואַנציק יאָר אָן אַ „דזשאָב". איז דאָ זיינען מיינע „נאָטיצן":

---

„דער טאָג פון מיין געבוירן פאַלט אויס דעם 15טן אין חודש סעפּ־טעמבער אין יאָר 1877. אין אַנדערע ענציקלאָפּעדיעס איז פאַרשריבן 1879, איז דאָס אַ טעות, דאָס איז געווען באַקוועם אין די יאָרן פון זוכן חתנים. איצט קען איך „אַפּאָרדן" דעם טעות צו פאַרריכטן. נאָכאַמאָל, 1877. דאָס שטעטל וואו איך בין געבוירן און זיך געהאָדעוועט הייסט אַלעקסאַט און עס גרענעצט זיך מיט קאָוונע. מיין טאַטנס נאָמען איז געווען יהושע רייבמאַן. מיין מאַמעס נאָמען רייזל. זיי זיינען געווען אָרעמע קרעמער. איך בין די דריטע צווישן פינף שוועסטער. מיין עלטסטע שוועסטער מרים פּרעס ע"ה האָט געוואוינט מיט איר פאַמיליע אין שי־קאַגאָ. זי האָט געלעבט 82 יאָר. מיין צווייטע שוועסטער עטל טשעסנאָוו וואוינט אין לאָס־אַנדזשעלעס. איך וואוין אין ניו יאָרק. מיין אינגערע

שוועסטער רחל רוזינעק וואוינט אין ריגע, לאַטוויע. די אינגסטע מאַלי הוירש וואוינט אין שיקאַגאָ.

„מיין בילדונג האָב איך געקראָגן פריער דורך דריי זמנים אין חדר, שפּעטער דורך פּריוואַטע לערער און דורך זעלבסט־בילדונג. צו צוואַנציק יאָר האָב איך חתונה געהאַט מיט בן־ציון סערדאַצקי. מיר האָבן געמאַכט אונזער היים אין קאָוונע. צו מיינע 25 יאָר האָבן מיר שוין געהאַט אונזערע דריי קינדער, צוויי אינגלעך און אַ מיידל. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז מיין מאַן געפאָרן אין אַמעריקע און איך בין געפאָרן אין וואַרשע, זיך לערנען אַ פּראָפעסיע. די קינדער זיינען געבליבן ביי די עלטערן. אין וואַרשע האָב איך אָנגעהויבן דרוקן דערציילונגען אונטער י. ל. פּרצעס רעדאַקציע. אין יאָר 1907 בין איך געקומען מיט די קינדער צו מיין מאַן אין אַמעריקע, אונזער היים איז געווען שיקאַגאָ פאַר די ערשטע עלף יאָר צייט. איך האָב געשריבן. פּראָגרעסיוו געשטימט, האָב איך זיך פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס" און מיט אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן פון פּראָגרע־סיוון כאַראַקטער. אין יאָר 1918 האָט מיך דער רעדאַקטאָר פון „פאָר־ווערטס", מר. אברהם קאַהאַן, איינגעלאַדן צו קומען אין ניו־יאָרק. בין אַריין אין „פאָרווערטס" סטעף, אַרויף אויפן „פעי־ראָל". מיין האָנאָראָר איז געווען 30 דאָלאַר אַ וואָך, און האָב געדאַרפט געבן יעדע וואָך אַ דער־ציילונג וואָס זאָל האַלטן צוויי קאָלומס.

„אין יאָר 1922 האָב איך געהאַט אַן איבעררייד מיט מר. אב. קאַהאַ־נען. האָב געמוזט פאַרלאָזן דעם „פאָרווערטס" און בין קנאַפּע דריי צענדליק יאָר געווען „טויט" — ניט געהאַט וואו צו דרוקן.

„אין יאָר 1948 האָט דער מוטיקער חבר יצחק ליבמאַן, — דער קעמפער פאַרן אמת און דער באַשיצער פון די געקריוודעטע שרייבער, — ברייט געעפנט פאַר מיר די בלעטער פון זיין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט". דאָ דרוק איך מיינע זכרונות און מיינע אויטאָביאָגראַפישע דערציילונגען.

„מיין פערזענלעכער פאַרמעגן איז איצט מיין איינציקער זון משה־יצחק, מיין טאָכטער פעשע־גיטל, מיינע דריי אייניקלעך: בתיה, מערי, שרה־פייגל און מיינע צוויי אור אייניקלעך בצלאל־יוסף און רייזל־לאה.

„פון מיינע שריפטן אין טאָוולען איז פאַראַן איין בוך דערציילונגען, אַרויסגעגעבן דורך דער „היברו פּאָב. קאָמפּאַניע" אין יאָר 1913. די אַנדערע עטלעכע הונדערט גרעסערע און קלענערע נאָוועלן זיינען איינ־געפעדעמט אין אַלערליי צייטונגען און זשורנאַלן; אין ענגלישע, רוסישע און העברעאישע אויך. אין די ערשטע יאָרן פלעגט מען מיר אַ סך אי־בערזעצן. זיי געפינען זיך אין די אַרכיוון און זיינען גוט אָפּגעהיט אויף להבא...

יענטע סערדאַצקי,

(געשריבן, אויגוסט דעם 16טן אין יאָר 1954, אין ניו־יאָרק)".

ו.

די גרויסע וועלט־שרייבער קען מען איינטיילן אין צוויי הויפּט־מחנות: 1) די וואָס שרייבן לשם שיינקייט פון וואָרט און 2) די וואָס שרייבן צוליב שיינקייט פון טאַט. יענטע סערדאַצקי געהערט, דאַכט זיך, צו דער צווייטער קאַטעגאָריע שרייבער. זי וויל מיטן כוח פון איר געשילדערט וואָרט אַרויסרופן ביי מענטשן דעם חשק צו באַגיין אַ שיינע טאַט. אין אירע דערציילונגען און נאָוועלן אין „וואָכנבלאַט״ שפּילט זי מייסטערהאַפט אויף דער טעמע פון ליבע ביי עלטערע מענטשן. זי קלאַפּט אין די לאַדן פון זייערע איינגעדרעמלטע טרוימערייען. זי לערנט אירע העלדינעס וואָס אַריבער די זיבעציקער ווי צו צירן זיך אין אינגער אויסזעענדיקן גאַרניטור און אַרונטערוואַרפן פון זיך אַ וואָסערע 15—10 יאָר. ווען יענטע סערדאַצקי וואָלט נאָר געווען אָנגע־שריבן אירע צוויי נאָוועלעטן: „אַמאָל אין מאַי״ און „אין פלאַמען״ וואָלט זי נאָר מיט אָט־די צוויי ווערק אַריין אין דער ליטעראַטור ווי אַ גרויסע נאָוועליסטין, פונקט ווי מ. ז. פייערבערג איז מיט זיין „לאָן״ אַריינגעקאַרבט געוואָרן אַלס קלאַסיקער אין דער העברעאישער ליטע־ראַטור.

ז.

נאָר אויב די נאָוועלן אירע האָבן זייער קינסטלערישן ווערט אויך ביי די אומות העולם, מעגן מיר, אידן, איבערהויפּט שטאָלץ זיין מיט איר באַזונדערן צוטראָג פאַר דער אידישער ליטעראַטור: אירע סענסאַ־ציאָנעלע מעמואַרן וועגן י. ל. פּרץ און די אַנדערע גרויסע שרייבער פון זיין סביבה און פון זיין דור. די מערסטע ליטעראַטור היסטאָריקער זיינען צוגעטראָטן צו דער פּערזענלעכקייט פּרץ מיט תלמידישער הכנעהדיקייט. דאָ שטייען מיר איבערראַשט ווי אַ שרייבער באַהאַנדלט פּרצן ווי מאַטעריאַל אין די הענט פון געניטן סקולפּטאָר. סערדאַצקי זעט פּרצן אין מענטשישע דימענסיעס, ניט אין לעגענדאַרישע פּראָ־פּאָרציעס. זי האַלט אין איין אונטערשטרייכן אַז ער איז געווען איר געניאַלער רבי, נאָר זי ווערט ניט אָן דערביי איר אייגענעם קול, און זי פּאַרלירט ניט איר גלייכגעוויכט. ביי אַ פּאָלק מיט אַ לעבעדיקער סטו־דענטישער יוגנט וואָלט אַזאַ כמו סעריע פּרץ־מעמואַרן, ווי די וואָס יענטע סערדאַצקי האָט אין די לעצטע פאַר יאָר פאַרעפנטלעכט אין „וואָכנבלאַט״, געוואָרן דער סענסאַציאָנעלער געשפּרעך, פאַר יאָרן לאַנג, און ניט איין מיליאָנערישער פאַרערער וואָלט אפשר גליקלעך געווען צו קענען איר שענקען פאַר דעם איינעם פון זיינע פּאַלאַצן . . .

## ח.

אַ באַזונדערער „פעדער אין איר הוט" איז דער נאָך־ניט־אָפּגע־שאַצטער קאַפּיטל: יענטע סערדאַצקי און דאָס „וואָכנבלאַט". מיינע נאָענטע קאָלעגן וועלן, האָפנטלעך, ניט נעמען פאַר אומגוט, ווען איך וועל דאָ אויסדריקן מיין באַוואונדערונג און מיין עכטע דאַנקבאַרקייט, ווי זי האָט, מעשה־חוזה, דורכגענומען דעם ענין „וואָכנבלאַט", ווי קיין אַנדערער פון די פיל־עלטערע מיטאַרבעטער פון דער אַזוי־ראַנגלענדי־קער צייטשריפט. שוין אין ערשטן יאָר פון איר מיטאַרבעטערשאַפט האָט איר מוח זיך שוין געמאַטערט ווי צו באַזאָרגן דעם „וואָכנבלאַט". און אָט איז אירער אַ פּראָיעקט אויפן שוועל פון פרישער באַקאַנטשאַפט:

## „דער סערדאַצקי־פּראָיעקט לטובת דעם „וואָכנבלאַט"

„חשובער פריינט יצחק ליבמאַן: —

„לאָמיר ניט פאַרזאַמען די שעה פון געלעגנהייט. עס „לויפן" ביי אייך אַזעלכע שיינע נאָבעלע פאָרשלאַגן ווי אַזוי אויפצוריכטן דעם עקאָנאָמישן מצב פון „וואָכנבלאַט". וויל איך קומען מיט מיין פאָרשלאָג אויך.

„ווען מיר אָנהויבן פון פּראָפעסאָר איינשטיין: ער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט זיין גרויסן רום און מיט זיין ליכטיקער פערזענ־לעכקייט. מען האָט אים גלייך ליב געקראָגן. צוויי מענטשן־מלאכים מיט גאָלדענע פליגל, אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, האָבן ניט פאַר־געסן וועגן זיין „פּרנסה", זיי האָבן אים געהאָלפן זיך איינאָרדנען אין פּרינסטאָן קאָלעדזש אין זייער געגנט. ווי אַזוי? זיי האָבן „איינגעוואָרפן" אין קאָלעדזש עטלעכע מיליאָנדלעך: מר. איינשטיינס אַרבעט קען ניט גיין אין אָרעמקייט, עס דאַרף לאַבאָראַטאָריעס און העלפערס און סעקרעטאַרן און די אַלע אַנדערע מכשירים אויף אַ גרעסערן פאַרנעם.

„איך מעסט זיך ניט צו פּראָפעסאָר איינשטיין; אָבער יעדער שאַפנדיקער מענטש אויף זיין געביט. איך, אין מיין צייט, דורך מיין שרייבן, האָב אויך געבויט. איך און נאָך שרייבער צו מיר האָבן געמוזט אויפהערן שרייבן צוליב דעם ברודער־קאַמף וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אידישן קוואַרטאַל צווישן לינקע און רעכטע. מיר האָבן „אויפגעהאַנגען אונזערע פידלען אויף די ווערבעס" און געוואַרט אויף בעסערע צייטן . . .

„שוין דריי צענדליק יאָר אין דעם. דער ברודער־קאַמף האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, די אַטמאָספערע פאַר געוויסע שרייבער —

נאָך שטיקנדיקער . . . אָבער די „פידלען אויף די ווערבעס" ווײַנען פון זיך אַליין, זיי בעטן זיך מען זאָל זיי נעמען אין האַנט אַרײַן . . .

„די צײַטונגען און צײַטשריפטן באַלאַנגען צו די פּאַרטייען. די אײנציקע שריפט וואָס איז אומאָפּהענגיק, ערלעך, ריין, ליטעראַריש איז דאָס „וואָכנבלאַט". און טאַקע דאָ וואָלט איך וועלן צוריק אָנהויבן זאָגן מיין וואָרט.

„איך האָב דורכגעשפּאַנט אַן אינטערעסאַנט לעבן. איך וואָלט וועלן שרײַבן דערינערונגען, די מערסטע פון פּיקאַנטן אינטערעס, פון סאָציאַלן און געשיכטלעכן ווערט.

„צווישן מײַנע אַמאָליקע לייענער זײַנען פאַראַן גאָר־גאָר רײַכע מענטשן, אפילו מיליאָנערן, אפילו אַזעלכע וואָס אָפּערירן גאָלד־מינעס און מינעס פון דימענטן.

„איז, ווי מיינט איר, חבר ליבמאַן ? ווען מײַנע ווערטער דער־גרייכן צו זיי, וואָלט זיך ניט געפונען איינער אָדער מער, וואָס זאָל אַרײַנוואַרפן אַ פּאָר טויזנטער אין „וואָכנבלאַט" ? ווען זיי טוען אַזוי, וואָלט עס געווען מיין „פּרינסטאָן" און זייער מאָנומענט אויף אַלע אייביקייטן.

„איך זע אין דעם אַ מעגלעכקייט. אויב איר זעט אויך אַזוי, טאָ דרוקט אָפּ, זײַט מוחל, אָט־דעם בריוו מײַנעם, און בעט פרײַנטלעכע רעדאַקציעס דאָס איבערצודרוקן.

מיט דרך ארץ יענטע סערדאַצקי

(נאָוועלן־שרײַבערין)".

---

עטלעכע חדשים שפּעטער נעמט זי ווידער אײַנטענהן מיט אַ נײַעם מיטגליד, מ. ירדני, וועלכער איז אין זעלביקן יאָר — 1949 — געוואָרן אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין „וואָכנבלאַט", נאָכדעם ווי ער האָט אויס־געפּאַטשט דעם „טאָג"־רעדאַקטאָר, און האָט אין „וואָכנבלאַט" באַגריס־דעט זײַנע הרגעמענטן. רעדט זי מיט אים אין איר קאָלום :

„נאָך די פּעטש וועט איר צוריק אין די קליקעס ניט אַרײַנקומען. איז וואו וועלן מיר אײַך לייענען ? און דאָ קום איך צום פּונקט : מיר זײַנען ווי יענע, וואָס שטייען ביי אַ קלאָרן קוואַל און מיר זוכן אַ טרונק. איך מיין דאָ דאָס „וואָכנבלאַט". אַ שיינע, ריינע צײַטונג, אַ פרייע, ערלעכע טריבונע, מיט אַ רעדאַקטאָר אַ מאַרטירער און אַן אידעאַליסט אין העכסטן זין פון וואָרט.

„די צײַטונג מיטן רעדאַקטאָר מאַטערן זיך אין אָרעמקייט. ווען מיר שפּאַנען אײַן אונזערע פּאַרערער און מען טוט אַרײַן עטלעכע טויזנטער אין דער צײַטונג מען זאָל עס קענען מער פאַרשפּרייטן, צוציען

מער שרייבער, קריגן אַדווערטייזמענטס א. אַז. וו. — עס וואָלט געקענט ווערן אַ גוט געשעפט און אַ פאַרגעניגן צו זען זיך געדרוקט. פאַרן לייענער וואָלט עס אויך געווען אַ ברכה: טויזנטער לייענער ליגן פאַרחלשטע ביי די קאָרטן־טישלעך, זיי קויפן פון געוואוינהייט וועגן די טעגלעכע צייטונגען, מאַלעגייערן אָן הנאה און פאַלן־צו צו די קאָרטן. אַ זונטאָג־צייטונג קאָסט 10 סענט, זיי וואָלטן מיט פאַרגעניגן געגעבן 15 סענט פאַרן „וואָכנבלאַט", ווען זיי טרעפן מערער שרייבער און ווען מען פאַרשפרייט די צייטונג אויף אַ ברייטערן פאַרנעם.

„אין אייער קאָנפליקט מיטן רעדאַקטאָר פון „טאָג" בין איך, ניט־ווילנדיק, אַריינגעפלאָנטערט. וועגן דעם וועל איך דערציילן אין נעקסטן אַרטיקל.

„מיט פאַרערונג צו אייך און אייער שרייבן, אייער

יענטע סערדאַצקי".

---

אין איר באַגריסונג־וואָרט צו מיר, צו מיין 50סטן געבורטסטאָג, — אין אַפּריל 1952 — זעט מען ווי טיף זי דרינגט אַריין אין דעם ענין „וואָכנבלאַט". נאָך דעם ווי זי צאָלט אָפּ „צינז" איר „בן־זקונים", איילט זי זיך צו איר ליבלינג־טעמע, — דאָס „וואָכנבלאַט", און ווי אייגנאַרטיק עס איז איר אָפּשאַץ פון דער „וואָכנבלאַט"־ראָלע אין אידישן לעבן:

„אין אַ פריערדיקער אָפּשאַצונג האָב איך חבר ליבמאַנען אָנגערופן „גאון". דאָס וואָרט האָט מער ווי איין דעפיניציע: געווען דער ווילנער גאון, פאַראַן פראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, פערזאָנען פון תורה און וויסן. פאַראַן אויך גאונים פון אַקציע: דער אור־מענטש וואָס האָט געמאַכט פון צווייג דעם שטעקן זיך צו באַשיצן, ער איז געווען אַ גאון. אונטערן זאַמדיקן דעק פון מדבר האָט זיך געריסן אַ וואַסער־שטראָם און אים האָט פאַרלייגט אַ שטיין. דער שטראָם האָט געטאָרעט דעם שטיין, זיך געבעטן; אָבער ווי די טבע ביי שטיינער, האָט ער זיך ניט גערירט פון אָרט. אַ מתנה וואַנדערער האָבן זיך געמאַטערט אין דאָרשט; איז געקומען משה מיטן שטעקן. זיין געזונטער חוש האָט אָנגעטאַפּט דעם אָרט וואו דער שטראָם האָט געקוועטשט פון אונטן. עטלעכע קלעפּ און דער שטיין איז צעשפּאָלטן, דער שטראָם האָט אַ פלייץ געטאָן און אַלץ אַרום איז געוואָרן לעבעדיק. ביים שטיין איז משה געווען מער גאון ווי ביי זיין גאַנצן אויפטו.

„חבר ליבמאַן איז געקומען מיט אַן ענלעכן אויפטו: יאָרן ווי עס האָט אָנגעהאַלטן דער ברודער־קריג אין אידישן לעבן. די רעכטע מיט די לינקע. אָנגעהויבן האָט זיך עס דאָ אין ניו־יאָרק, פון דער גרויסער

אידישער ציטונג. עפּעס אַ קלייניקייט וועגן ענדערן די פאָרמע פון די אידייען. געטראָפן האָט עס ווי אַ פּונק אין אַ פּולווער־פאַס: די פּאַרטיי האָט זיך צעשפּאָלטן, עס זיינען געוואָרן צוויי פּאַרטייען. צוויי וואולקאַנען האָבן זיך צעקאָכט, געגומען שפּייען פייער, צוויי גהינם־קעסלען האָבן זיך צעזאָטן: אין איינעם האָט געברענט שוואַרצער פעך — האַס, בלוט, דורשט צום שונא; אין אַנדערן — גרינער גאַל, מאַכטלאָזער צאָרן צום באַדריקער. פון ניו־יאָרק האָט זיך עס צעגאָסן איבער שטעט און לענדער.

„גאָר שלעכט איז געוואָרן פאַר די אידישע שרייבער: די וואָס האָבן געמוזט גיין אין שפּאַן האָבן פאַרביטן דאָס איידעלע ליטעראַרישע וואָרט אויף קללות און זלזולים. אַ סך שרייבער זיינען דעמאָלט אויס־געשטאָרבן; דער צער האָט אויפגעפרעסן זייער האַרץ. אַנדערע האָבן „אויפגעהאַנגען זייערע פידלען אויף די ווערבעס", זיך פאַררוקט אין די ווינקעלעך און געגומען „איבערוואַרטן". די גרעסטע צרה איז געווען מיט די אידישע לייענער: זיי זיינען געוואָרן „פּאַרטייאיש" און אָנשטאָט זיך פאַרנעמען מיט ליטעראַרישע ענינים האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזן אין קאָרטנשפּיל. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„רויך און טומל, האַס, צאָרן און דאָס ערגסטע, גלייכגילטיקייט: קיינעם האָט ניט געהויבן די הענט עפּעס צו טאָן. און דאָ איז אַריינ־געקומען דער גאון ליבמאַן; דער גאון וואָס טוט די ריכטיקע זאַך אין דער ריכטיקער צייט! זיין איידעלער פּנים איז געוואָרן נאָך בלייכער, די פאַרחלומטע אויגן האָבן געברענט: אַ פאָלק ווערט פאַר־אומרייניקט!! דאָס אידישע וואָרט גייט אונטער!! און מיט ליידיקע הענט נאָר מיטן כּוח פון ווילן האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", אַ שריפט אַ ריינע, אַ ליטעראַרישע און אַן אומ־פּאַרטייאישע. ער האָט געגומען רופן ווי עמא לאַזאַרוס: „צו מיר איר אַנטמוטיקטע שרייבער, דאָ קענט איר זאָגן אייער ריינעם ליטעראַרישן אומפּאַרטייאישן וואָרט; צו מיר, איר יונגע אָנהויבער וואָס טראָגן די קערנער פון שאַפן און האָבן ניט קיין פעלד; צו מיר, איר פאַרבענקטע לייענער וואָס ווילן ליטעראַטור אָנשטאָט זידלערייען" . . . ער האָט גערופן און מיר זיינען זיך אָנגעלאָפן . . .

„אָרעמקייט קען קיין צו גרויסע זאַכן ניט אויפטאָן; און דאָך: עס איז געגוג צו דערמאָנען דעם נאָמען ש. טענענבוים פון די יונגע און מ. י. חיימאָוויטש פון די עלטערע. מיר וואַרימען זיך אַרום דעם ניט צו גרויסן אָבער ריינעם פייער פון „וואָכנבלאַט", ביי דעם נר־תמיד, לויט זיין אַריבערלעבן גרעסערע און שטאַרקערע צייטונגען. ביי דעם דאָזיקן נר־תמיד איז חבר יצחק ליבמאַן דער כּהן־גדול און מיר אַלע שרייבער און לייענער, מיר דאַווענען מיט אים אין צבור, אין

כאַר. און דאַווענדיק בעטן מיר אויפן נס, אַז די רייכע אַלמנה זאָל אָנשטאָט אָנבאָטן קאַווע מיט קיכלעך (בעסער ווי גאָר ניט . . .) אַריינ־טראָגן אַ פּאָר צענדליק טויזנטער כדי דאָס „וואָכנבלאַט" זאָל קענען דערגרייכן זיין באַרוף: אַזוי טוט אַ רייכע אַלמנה ביי די ניט אידן, זי העלפט אַרויסגעבן אַן ענגלישע „וואָכנבלאַט", וואו זי האָט אַריינגעטאָן אין דעם ניט קיין טויזנטער נאָר — מיליאָנען. און נאָך בעטן מיר, אַז דער חבר יצחק ליבמאַן, דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון „וואָכנבלאַט" זאָל לאַנג לעבן, ביי גוטן געזונט, ער זאָל האָבן כוח צו שטיין ביים רודער פון דער צייטונג וואָס איז אונז אַזוי נויטיק און אַזוי ליב".

---

ווילט זיך, צום שלוס, פון מיינע אייליקע שטריכן צו דער גע־שטאַלט פון דער גרעסטער שרייבערין אין דער אידישער וועלט־ליטע־ראַטור, זאָגן, אַז ניט נאָר איז פאַר איר אָנגעגרייט אַן אויבנאָן־שטול אין די רייען פון דער אידישער ליטעראַטור, נאָר אַז איר שטול וועט, אין קריי־זיקן גאַנג פון די יאָרן, מער און מער באַערט ווערן פון די גלויביקע אין „אהבת־אידיש", — די קרייזן וואָס גרופּירן זיך אַרום דעם „וואָכנבלאַט" — אַז איר כסא הכבוד וועט מער און מער באַשווערט ווערן פון די קינפטיקע עולי רגל, וועלכע וועלן ניט אין אבן־טוב אין אים איינפאַסן, און אַזוי אַרום אים באַגרונטיקן מיט נצחיות אין דעם היכל פון דער אידישער וועלט־ליטעראַטור לעולמי עד.

# עוזיאל פליישמאַן

## א

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געטראָפֿן — און
דאָס איז געווען מיט אַן ערך פֿון דריי חדשים פֿאַר זיין טויט —
איז געווען אין אַ טאָג וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אין איבערציען
אין אַ נייער דירה. און די וואָס האָבן כאָטש איין מאָל אין זייער לעבן
פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון איבערציען זיך — פֿאַר זיי דאַרף ספּעציעל זיין
אינטערעסאַנט וואָס איך וועל דאָ באַלד סקיצירן וועגן פליישמאַנען.
אויף זיין פּנים האָט זיך לחלוטין ניט אָנגעזען די מינדסטע צערודע־
רונג. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ גוואַלדיקער אויפגעלייגטקייט.
ער האָט אַפילו מצרף געווען זיין אשת חיל, זיין האַרמאָנישע לעבנס־
באַגלייטערין צום טיש, אָנטייל צו נעמען אין אונזער שיחת חולין.
און זי איז גראָד ניט צוגעקומען מיט ליידיקן: האָט געשטעלט לכבוד
מיין וויזיט לעקעך און בראָנפֿן און — מיט אַ ברייטער האַנט.
און — כטוב לב המלך ביין, אַז מיר האָבן טועם געווען עטוואָס פֿונם
יין המשומר, איז פליישמאַן געוואָרן נאָך מער אויפגעלייגט, און איז
אַריין אין אַ השתפכות־הנפשדיקער שטימונג. ער פלעגט מיט מיר,
ביי אונזערע געלעגנהייטלעכע באַגעגענישן, באַרירן די קאַמף־ענינים
מיינע, מיט וועלכע ער פלעגט, מערסטנס, דעמאָנסטרירן זיין סאָלידאַ־
ריטעט. נאָר דאָס מאָל האָט ער זיך פֿאַר מיר צעוואַרעמט מיט זיינע
אייגענע שיר־ניט קאַמפֿן מיט אַן אַמאָליקער ליטעראַרישער קליקע, אַז
קליקעס זיינען, הייסט עס, שטענדיק געווען, און אַז ער אַליין איז שיר
ניט געוואָרן אַ קרבן פֿון יענער קליקע. געווען איז עס — האָט ער אָנ־
געהויבן דערציילן — אין 1910. די דעמאָלטיקע „יונגע" און כמו־יונגע
ווי מ. י. חאַימאָוויטש, מאַני לייב, יואל סלאָנים, י. אַדלער, ה. רויזענ־
בלאַט, י. ראָלניק, א. ראַבאָי, הערמאַן גאָלד האָבן געהאַלטן אין
צוגרייטן אַ זאַמלבוך פֿון זייערע שריפֿטן, דעם 2טן באַנד „ליטעראַטור".
איז ער, פליישמאַן, אויך געווען אַ בעלן צו זיין פֿאַרטראָטן דאָרט
מיט אַ ליד, צי צוויי, האָבן אייניקע פֿון דער גרופּע אָנגעפֿירט קעגן
אים אַ העפּטיקן קאַמף, ביז ס'איז געקומען צו אַ פּשרה, מען זאָל
פליישמאַנס ליד דרוקן, נאָר פֿאַרשטופּן ערגעץ אין אַ ווינקל, און

דרוקן עס אין פעטיט — ד. ה. אין דער קלענסטער שריפט. וואָס טוט גאָט? לויפט אַמאָל אַריין הערמאַן גאָלד אין דער שרייבערישער קאַפּע־הויז, מיט אַ געפילדער, מיט אַ ליאַרעם, אַז בעל־מחשבות האָט, אין זיין רעצענזיע וועגן דעם 2טן באַנד „ליטעראַטור“ שטאַרק געלויבט דאָס כלומרשטע ווינקל־ליד, און האָט די לאַנגע סעריעס לידער פון די ביי־זיך־תכיפדיקע פאַרשוויגן, אָדער אַרונטערגעריסן. פאַר פליישמאַנס ליד איז ער געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז דער ערשטער מאָדערנער קריטיקער האָט עס אין פול ציטירט. און כאָטש ס'איז שוין אַ קימאַלן פון 43 יאָר זינט יענעם זיסן נצחון, קוויקט זיך נאָך פליישמאַן אַלץ מיט יענעם טעם, און לייענט אַזש פאָר פאַר מיר דאָס ליד, וואָס איז כולו מוזיק:

## ט ר י אָ

פון די בלויע הייכן, מונטער,
לאָזט אַ פויגל זיך אַרונטער,
טוט אַ צוויטש און יאָגט פאַרביי:
די וועלט איז פריי,
די וועלט איז פריי . . .

פון דעם הויכן קלויסטער־טורעם,
ווי אַ דונער־קנאַל אין שטורעם,
גלאָקן קלינגען: בים, באַם, בום:
די וועלט איז פרום,
די וועלט איז פרום . . .

אין דער ענגער גאַס באַוועגט זיך
שטיל אַ שאָטנקינד, עס שרעקט זיך:
שוואַרצע טעג און ווינסטע נעכט —
די וועלט איז שלעכט . . .
די וועלט איז שלעכט.

***

איך דריק פליישמאַנען מיטביידע הענט, און בעט אים נעמען אַן עקסטראַ לחיים פאַר זיין מייסטערווערק.

דערמוטיקט פון מיין יישר־כוח, און געמונטערט פון דעם „לחיים“ זוכט ער מיר אויף נאָך עפּעס פון זיינע חטאות נעורים, אַ ליד וואָס איז געווען געדרוקט אין דריטן נומער „די יוגנט“, דאַטירט פעברואַר,

1908. צו זיינע 78 יאָר יונג איז ער נאָך גאָר באַוועגלעך, כמעט אינגלדיק און לייענט פאַר גאָר ענערגיש און מיט געהעריקער אַק־צענטירונג:

## וואוהין?

וואוהין, אָ, קינד מיינס, זאָג וואוהין?
אַ וועלכע ווייטקייט רייצט דיין זין?

דער רויש פון שטאָט, דער רעש פון גאַס,
פילט אָן דיין בענקנד האַרץ מיט האַס?

עס ציט זיך ווייט פון דאַנען, ווייט,
צו טונקל־גרויער איינזאַמקייט?..

אָ, קינד, האַלט אויף, האַלט אויף אַ וויל!
אָט דאָ פאַרבלייב, ניט אייל, ניט אייל!

איך האָב פאַר דיר, איך זאָג דיר צו,
אָן איינזאַם אָרט פון שטילער רו . . .

געדרישט האָט דאָרט אין יענעם הויז
אַ וועלט אַמאָל, און — איז אַרויס!

איצט איז דאָרטן שטיל און שוואַרץ —
קום, מיין קינד, צו מיר אין — האַרץ.

קאָלעגע פליישמאַן — ווענד איך זיך צו אים אין שטייגנדיקער עקזאַלטאַציע — איר ווילט דאָך, חלילה, ניט פאַרשעמען אייערס אַ געראָטן קינד. טאָ גיסט אָן דעם אמתן לחיים.

פליישמאַן נעמט שוין נאָר אַ סימבאָלישן „לחיים" און איך וועל דאָך דעם אומשולדיקן כוס ניט פאַרשעמען. איז פליישמאַן גאָר באַ־גייסטערט. ער דערציילט מיר אַז ער איז שוין דאָ באַלד 58 יאָר. איז געקומען אַהער אין 1896, און האָט זיך גלייך געשטעלט צו דער אַר־בעט — אָן אָפּערייטאָר. נאָך דריי וואָכן אַרבעטן אָן געלט, האָט ער שוין די פערטע וואָך פאַרדינט דריי דאָלער. ביי צען יאָר האָט אים דער שאַפּ געהאַלטן פעסט געקלעמט, און ער האָט זיך ניט געקענט אומקוקן אויף זייטיקע זאַכן. אין 1905 דרוקט ער אָפּ זיין ערשט ליד אין ברוקלינער „אידישן הויז פריינט", און אין „פאָרווערטס" פון 13טן מערץ, 1906 זיין צווייט ליד, — „אין שאַפּ".

## אין שאַפ

אַרום אַ מין טישל, אַ שטעלעכל פון ברעטלעך
פאַררוקט אין אַ ווינקל, אין חושך, אַ שרעק,
באַוועגן זיך שלעפעריק אַ האַלב טוץ סקעלעטלעך
פאַרטאָן אין דער אַרבעט ביים פינישן רעק.

אַ קופקע פאַרעלטערטע שאַפ בעלי־מלאכות,
וואָס האָבן אין זיך מער פון לעבן קיין זאַפט,
וואָס פילן שוין לאַנג ניט, וואָס שקלאַף, און וואָס יאָך איז,
צו פילן פעלט נערוון, צו קעמפן פעלט קראַפט.

דאָך איינער אין מיטן דאָרט איז נאָך פאַראַנען,
אַ יונגינקער בחורל, מילך נאָך און בלוט,
אַ פרישינקע רויז צווישן גראָזן וואָס וויאַנען,
וואָס אַרבעט, ווייזט אויס, נאָך מיט חשק און מוט . . .

נאָר אָט ביים פאַרצילן אין נאָדל דעם פאָדעם
דערלאַנגט, ווי פאַרגנבעט, זיין אויג נאָר אַ בליק
צו זיינע חברים — און ווידער דערשראָקן,
גראָבט ער אין די אַרבעט דעם קאָפ איין צוריק.

⁂

ב

**איך געזעגן זיך מיט דעם האַרציקן קאָלעגע, מיט דעם מענטשן וואָס טראָגט מיט ווירדע דעם נאָמען שרייבער און מיט אַחריות דעם נאָמען מענטש, און ער פאַרשפּרעכט מיר, אַז ער וועט זיך באַמיען אויפצושרייבן פאַרן „וואָכנבלאַט" דעם קאַפּיטל זכרונות פון זיינע ערשטע טריט אין דער אידישער ליטעראַטור. איך האָב אויסגעקוקט אויף זיין כתב־יד, נאָר אָנשטאָט דעם, האָב איך איינמאָל אין אַ זונטיק (דעם 20טן סעפּטעמבער, 1953) געמענדיק דעם „טאָג" אין האַנט אָנגעהויבן, אין דערשיטערנדיקן געפיל, לייענען:**

**עוזיאל פליישמאַן, איינער פון די ערשטע מיטאַרבעטער פון „טאָג" און באַוואוסטער אידישער דיכטער, איז פרייטאָג אינדערפרי, ערב יום כיפור, געשטאָרבן, אין עלטער פון 78 יאָר, נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע אין מעדיסאָן האָספּיטאַל, אין ברוקלין.**

**די לוויה וועט פאָרקומען היינט, זונטאָג, איינס אַזייגער נאָכמיטאָג,**

פון מידוואוד מעמאָריאַל טשאַפּעל, אויף קוני איילאַנד עוועניו, לעבן עוועניו „עם“, ברוקלין.

עוזיאל פליישמאַן איז געבוירן געוואָרן ג׳ אָדר, 1875, אין שטעטל פּראָבוזשנאַ, לעבן טשאָרטקאָוו, אין מזרח־גאַליציע, ביי חסי־דישע עלטערן. ער האָט געקראָגן אַ רעליגיעזע דערציאונג, ער האָט געלערנט ש״ס און פּוסקים. ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה, האָבן זיך זיינע עלטערן איבערגעצויגן קיין ראַדזין, בוקאָווינע. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט די וועלטלעכע לימודים און מיט דער העברעאישער און דייטשישער ליטעראַטור.

אין יאָר 1896 האָט פליישמאַן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, און דאָ האָט ער באַלד אָנגעהויבן צו שרייבן לידער און סקיצן. אַ צען יאָר צייט האָט ער געאַרבעט אַלס שניידער. און פון זינט 1904 האָט ער געדרוקט זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען אין פאַרשיידענע צייט־שריפטן.

ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „טאָג“, איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער צייטונג. עוזיאל פליישמאַן האָט פאַרעפנטלעכט לידער אויף דער הומאָריסטישער זייט פון „טאָג“ און אַ היפּשע פּאָר יאָר איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון טעגלעכן הומאָריסטישן קאָלום „דער קרומער שפּיגל“, וואו ער האָט פאַרעפנט־לעכט זיינע אייגענע לידער און אָפּטמאָל איבערגעאַרבעט לידער וואָס די לייענערס האָבן אַריינגעשיקט.

פליישמאַן איז צו זיינע לייענערס געווען ווי אַ פאָטער צו זיינע קינדער. ער האָט זיך דערוואָרבן צענדליקער טויזנטער פריינט און פאַרערערס.

עוזיאל פליישמאַן איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די דיכטערס, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין זיינע לידער אינטימע האַר־ציקייט, שפּילעוודיקן הומאָר און פיינע טעכניק.

זיינע לידער זיינען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ספּעציעלע אויסגאַבעס מיט נאָטן און זיי זיינען געזונגען געוואָרן פון טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער.

פליישמאַנס לידער זיינען געווען זייער פּאָפּולער צווישן די ברייטסטע אידישע פאָלקסמאַסן אין אַמעריקע און זיי זיינען געלויבט געוואָרן פון פאַרשיידענע ליטעראַטור־קריטיקער. בפרט איז געלויבט געוואָרן זיין ליד „טריאָ“.

עוזיאל פליישמאַן האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ צאָל ראָמאַנען אין „טאָג“. ער איז געווען אַ באַשיידענער מענטש, אַ נוח לבריות, און ער איז געווען אַ זייער פּראָגרעסיווער מענטש. ער האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל פריינט און פאַרערערס סיי צווישן די קאָלעגן שריי־

בערס, סיי צווישן די זעצערס, סיי צווישן די אָפּיס־אָנגעשטעלטע פֿון דער צייטונג.

ווען עס איז מיט דריי יאָר צוריק געפּייערט געוואָרן זיין 75־יאָריקער יובילײ, איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ צאָל אַרטיקלען, וואָס האָבן געגעבן אָפּשאַצונגען וועגן זיינע ליטעראַרישע שאַפֿונגען.

דער פֿאַרשטאָרבענער האָט איבערגעלאָזט אַ פֿרוי, דריי זין און אַ טאָכטער. צוויי זין זיינע (אַ צווילינג) זיינען אַקטיאָרן אויף דער ענגלישער בינע.

אין דער לוויה וועט זיך באַטייליקן די גאַנצע רעדאַקציע פֿון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", מיטגלידער פֿון י. ל. פּרץ שרייבער־פֿאַראיין, לאַנדסלייט און מאַסן לייענער פֿונם באַליבטן שרייבער.

***

ג

דער „טאָג" האָט עוזיאל פֿליישמאַנען ע"ה אויך געווידמעט אַ לייט־אַרטיקל, אין וועלכן ער רעכנט אויס אַלע זיינע זיבן־מאָל־זיבן מעלות טובות. דער אמת איז דאָך, אָבער, אַז דער צאַרטער דיכטער און עכטער איש אמת איז שרייבעריש אומגעקומען אין דער צייטונג. ס'איז גאָרניט געווען קיין עבודת פּרך וואָס מען זאָל ניט האָבן געהאָט אַרויפֿגעלייגט אויף די געבויגענע שולטערן פֿון דעם איש תמים. און דער צדיק פֿליישמאַן האָט אַלץ באהבה מקבל געווען. אָבער פֿאַר דער אידישער ליטעראַטור זיינען זיכער פֿאַרלאָרן געגאַנגען וויכטיקע שאַפֿונגען, אויסגעלאָשענע פֿונקען פֿון מענטשנס יצירה.

אויף זיין 75־יאָריקן יובל־באַנקעט וואָס זיינע תלמידים און פֿאַרערער האָבן לכבוד אים אַראַנזשירט, און וואו מיין ווייניקייט איז גערופֿן געוואָרן צום וואָרט, האָב איך אים עפֿנטלעך אויסגעדריקט מיין באַוואונדערונג פֿאַר זיינע געציילטע מייסטערווערק אין אידיש־קודש; מיין גרויסע פֿרייד וואָס צווישן די ציניש אַליינען פֿון אונזער ליטעראַרישן קוואַרטאַל גייט אום דער מאמין פֿליישמאַן אויף וועמען דאָס וואולגאַרע ביטול־וואָרט און דאָס צעכראַסטערטע הפקר־צונג האָט ניט אויף אים די מינדסטע שליטה און מיין יישר־כּוח פֿאַר פֿליישמאַנס גרענעצלאָזן געדולד צו די אַלע שרייבער־אַמאַטאָרן, אין וועמעס שרייבערייען ער האָט אַריינגעוועבט זיין ניט־אויסגעלעבטע שרייבערישע נשמה און זיין עכטע קונסט וואָס האָט, ליידער און ליידער, ניט געקראָגן איר עכטן תיקון.

# נתן פּאַדגוג

## א

די מימרא, אַז „יש קונה עולמו בשעה אחת" איז ווידער באַשטעטיקט געוואָרן מיט מיין איצטיקן העלד. די אַזוי־גערופענע „שעה" איז געווען אין די סוף־זומער טעג פון 1942. און נתן פּאַדגוג איז דעמאָלט געשטאַנען פאַר דער היסטאָרישער שעה פון זיין לעבן, ווי עס וועט זיך אַרויסווייזן ביים אָפּשלוס פון מיינע איצטיקע אייליקע שטריכן פון דער פירער־פיגור פון אַן אידעאַלן אידישן פּאָליטיקער, וועמעס צייכענונג ווערט נאָך וויכטיקער איצט, ביים יובל פון 300 יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע.

## ב

אין יאָר 1942 איז פאָרגעקומען אַ ליידנשאַפטלעכער פּאָליטישער געראַנגל אין שטאַט ניו־יאָרק צווישן די פּראָגרעסיווע כוחות, וואָס האָבן געזוכט זיכערקייט „ביי זיך אין דער היים" אונטערן שוץ פון סענאַטאָר מיד און צווישן דעם אָפּענעם, צי פאַרשטעלטן, אַנטי־„ניו־דיל"־לאַגער, וועלכער האָט געוואָלט אויספוצן דעם דעמאָלטיקן אַטוירני־דזשענעראַל אין די־פאַר־אים־גאָרניט־פּאַסיקע גאָווערנאָר־פּלודערן.

נאָר וואָס די בירגער פונם באַפעלקערטסטן שטאַט אין אַמעריקע זאָלן אָבער ניט האָבן אויסגעפאָכטן צווישן זיך — פאַר געוויסע מיטגלידער פון דער אידישער ליטעראַרישער בירזשע וועט דער נומער 80 סענטער סטריט, ניו־יאָרק, די אָפיציעלע רעגירונג־געביידע פון דעם אַטוירני דזשענעראַל, שטענדיק אַרויסרופן אַנגענעמע דערינערונגען, אינטערעסאַנטע זכרונות אין שייכות צום קאַמף פאַרן יונגן אידישן וואָרט אין אַמעריקע.

און אין צענטער פון אָט־די אנגענעמע דערינערונגען וועט תמיד אַרויסלויכטן די פיגור פון אַ קאָלירפולן אידישן פּאָליטיקער, נתן פּאַדגוג, וואָס כאָטש געקליידט אין אוניפאָרם פון אַן אַסיסטענט אַטוירני דזשענעראַל האָט ער קיינמאָל פון אויג ניט אַרויסגעלאָזן דעם נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיוון אידישן אינטערעס און איז בכלל ניט געווען נאָך „איינער" — נאָך איינער פון דעם גוט־באַוואוסטן מין, צו טיפּ,

פּאָליטישנס וואָס זיינען שטענדיק גרייט אַ „האַנדל־צו־טאָן" אויף אַ וואולגאַרן און פּראָפּאַנעם אופן מיט אידן־יחוס, און מיט אידישקייט־סחורה ווען נאָר עס האָט צוגעהאָלפן זייער אייגענעם ווייט־ניט־אַלטרואיסטישן, קאַריערע־אינטערעס.

*
**

ס'איז געווען אין יאָר 1931. דער שרייבער פון די שורות האָט זיך אין יענע טעג, ווי דער „שטייגער" איז, און ווי ס'איז שוין באַלד נאָרמאַל ביי אונז, שטאַרק געמאַטערט מיט אויפהאַלטן דאָס וואָכנבלאַט „אונזער פאָלק". פּאַדגוג, ווי אַן אַלזייטיקער כלל־טוער, האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דער „אונזער פאָלק"־אידייע — אַן אומאָפּהענגיקע טריבונע פאַרן שעפערישן אידישן וואָרט און פאַר דעם פרייען אידישן געדאַנק. און די וואָס קענען פּאַדגוגן ווייסן, אַז ער איז ניט פון די לעבלעכע טוער. האָט ער זיך אויך דאָ, אין דער קולטור־אַרבעט, אַריינגעוואָרפן מיט זיין כאַראַקטעריסטישער אימפּעטיקייט. און אַזוי אַרום איז דעם אַטוירני־דזשענעראַלס אָפּיס דעמאָלט אויך געוואָרן די היים פון די קעמפנדיקע, פון די בונטאַרישע אידישע שריפטשטעלער. ב. ריווקין, הערמאַן גאָלד, ב. י. קליין, און אַנדערע געדענקען, האָף איך, יענע „אונזער־פאָלק"־צוזאַמענקונפטן מיט פּאַדגוגן בראש, אין די גוואַלדיק־רחבותדיקע רעגירונג־צימערן פון 80 סענטער סטריט. דער דעפּיוטי אַטוירני־דזשענעראַל איז אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם ליטעראַרישן קאָך, אַז רייד און אַקציע זיינען פאַר אים שוין ניט גענוג געווען. זיין פּען האָט אויך גענומען פּאָדערן דאָס וואָרט. און ניט לאַנג האָט עס גענומען ווי נתן פּאַדגוג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „צפנת פענח", אין אַ הומאָריסטישן קאָלומניסט, וואו ער פלעגט אָפּט שאַרף אַריינזאָגן זיינע פּאַרטייחברים און פלעגט מיט זיי פּרובירן איינקנעלן אַ פּרק אָנשטענדיקייט אין חלכות פּאָליטיקע.

אָט, אויף טשיקאַוועסט, איז אַ פּאַראַגראַף־צוויי אַלאַ צפנת פענח:

„דאָס דערמאָנט מיך אַז פּרעזידענט הואווער האָט אין זיין לעצטן „מעסעדזש" צום קאָנגרעס רעקאָמענדירט אַ פינף־טאָגיקן אַרבעטס־וואָך פאַר רעגירונג־אַרבעטער. טראַכט זיך מיר, אַז דעם פּרעזידענטס רעקאָמענדאַציע וואָלט נאָך וויכטיקער געווען פאַר אונז, אידן, און כ'שלאָג דעריבער פאָר אַז אונזערע קאָנגרעסמען זאָלן עס אַרויפשטעלן אויף זייער טאָג־אָרדענונג. וועלן זיי, לכל הפחות, האָבן וועגן וואָס צו רעדן. איך שטעל מיך פאָר ווי דער אידישער ישוב אין ניו־יאָרק וועט אויפגעלעבט ווערן מיט אַ „פרייען" שבת:

דער אַרבעטער וועט גיין הערן אַ חזן און דערנאָך איבערזינגען די חזנישע שטיקלעך; דער אַלטער פאַרגעסענער טשאָלנט וועט ווידער מיט שטאָלץ רעגירן אויף אונזער שבתדיקן טיש; דאָס קוגל־טעפּעלע וועט צוריק פאַרנעמען זיין היסטאָרישן פּלאַץ אין דער אידישער קיך. און די יוגנט, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, וועט זיך מיט געמיטלעכער שבת־קודשדיקייט שפּאַצירן און וועט דיסקוטירן אי־דישע פראַגן און אפשר טאַקע אויף אידיש... לאַכט ניט, דאָס קען זיך טאַקע זיין אַ חלום, אָבער אַמווייניקסטנס אַ שיינער חלום״...

## ג

זיך אויסלעבן אין דער סביבה פון די צוויי־דריי־וועכנטלעכע וואָכנבלאַטניקעס, פלעגט ער שוין נעמען אַן אינטערעס און אַן אָנ־טייל אין אַלע דעמאָלטיקע פלענער אונזערע און חלומות. ווען אין 1932 האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז ניו־יאָרק איז רייף פאַר אַ נייער טעגלעכער צייטונג, „די פּעני״, האָט פּאַדגוג איינגעווילקט צו זיין פאַרזיצער פון אַ קאָמיטעט צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. ער האָט פאַר־אינטערעסירט אַ ריי מענטשן און אין קורצן האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ, אונטער זיין פאַרזיצערשאַפט, אין בראָדוויי סענטראַל האָטעל. די קאָנפערענץ איז געווען היפּש באַזוכט. חוץ שרייבער, זיינען דאָרט אויך געווען די אַזוי־גערופענע פּראַקטיקער, מענטשן פון דער סוחרישער און פּאָליטישער וועלט. אַ טייל פון יענעם עולם איז גרייט געווען צו שרייבן דריי־און פיר־ציפערדיקע טשעקס. נאָר אַזוי ווי די מינימום־סומע צו גאַראַנטירן אַ האַלב יאָר עקזיסטענץ פון דער „פּעני״ האָט ניט געקענט געשאַפן ווערן, איז פון פּלאַן געבליבן — פּלאַן.

1931 און 1932 זיינען געווען פּאַדגוגס שרייבערישע יאָרן. חוץ זיין אייגענעם שרייבן און חוץ זיין טעטיקייט לטובת אַ ליטע־ראַרישן ענין האָט ער אויך גענומען אַן אינטערעס אין דעם פּערזענ־לעבן לעבן פון אַ ריי שרייבער. פאַר ניט איינעם פון זיי איז ער געווען דער ניט־געצאָלטער אַדוואָקאַט, דער שטענדיק־גרייטער מליץ־יושר. מיר איז גוט באַקאַנט אַ פאַל פון אַן אַרבעטלאָזן אידישן שריפט־שטעלער, וואו דער שאַרף פון „דיספּאָזעס״ האָט אים ניט איינמאָל אויסגעצויגן אַ נאַכט אין אַן אייביקייט. און ווען די גאַס האָט שוין געקאָכט מיט די נייעס אַז „דער לענדלאָרד וועט מאָרגן אַרויסשטעלן דעם שרייבער״, פלעגט זיך אין יענער קריטישער שעה באַווייזן פּאַדגוג און פלעגט, מעשה־מכשף, אַרויסציבערן דעם שרעקלעכן קוויטל פון דעם מאַרשאַלס פעסטע ידים, און אַזוי אַרום פאַר אַ צייט פאַרטרייבן די מרה־שחורה פון יענעם שרייבערס היים.

ד

פּאַדגוג, ווי געזאָגט, איז אַן אַלזייטיקער כלל־טוער. זיינע ערשטע טריט אַלס געזעלשאַפטלעכער רודערער האָט ער געשטעלט ווען ער איז נאָך אַ בחורל געווען. ווען די פעדעראַציע פון אידישע גראָסערי לייט האָט אים אין 1911 געשיקט ווי איר פאָרשטייער אין דער קהילה איז ער קיין פולע 22 יאָר ניט אַלט געווען. (פּאַדגוגס פאָטער איז געווען סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע און נתן אַליין איז פון מעיאָר געינאָרן באַשטימט געוואָרן אַלס אינספּעקטאָר פון „וועיטס ענד מע־זשורס" און איז באַליבט געווען ביי די גראָסערילייט). אָבער אַ פּנים פון אַ מוטיקן פירער האָט ער שוין דאַן געוויזן — ווען די געלעגנהייט האָט אים אונטערגעשפּילט. ס'איז געווען אין 1912. דזשייקאָב שיף האָט דאַן געהאַט אויפגערודערט די אידישע עפנטלעכקייט מיט אַ מין „סטייטמענט", אַז „דער איד איז אַליין שולדיק אין זיינע צרות". די אידישע פּרעסע אין אַמעריקע און, איבערהויפּט, אין ניו־יאָרק, האָט שאַרף געטאַדלט שיפן פאַר זיין אומגליקלעכער „בולבע". אויף מי־טינגען האָט זיך געקאָכט מיט דעם „אינצידענט". די גאַס איז פול געווען מיטן גייסט פון ערב־רעוואָלט. אויך אין דער ניו־יאָרקער קהילה, וואו שיף איז געווען דער אומבאַשטריטענער פירער, האָבן געענומען בלאָזן „בייזע ווינטן". און ס'איז גראָד געווען פאַר דעם יערלעכן מיטינג פון דער קהילה. איז ווי פון זיך אַליין געשאַפן גע־וואָרן אַ קאָקוס פון „לינקע" דעלעגאַטן. דער קאָקוס־מיטינג, פון אַן ערך 100 פאָרשטייער אין דער קהילה האָבן איינשטימיק באַשלאָסן צו טאַדלען שיפן פאַר זיין טיפּיש־יאַהודימשן „סטייטמענט" וועגן די אידן און אַ דרייענדיקע רעזאָלוציע־קאָמיסיע מיט פּאַדגוגן בראש האָבן געצוואונגען דעם דעמאָלט־מעכטיקן שיפן צו בויגן זיך פאַר דעת הקהל און צו אַנטשולדיקן זיך פאַר זיין „מיספאַרשטאַנענער" באַ־הויפּטונג. און, ס'איז אַ סברא, אַז יענע מעשה האָט פּיליכט געפירט צו דעם אונטערגאַנג פון דער קהילה.

ה

ווי ס'זאָל ניט זיין, נאָר פּאַדגוגן איז באַשערט געווען צו זיין ביי דער סאַמע גרינדונג פון אַן אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס. ווען ב. ג. ריטשאַרדס האָט רעזיגנירט אַלס סעקרעטאַר פון דער קהילה און — אינספּירירט פון אברהם שאָמערס פּאַמפלעט וועגן אַ אידישן קאָנ־גרעס אין אַמעריקע — האָט ער גענומען וועקן און רופן די אידישע מאַסן צו דער גרינדונגס־אַרבעט פאַר דעם אידישן קאָנגרעס איז

פאַדגוג פאַר אַ לאַנגער צייט געווען דער איינציקער וואָס פלעגט ענט־פערן ריטשאַרדס רוף. דער אַנדערער איז געווען שאָמער. און — פאַר אַ ריי מיטינגען פלעגט דער „באַזוכטער" מיטינג באַשטיין פון ריטשאַרדסן, שאָמערן און פאַדגוגן (זיי פלעגן נאָך מוזן אַליין באַצאָלן פאַר דעם מיטינג־לאָקאַל אין בראָדוויי סענטראַל האָטעל). און ער איז אויך געווען איינער פון דריי איינצואָרדענען דעם ערשטן מאַסנ־מיטינג פון און לטובת דעם אידישן קאָנגרעס אין קאַרנעגי האָל, אונטער דער פאָרזיצערשאַפט פון לואי ד. בראַנדייס.

ו

און כאָטש פאַדגוג איז וואַכזאַם אויף די נאַציאָנאַלע אידישע אינטערעסן איז ער, אָבער, גלייכצייטיק דורך־און־דורך פּאָליטיקער, דורך־און־דורך דיסציפּלינירטער פּאַרטיי־מענטש. ער איז היימיש אין אַלע וועגן און ביי־וועגן פון זיין פּאַרטיי, זוכט צו מקיים זיין די פּאַרטיי־מצוות, וויל, אָבער, אויך ניט פאַרזען זיין שכר. און אַזוי אַרום איז ער צו 21 יאָר, ווי געזאָגט, פון מעיאָר געינאָרן באַשטימט גע־וואָרן אַלס אינספעקטאָר פון „וועיטס ענד מעזשורס". ער איז געווען דעמאָלט דער אינגסטער באַאַמטער אין ניו־יאָרק. ווען קאַרל שערמאַן איז אין 1923 דערוויילט געוואָרן אַלס אַטוירני דזשענעראַל האָט ער פאַדגוגן — וועלכער איז שוין דאַן געווען אַ באַוואוסטער לאָיער — באַשטימט פאַר איינעם פון זיינע דעפּיוטיס — אַן אַמט וועלכן ער האָט געהאַלטן 2 יאָר. אין 1931, ווען דער „מאַשין־מענטש" בענעט איז צום ערשטן מאָל דערוויילט געוואָרן אַלס אַטוירני דזשענעראַל, האָט ער אים צוריק באַשטימט אַלס אַסיסטענט אַטוירני דזשענעראַל.

פאַדגוג האָט פיל מעשהלעך צו דערציילן פון זיין דערפאַרונג אַלס אַסיסטענט אַטוירני דזשענעראַל. איין מעשה, צ. ב. איז דער פאַל מיט „וואָרקמענס קאָמפּענסיישאָן", ווי ער האָט אויסגעקעמפט די גע־זעצלעכע געלט־קאָמפּענסאַציע פאַר אַן אַרבעטערס אַלמנה. ס'איז געווען אין 1931. אַן אַרבעטער איז ביי אייזן־אַרבעט דערהרגעט גע־וואָרן און דער רעפערי פון דעם „לייבאָר דעפּאַרטמענט" פון שטאַט ניו־יאָרק האָט געפסקנט אַז דעם דערהרגעטנס פרוי האָט ניט קיין אויטענטישע באַווייזן אַז זי איז זיין געזעצלעכע פרוי. דער אַטוירני דזשענעראַל האָט פאַדגוגן איבערגעגעבן צו אַפּעלירן די „קעיס". פון תלמודישע קוואַלן האָט ער געשעפּט ידיעות, מיט וועלכע צו פאַ־דערן גערעכטיקייט פאַר דער אָרעמער אַלמנה און זיינע תלמודישע ציטאַטן זיינען אָנגענומען געוואָרן פון אַפּעלאַציאָנס געריכט. פאַר פאַדגוגן איז דאָס געווען אַ דאָפּלטער נצחון: 1) אויסגעקעמפט גע־

רעכטיקייט פאַר אַן אָרעמער אַלמנה און 2) איז אים געלונגען צו ווייזן די קריסטלעכע ריכטער אַז „די קאָמאָן לאָו" איז באַזירט אויף דער תלמודישער יוריספּרודענץ.

און דאָ קומט אַריין די גורלדיקע שעה אין פּאַדגוגס לעבן. בעת דעםליידנשאַפטלעכן פּאָליטישן קאַמף צווישן אַטורני דזשענעראַל בענעט — פּאַדגוגס „טשיף" — און דעם ליבעראַלן סענאַטאָר מיד, אַ ניט־לייכטער אויסוויל צווישן קאַריערע־אינטערעסן און געוויסן, האָט אין פּאַדגוגן גובר־געווען דער געוויסן.

און — די היסטאָרישע אויג וואָס וואַכט, געוויינלעך, איבער אַלע אידישע אינטערעסן, דאַרף אויך וויסן פון אָט־דעם געוויסן...

# סעם צוויבאַק

## א

כאַטש מיט זיין הנהגה, מיט זיין עכטער עניוות, מיט זיין שטענדיקער צוריקציעוודיקייט האָט ער גיכער געקענט דערמאָנען אָן גאָגאָלס קלאַסישן באַנציע־שווייג־טיפּ — אַסיפּ — האָט ער, אָבער, מיט זיין פּריצייטיקן סך־הכל איבערגעלאָזן אַזאַ שרייענדיקע ירושה פון גוואַלדאָוונע מעשים טובים, אַז עס בעט זיך פּאַר אים אַ שטול — אָן שום אַפּאָלאָגיעס — צווישן די רייען פון די „בויער און שאַפער פון מיין דור". ס'קען זיין, אַז לויט אַלטע, אָפּגעבליאַקעוועטע סטאַנדאַרדס וואָלטן די אַזוי־געראָפענע „שיינע אידן" און די כמעלניצקישע „אַטמעט־קע"־שטעלער ניט אַזוי שנעל צוגעלאָזן אונזער איצטיקן העלד צו די בכבודיקע זאַלן פון אונזער פּאַפּירענער אַקאַדעמיע, ווייל — „וואָס־אמת, — ער האָט דאָך ניט איבערגעלאָזן נאָך זיך קיין טויזנטער קאָלומס פון צעקייט־און־צעוואָסערטע אויך־מיר געדאַנקען; ווייל — וואָס אמת — ער האָט דאָך ניט פּאַרטשאַדעט די „אידישע גאַס" מיט הונדערטער צעמעלה־גרהטע דעמאַגאָגישע „ספּיטשעס"; ווייל — וואָס־אמת — ער האָט דאָך ניט, מיטן טריב פון ציניזשן קאַריעריזם, „אַריינגעצויגן" קיין צענדליקער רויע יוגנטלעכע אין די אַל־פּאַרטייאישע קרייזלעך אונ־זערע. און דערפאַר, טענהט צו מיר מיין באַשיידענע פעדער, בעט זיך אָנצווענדן אויף צוויבאַקן אַ נייעם מאָסשטאַב—די מאָס פון די איינציק־אַרטיקע מעשים וואָס די איין־מענטש־אינסטיטוציע — דער שווער־פּראַצעדיקער אידישער אַרבעטער מענטש סעם צוויבאַק ע"ה — האָט באַוויזן אויפצושטעלן און שיכט־נאָך־שיכט־אויפטורעמען אַזש ביז צו אומגלויבלעכקייט!

## ב

סעם צוויבאַק איז געקומען אַהער, אין נייעם לאַנד, אַלס עלף־יאָריקער אינגל, ביים אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט. דער גע־באָרענער פּיאָנער איז אַריינגעכוואַליעט געוואָרן אַהער, אין דער עכטער פּיאָנערן־עפּאָכע, אין די טעג פון אונזער שטראָמיקער מאַסן־אימיגראַ־ציע. ס'איז געווען אַ געבענטשטע צייט פּאַר די „טרעגער פון אמת",

פאַר די שטירצער פון געטער, פאַר די וויזיאָנערישע טריבונען, פאַר די אויפשטעלער פון אַ נייעם סדר העולם פאַר דער צעטומלטער און שיר־ניט־צעשטויבטער אידישער מאַסע פון דער סוועט־שאָפּ־פּעריאָדע, וועדליק „אינם לאַנד דער פּיראַמידן"...

די וויזיאָנערן און אַרכיטעקטן פון דעם נייעם סדר העולם האָבן געדאַרפט האָבן די „ראשונים", די פונם ערשטן מנין, וואָס זאָלן אויפ־כאַפּן די וויזיע פון „באחרית הימים" און פּרובירן עס פאַרטייטשן אין טערמינען פון קעגנוועַרטיקן לעבן. ווי דער טוי פון הימל איז אַ זיווג צו די פּעטס פון דער ערד, אַזוי זיינען די ראשונים — די צוויבאַקס — געווען פאַר די לערער, פאַר די פּריידיקער, פאַר די טרעגער פון כל־ערליי נייע לוחות. די צוויבאַקס האָבן זיי אַנטקעגנגעטראָגן באַוואונ־דערונג, דערמוטיקונג, אינספּיראַציע, און, שפּעטער־צו, אויך ליים און ציגל.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אַט־דעם מין צוויבאַקישן צוטראָג צו אונזער לעבן, איז זיין באַשיידענע באַגריסונג צו אַב. קאַהאַנען, — געדרוקט אין „וואָכנבלאַט", פון 13טן אָקטאָבער, 1950, בעת מען האָט אין יענעם יאָר געפּייערט זיין 90סטן געבורטסטאָג:

„אין פאַרבינדונג מיט די פילע יום־טובים וועלכע זיינען געפּייערט געוואָרן היי־יאָר אַרום דעם 90טן געבורטסטאָג פון אַב. קאַהאַן, און, טיילוויז, אונטער דעם איינדרוק פון דער גלענצנדיקער און אומ־פּאַרטייאישער אָפּשאַצונג, געשריבן פון „וואָכנבלאַט"־רעדאַקטאָר אין דעם יום־טוב־נומער, וויל איך דאָ אויך צוטראָגן מיין וואָרט־בוקעט צו מיין לערער אַב. קאַהאַן, מיט דערציילן צוויי עפּיזאָדן פון זיין זייער רייכן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער ערשטער עפּיזאָד וואַרפט אַ ליכט אויף קאַהאַנס טאָלעראַנץ, כאָטש מען רעדט אָפט וועגן אים אַלס דיקטאַטאָר, עקסטרעמיסט און מענטש פון אומטאָלעראַנץ.

„ס'איז געווען אין יאָר 1912, ווען טעאָדאָר רוזוועלט איז דעמאָלט אַרויסגעפּאָרן אויף זיין פּאָליטישן „בול־מוז"־פערדל, און פּראָפ. יצחק אייזיק הורוויטש איז נאָמינירט געוואָרן אַלס קאָנגרעסמאַן אויף דעם „טיקעט" פון דער „בול־מוז"־פּאַרטיי. דער „פאָרווערטס", ווי אַ סאָ־ציאַליסטישע צייטונג, האָט דעמאָלט, נאַטירלעכערוויז, באַקעמפט די „בול־מוז"־פּאַרטיי, אַלס שונא פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

„אַ גרויסן רושם האָט אין יענע טעג געמאַכט אַב. קאַהאַנס אַן עדיטאָריעל א. ג. „אַ סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט אין אַ קאַפּיטאַליס־טישן מאַנטל", מיינענדיק מיט דעם פּראָפ. הורוויטשן. אין זעלבן גייסט האָבן פילע רעדנער, און קאַהאַן בתוכם, אויך גערעדט אויף די מאַסן־מיטינגען, צו וועלכע איך פלעג לויפן מיט גרויס אימפּעט.

„דער „פאָרווערטס" אין יענע יאָרן איז, אין זין פון פינאַנצן, ווייט

ניט געווען דאָס וואָס ער איז היינט. מען פלעגט אָפט מאַכן „קאָלעק־שאַנס" אין די שעפער, אויף פאַרזאַמלונגען, און מען פלעגט דורכפירן ספּעציעלע אונטערנעמונגען, ווי „עקסקורשאַנס", בעלער, א. אַז. וו. דער יערלעכער „פאָרווערטס"־באַל איז געווען די פּאָפּולערסטע אונ־טערנעמונג. אַרום דער אונטערנעמונג בין איך געווען אַקטיוו. איך בין יענעם יאָר געווען אין דער „רעספּשאָן"־קאָמיסיע, און האָב גע־קענט פון דער נאָענט באַאָבאַכטן די דעמאָלטיקע „גדולים".

„איינער פון די „פּיטשורס" פון דעם „פאָרווערטס"־באַל איז גע־ווען דאָס אויסטיילן פון די פּרייזן, פאַר מאַסקעס, וועלכן כבוד מען פלעגט צוטיילן צו די „גדולים" פון דער „באַוועגונג". און אָט זע איך אויף דער פּלאַטפאָרמע אַרויפגיין אַב. קאַהאַנען, און גלייך נאָך אים: פּראָפ. הורוויטש. געדענקענדיק דעם שאַרפן עדיטאָריעל פון „פאָרווערטס" קעגן הורוויטשן, האָב איך, פּשוט, מיינע אויגן ניט געגלויבט! בין איך נענטער צוגעטראָטן, און דערזען אַז דאָס זיינען טאַקע די צוויי פאַרביסענע שונאים. און ניט נאָר זיצן זיי איינער לעבן אַנדערן, נאָר זיי שמייכלען גאָר איינער צום צווייטן. און סודען זיך גאָר אָפט צווישן זיך.

„אָט־דאָס בילד פון קאַהאַנס טאָלעראַנץ האָב איך אָפט געניצט אין פאַרשידענע געזעלשאַפטן, סאָסייעטיס, ווען אידעאישע קעגנער האָבן פאַרזוכט אַריבערצוטראָגן זייערע פּרינציפּיעלע קאַמפן אויף דעם ריין־פּערזענלעכן באָדן, און פלעג זיי דערציילן דעם קאַהאַן־הורוויטש עפּיזאָד.

„דער צווייטער עפּיזאָד שטעלט אַרויס קאַהאַנען אין דער ליכט פון אַן אַרויסברענגער פון נייע שרייבער־טאַלאַנטן. און אָפּגעשפּילט האָט זיך דער עפּיזאָד אין גאַליציאַנער קוואַרטאַל פון ניו־יאָרק. אַ גאַליציאַנער ברענטש אַרבעטער־רינג — איך געדענק ניט וועלכער ברענטש עס איז געווען — האָט דעמאָלט איינגעאָרדנט אַ גרויסן פעסטיוואַל, און אַב. קאַהאַן איז געווען דער פעסט־רעדנער. י. אַדלער, אַ יונגער שרייבער, טרעט דעמאָלט אויף אין זיינער אַ הומאָריסטישער פאָרלעזונג, און נעמט מיט איר שטאַרק אויס ביי קאַהאַנען. אַב. קאַהאַן האָט אָפט פאַרזוכט די סאַטירישע פיילן פון אָט־דעם יונגן שרייבער, ווייל ער האָט מיטגעאַרבעט אין דעם „קונדס", וואו קאַהאַן איז געווען אַ ליבלינג־טעמע. און קאַהאַן האָט, נאַטירלעכערווייז, גע־וואוסט פון דעם. און דאָך האָט ניט לאַנג גענומען און ער האָט דעם גאַליציאַנער שרייבער פאַרוואַנדלט אין אַ ליטוואַק; אים אַריינגע־נומען אין „פאָרווערטס"; אים אַ נאָמען געגעבן „ב. קאָוונער", און אים געמאַכט וועלט־באַרימט.

„ווי איינער פון זיינע טויזנטער תלמידים, שליס איך זיך אָן אַן

די ברכות וועלכע שטראָמען צו אים איצט פון אַלע לאַגערן, און האָף, אַז אַב. קאַהאַן וועט דערלעבן נאָך פילע, פילע פייערונגען, און אַז ער זאָל נאָך קענען שרייבע נייע, פרישע בלעטער פון זיין פאַרברייכן לעבן."

***

ג

אויב צוויבאַקס ערשטער צוטראָג איז געווען זיין יוגנט־לעכער ענטוזיאַזם פאַר יענע אידייען און טעטיקייטן וואָס זיין איינגע־באָרענע אינטעליגענץ האָט אים געפירט אַהין, און אויב זיין צווייטער צוטראָג איז געווען צו העלפן אין די „קאָלעקשאָנס" אין די שעפּער און צו פאַרקויפן טיקעטס ווינטער פאַר בעלער און זומער פאַר עקסקור־סיעס, איז זיין דריטער צוטראָג — אפשר דער אייגנאַרטיקסטער — געווען זיין באַגריף פון זיך איינטיילן מיט זיין געלט און זיין אופן פון אויסטיילן זיינע שווער־פאַרהאָרעוועטע דאָלאַרן פאַר געוויסע יחידים און פאַר געוויסע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. כדי קענען גוט באַנעמען אָט־דעם צוויבאַקישן שטריך, דאַרפן מיר אויסהערן זיין דע־רינערונג, ווי אַזוי ער האָט זיך געראַנגלט מיט דעם מלאך הזהב, אין געיעג נאָך דעם ערשטן פאַרדינטן דאָלער אין גאָלדענעם לאַנד. ער איז ניט געווען פון די גרויסע מייסטער אויף דער פען, נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער מאַכן אַזאַ שרייבערישע אָנשטרענגונג, און אַזוי איז געווען זיין דערינערונג אין „וואָכנבלאַט", פון 22טן מאַי, 1942:

***

„וויכטיקע פאַסירונגען וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט ערשט נעכטן אָדער אייערנעכטן, ווערן גאַנץ אָפט צערונען און אָפּגעווישט פון אונ־זער זכרון. עס טרעפט אָבער ניט זעלטן, אַז אַ מינדסטע קלייני־קייט וואָס איז מיט אונז פאָרגעקומען אַמאָל, מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, האָט זיך איינגעגעסן אין אונזערע געהירן און מיר קענען זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

„אַזאַ מין „קלייניקייט" האָט מיט מיר געטראָפן, ווען איך בין, אַלס קליין אינגל, אָנגעקומען אַהער קיין אַמעריקע פון אַ קליין שטע־טעלע אין עסטרייך. ניט קוקנדיק דערויף וואָס איך בין דעמאָלט אַלט געווען ניט מער ווי עלף יאָר, זיינען זיך אַ סך אידן, אונזערע לאַנדס־לייט, צונויפגעקומען ביי אונז אין שטוב — אָפּנעמען אַ גרוס פון זייערע פאַרוואַנדטע און באַקאַנטע אין דער אַלטער היים. די גרוסן

וואָס איך האָב זיי איבערגעגעבן אויף מיין קינדערשן שטייגער און די שילדערונגען פון דעם היימישן קליינשטעטלדיקן לעבן האָט אויף זיי געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק.

„איינער פון די לאַנדסלייט, אַ איד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּוי־לישער גלח מיט אַ גרויסן בויך און מיט אַ גאָלדענער שפּילקע אין קראַוואַט, האָט מיט אַ שמייכל מיך אַ קניפּ געטאָן אין בעקל און גע־זאָגט:

„— ישראלקע, דו ביזסט אַ וואוילער בחור. דיינע בייעס וועגן מיין משפחה האָבן מיך ממש מחיה געווען און דערפאַר וועל איך דיך קומענדיקן זונטיק „אויסנעמען" און דיר ווייזן וואָס אַמעריקע איז. מיר וועלן גיין אויף „פאָורטינט סטריט". דו וועסט דאָרט זען אַזוינס, וואָס דו האָסט אויף דיין לעבן ניט געזען.

„דאָס וואָרט „פאָורטינט סטריט" איז מיר גלייך אַריין אין קאָפּ. אַ מאָדנע וואָרט, וואָס האָט מיך געמאַכט בייגעריק. און אַזוי ווי איך בין געווען אַ טשיקאַווער אינגל האָב איך באַשלאָסן טאַקע דעם זעלביקן טאָג אויסצוגעפינען וואָס דאָס איז אַזוינס „פאָורטינט סטריט" און וואו דאָס געפינט זיך. ווער האָט דאָס געקאָנט וואַרטן ביז זונטיק, אַז היינט איז ערשט געווען מיטוואָך?

„געוואוינט האָבן מיר אויף דער אַכטער גאַס. די געגנט איז נאָך דעמאָלט געווען באַוואוינט פון בלויז אידן. האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט און גענומען פרעגן ווי אַזוי מ׳גייט צו „פאָורטינט סטריט". נאָך אַ האַלבער שטונדע פרעגן און זוכן האָט מיר אַ איד, וואָס האָט גע־שטופּט אַ וועגעלע מיט אַלטע מאַטראַצן, ענדלעך געלאָזט וויסן, אַז: „אָט דאָ איז פאָורטינט סטריט".

„קראָמען מיט אויסגעפּוצטע פענצטער. מענטשן אין גוואַלדיקן געלאַף, אין גרויס איילעניש, גלייך ערגעץ האָט אויסגעבראָכן אַ פייער. דאָס געקלאַפּעריי פון די לויפנדיקע טראַמווייען און וועגענער און אויטאָמאָבילן האָבן מיך ממש טויב געמאַכט.

„איך בין אַריין אין איין קראָם, וואָס איז געווען אָפן, אינגאַנצן אָן טירן און אָן פענצטער. דאָרט אינעווייניק האָבן זיך געפונען אַזויפיל מענטשן — ממש דערשטיקט צו ווערן. אַ סך פון זיי זיינען געשטאַ־נען ביי אַזעלכע קליינע מאַשינדלעך און אַריינגעקוקט אין זיי און געלאַכט. מסתמא האָבן זיי דאָרט געזען עפּעס זייער שיינע זאַכן. אין קעשענע האָב איך געהאַט אַ גאַנצן קוואָדער. האָב איך אים אויסגע־ביטן אויף איינציקע פעניס, פונקט ווי אַנדערע האָבן דאָס געטאָן, און אָנגעהויבן אַריינוואַרפן אין די מאַשינדלעך. איך האָב דאָרט אינע־ווייניק געזען ווי מענטשן שלאָגן זיך, מאַכן קונצן, שיסן מיט רע־וואָלווערן און בחורים קושן זיך מיט מיידלעך. דערנאָך האָב איך גע־

קויפט צוקערקעס און ניסלעך. מיט איין וואָרט: איך בין פּאַרטיק געוואָרן מיטן קוואָדער און האָב נאָך אַפילו ניט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס „פאָורטינט סטריט" איז.

„אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס באַגעגנט מיך אַן עלטערער מאַן, זייער שיין און עלעגאַנט געקליידט. ער האָט אַפּנים באַלד דערקענט, אַז איך בין אַ „גרינער".

„— אינגעלע, — זאָגט ער צו מיר, — דו ווילסט פאַרדינען געלט?

„אַ פראַגע אַ ביסל, צי איך וויל פאַרדינען געלט? מיר איז באַלד געקומען אויפן געדאַנק, אַז אָט־דאָס איז אַמעריקע! די גאָלדענע מדינה! ערשט צוויי טעג ווי איך בין אַהער אָנגעקומען און שוין פרעגט מען מיך, צי איך וויל פאַרדינען געלט...

„און ער ווייזט מיר אַן אויף דעם גרויסן טשעמאָדאַן וואָס ער האַלט אין דער האַנט און זאָגט מיר, אַז אָט דעם טשעמאָדאַן דאַרף איך אים נאָכטראָגן וואוהין ער גייט, און אַז מיר וועלן ערגעץ אַריינ־קומען אין אַ הויז אָדער אין אַ געשעפט, דאַרף איך פון טשעמאָדאַן אַרויסנעמען די מוסטער־קליידער, וואָס ליגן דאָרט, און זיי אים דער־לאַנגען, צו ציינן פאַר זיינע קונדן.

„ער האָט מיר מבטיח געווען אַז אויב מיין אַרבעט וועט זיין צו־פרידנשטעלנד, וועט ער מיך ממש גליקלעך מאַכן. איך וועל זיך ביי אים באָדן אין געלט.

„איך האָב גאָרניט געטראַכט און איך האָב זיך גלייך אָנגעכאַפּט אין דעם גרויסן גליק. איך האָב אַפילו געוואוסט אַז אין דער היים וועט מען איבערקלערן וואוהין איך בין פאַרשוואונדן געוואָרן און מ׳וועט אַרדימלויפן מיך זוכן. איך בין אָבער פון דעם אומדערוואַר־טעטן פלאַן אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן, אַז מיך האָט דעמאָלט קיין זאַך ניט געאַרט. איך בין געווען זיכער, אַז ווי נאָר איך וועל אַהיימקומען, וועט דער טאַטע מיך כאַפּן קושן און זיך פרייען מיט מיין ערשטן פאַרדינטן געלט אין אַמעריקע.

„דער טשעמאָדאַן איז געווען גרעסער פון מיר און זייער שווער. מיר איז נאָר געווען אַ חידוש וואָס מיין נייער באַלעבאָס לאָזט מיך אַליין שלעפּן אַזאַ „באַנדורע" און העלפט מיר ניט צו אַ ביסל. נאָר מילא! דער געדאַנק אַז איך וועל באַלד ווערן אַ גרויסער פאַרדינער, האָט מיר געגעבן כוח צו שלעפּן אָט־די משא.

„מיר זיינען אַרויף אויף דעם „עלעווייטעד" און אַוועקגעפאָרן צו דער 125טער גאַס. דאָס פאָרן אַליין איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע געשעעניש.

„אויף דער 125טער גאַס האָבן מיר גענומען שפּאַנען פון הויז־

צו־הויז. מיין באַלעבאָס פלעגט אומעטום צייגן זיין סחורה, וועלכע איך פלעג אַרויסנעמען פון טשעמאָדאַן און אים דערלאַנגען. דער טשעמאָדאַן איז ביסלעכווייז געוואָרן גרינגער און גרינגער. ווען עס איז שוין געוואָרן גוט פינצטער האָבן מיר זיך געלאָזט אַהיים.

„גייענדיק צום עלעווייטעד־סטיישאָן האָט מיין באַלעבאָס שטאַרק געלויבט מיין אַרבעט. ער האָט מיך געהייסן מאָרגן ווידער קומען אויף „פאָורטינט סטריט“. פאַר היינט וועט ער מיר דערוויל באַצאָלן אַ דאָלער און אַ האַלב. איך האָב זיך געפילט דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

„ער האָט זיך שוין גענומען צו דער קעשענע מיר צו באַצאָלן, ווען פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אַז אין דעם לעצטן הויז האָט ער אויפן טיש געלאָזט ליגן אַ זיידענע קלייד, פאַר וועלכער מ׳האָט אים ניט באַצאָלט.

„— לויף צוריק, אינגעלע, און ברענג דאָס קלייד, — האָט ער מיר באַפוילן, — אָבער שנעל! אויף איין פוס!

„איך לויף צוריק אָן אַ נשמה, זאָגט מען מיר, אַז מיר האָבן דאָרט גאָרניט פאַרגעסן.

„בין איך שוין געלאָפן צוריק — איך האָב אָבער מיין באַלעבאָס ניט געטראָפן. ער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרן.

„נאָך עד היום וואונדער איך זיך, וואוהין ער איז אַזוי שנעל פאַרשוואונדן געוואָרן.

„און פון מיין גליק האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

„איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרצווייפלטער. וואָס טוט מען איצט? ווי קומט מען אַהיים, אַז איך האָב אַפילו קיין סענט ניט אין קעשע־נע? און דערצו עגבערט מיר אין מוח דער געדאַנק, אַז אין דער היים לויפט מען אום און מען זוכט מיך.

„האָב איך אויפסניי גענומען פרעגן ביי מענטשן ווי מ׳גייט צו „פאָורטינט סטריט“. איך בין געגאַנגען צופוס און ערשט אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט האָב איך דערקענט דאָס פאַרקל, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון אונזער הויז.

„אריינקומענדיק אין הויז, מיד און צעבראָכן, האָב איך געטראָפן דעם טאַטן אַ פאַרזאָרגטן. אין שטוב האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע אידן, אונזערע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג אַרומגעלאָפן מיך זוכן. זיי זיינען שוין אַ פאַר מאָל געווען אין פאָליס סטיישאָן.

„אויף די פראַגעס וואו איך בין געווען די גאַנצע צייט, האָב איך מורא געהאַט צו ענטפערן.

„און פיר צענדליק יאָר זיינען שוין באַלד פון דעמאָלט אָן אַוועק, אָבער אָט די קליינע פּאַסירונג מיט מיינע ערשטע „פאַרדינסטן“ אין

אַמעריקע שטייט נאָך מיר איצט פריש און לעבעדיק פאַר די אויגן — אַ פּאַסירונג וועגן אַ דערוואַקסענעם, ברוטאַלן מענטשן, וועלכער האָט אָן רחמנות אַריינגעגאָסן דעם ערשטן טראָפּן גיפט אין דעם האַרץ פון אַ קליין אינגל, וואָס האָט ערשטע מיט עטלעכע טעג צוריק אַרויפגעשטעלט זיין פוס אויף דעם באָדן פון דעם פיל־פאַרשפּרעכנדיקן גאָלדענעם לאַנד.״

***

ווען מיר האָבן זיך איצט באַקענט מיט דעם שטיק געזונט וואָס דער עלף־יעריקער פאַרדינער האָט אַוועקגעלייגט אויף צו דערווערבן דעם אַזוי־געררייצטן אַלמעכטיקן דאָלער, קענען מיר איצט צוקומען צו דעם שליסל פון זיין צדקה־פילאָסאָפיע, וועלכע שטיצט זיך אויף זיין סופער־אָריגינעלן אויסטייטש פון מעשר. „מעשר״ — האָט געטייטשט דער שטענדיק־שווער־פּראַצעדיקער סעם צוויבאַק — איז דער טייטש, אַז אַ צענטל פון מיינע פאַרדינסטן זאָל איך פאַרווענדן אויף זיך, און ניין צענטל אויסטיילן פאַר די פיל־נויטיקערע הצטרכותן פון פאָלק, פון קלאַס, פון לאַנד, פון מענטש, פון וועלט.

און ווייל ער האָט זיך תמיד כמעט געהאַלטן ביי די זיילן פון אָט־דעם פּירוש אויף „מעשר״, פלעגט ער, געוויינלעך, אַרויסרופן ביי די פאַרשיידנאַרטיקע קרייזן וואו ער האָט זיך באַטייליקט און זיך נוצלעך געמאַכט פאַלשע פאַרשטעלונגען וועגן די גרויסע פאַרמעגנס זיינע. דער אמת איז, אַז פאַר די לעצטע 12־13 יאָר וואָס איך בין פריווילעגירט געווען צו קענען אים מער־ווייניקער אינטים, איז ער געווען אַ יגיע־כפּימניק. ער און נאָך אַן אַרבעטער, אַ פּאַריער, אַ שותּף זיינער, האָבן געאַרבעט יומם ולילה פאַר זיך, אָנשטאָט צו אַרבעטן ביי יענעם, און זיין אָנגעוויזן אויף יענעמס חסד און אויף יענעמס קאַפּריזן — חוץ די קאַפּריזן פון דער אינדוסטריע גופא. זייענדיק אַ זעלטענער מייסטער־פּאַריער און אַריינאַרבעטנדיק דערצו, אין דורכשניט, אַ וועלכע צוויי וואָכן אַרבעט־צייט אין איין וואָך, און דערצו ניט וויסנדיק פון קיין „סיזנס״ און פון קיין „סלעק״, האָט אים דער אויבערשטער, פאַרשטייט זיך, געבענטשט מיט פרנסה — פאַר זיך און מער נאָך פאַר גאָר דער וועלט, וועלכע האָט אויסגעקוקט אויף זיין מתנת־יד, און וואו קיינער איז פון אים קיינמאָל מיט ליידיקן ניט אַוועק.

ד

דער פאַרשטאָרבענער שרייבער גרשם באַדער, וועלכער האָט, צווישן פילע, פילע, שרייבערישע טעטיקייטן זיינע אויך ניט פאַרגעסן אָן דעם „וואָכנבלאַט״ און פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט זען

צו ווערבירן נייע פריינט פאַר אונזער צייטשריפט, האָט אונז משדך געווען מיט צוויבאַקן. די געלעגנהייט איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ יום טוב ביי צוויבאַקס ליבלינג־אָרגאַניזאַציע — „די זשאַלקיעווער". אָט־די סאָסייעטי, איינע פון 5־4 טויזנט אַזעלכע אין ניו־יאָרק, איז, אָבער, געווען די באַזע, פון וועלכער סעם צוויבאַק האָט אַרויסגע־שאָסן זיינע וואונדער־מעשהלעך, ווי אַל־פּאַרביקע ראַקעטן, איבער דעם געזעלשאַפטלעכן אידישן הימל. אָפיציעל איז ער געווען דער סעקרע־טאַר. אָבער געווען איז ער צו יעדן מיטגליד פון זיין סאָסייעטי ווי אַ געטרייער פאָטער און אַ בריה אַ מוטער גם יחד. וועגן וואָס האָט מען זיך ניט געווענדט צו אים, און מיט וואָס איז ער ניט געקומען צו הילף יעדן איינציקן פון זיינע לאַנדסלייט? מען קען אויסרעכענען, אויף טשיקאַווועסט, עטלעכע אַלף־ביתן פון צוויבאַקס עסקים מיט זיינע שטעטלשע ברידער. נאָר לאָמיר נעמען, אַלס אילוסטראַציע, איין אַלף־בית אַזאַ: אַרבעטסלאָזיקייט, בר־מצוות, גיטן וקידושין, דירה־געלט און „דיספּאָזעסעס", הלוואות, וועכנטלעכע בענעפיטן, זשאַל־קיעווער היימישע אינסטיטוציעס, חתונות פון לאַנדסלייט, טעאַטער־טיקעטס, ליום טובים און יובילעאומס, כלהשע אויסשטאַטונג, ליידיס־אָקזילעריס, מעות־חיטים, נייע „מעמבערס", „סלעקס" און „סיזנס"־פּראָבלעמען, ערוויילונג פון באַאַמטע, פּאָליטישע אינטריגעס, צאָלונג פון בילס, און צרות פון קינדער, קאָרד־פּאַרטיס, רעליף־געלטער, שרייבן בריוו פאַר יעדן איינעם און תורה־אַנשטאַלטן — אונטערשטיצן. אָט־דאָס איז נאָר איין הויפן פון פראַגן מיט וועלכע יעדער זשאַלקיע־ווער לאַנדסמאַן איז געקומען צו צוויבאַקן, און ביי זיין שוועל איבער־געלאָזן זיין פּעקעלע קאָפּ־דרייעניש, און פאַרדרייענישן און דער געדולדיקער צוויבאַק האָט פאַר יעדן איינעם — אין זיין סאַמע גרעס־טער פאַרנומענקייט — געהאַט געדולד אויסצוהערן יענעמס צרות און פאַנאַנדערנעמען יעדנס פּלאָנטער באַזונדער.

אָבער דאָס איז נאָר געווען איין זייט פון אָט־דער צוויבאַקישער מטבע. אויף דער אַנדער זייט פון דער מטבע איז געווען די מטבע גופא, וועלכע צוויבאַק האָט געגעבן — מערסטנס — מיט אַ ברייטער האַנט פון זיין אייגענער קעשענע און האָט עס קרעדיטירט אויפן חשבון פון דער סאָסייעטי. קאָנקרעט גערעדט, האָט ער דעם גרעסטן טייל פון די ניין צענטל פון זיינע פאַרדינסטן קאַנאַליזירט דורך באַנקעטן און דורך סואווענירן־זשורנאַלן. דער אַרבעטער צוויבאַק פלעגט זיך, גע־וויינלעך, נוהג־זיין ווי ער, דער יחיד, וואָלט געווען אַ בכבודיקע אָרגאַ־ניזאַציע און פלעגט קומען צו די כלערליי קאָסטבאַרע באַנקעטן מיט אַ „טיש", ד. ה. מיט זיין אייגענעם מנין מענטשן צו אָט־די באַנקעטן, — איבערהויפּט צו די כלערליי יום טובים פון דעם„גאַליציאַנער פאַר־

באַנד״. פֿאַרשטייט זיך, ער פֿלעגט נאָך מיטברענגען קאָסטבאַרע משקאות — אַלאַ צוויבאַק! אין די סאוועניר־זשורנאַלן פֿון די נעמלעכע גרויסע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס פֿלעגט צוויבאַק „קויפֿן״ פֿולע זייטן און באַצאָלן פֿאַר דעם בשקל הקודש. די מערסטע וועיטערס האָבן שוין גוט געקענט צוויבאַקן, — ווייל זיין „טרינק־געלט״ האָט געהאַט אַ שם אין די ניו־יאָרקער האָטעלן און רעסטאָראַנען.

## ה

ווי איינער וואָס איז אויסגעוואַקסן „אויף די טראָטואַרן פֿון ניו־יאָרק״, האָט ער אינטים געקענט ניו־יאָרק, און האָט געוואוסט פֿיל פֿון אירע פֿאַרבאָרגנקייטן און איז באַהאַוונט געווען אין ביט־ווייניק פֿון אירע עקסקלוסיווע און לאָקנדיקע פֿלעצער. אַם־מערסטן איז ער געווען בקיא אין דער רעסטאָראַנען־ מלוכה, און האָט געוואוסט די באַ־זונדערקייט פֿון יעדן וויכטיקן מין רעסטאָראַן אין שטאָט. אין איין אָוונט נאָר — ווען ער פֿלעגט זיך פֿילן אויפֿגעלייגט — פֿלעגט ער קענען באַזוכן דריי־פֿיר באַזונדערע מינים רעסטאָראַנען און טראַקטירן זיינע מיטגייער מיט „עפּעס אַנדערש״. מיט אידישע שרייבער, צו ווע־מען ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט, פֿלעגט ער ליב־האָבן גיין אין „ראָיאַל״, צו „סיגלס״, צו „גלוקשטערנס״ און אין אַ ריי רומע־נישע וויינקעלערס. מיט „סאָסייעטי־ברידער״ פֿלעגט ער זיך לאָזן וואוילגיין אין די בעסטע מילכיקע רעסטאָראַנען פֿון 2טע עוועניו און דילענסי סטריט.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז ער האָט ניט דורכגעלאָזן קיין אידישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונג, קיין קאָנצערט און ליטעראַרישן אָוונט, פּונקט ווי ער פֿלעגט מיט כבוד אויפֿנעמען יעדן צוגעשיקטן אידישן בוך און פֿלעגט קויפֿן אַלע אידישע צייטונגען און זשורנאַלן.

## ו

אין דער מלוכה פֿון „וואָכנבלאַט״ איז ער געווען פֿון די סאַמע פּראָמינענטסטע בירגער. חוץ זיין שרייבערישע מיטאַרבעט, איז דער צוויבאַק־טיש געווען תמיד פֿון די ערשטע ביי די פּאַראַדנע אונ־טערנעמונגען פֿון דער צייטשריפֿט. ביי יעדן נייעם פּראָיעקט לטובת דעם זשורנאַל איז ער געווען פֿון די ערשטע און ברייט־געבנדיקסטעביישטייערער. זיין סאַמע לעצטע אונטערנעמונג איז געווען זיין באַל־דיקע מיטאַרבעט אין דער גרינדונג פֿון דעם נייעם „פֿאַרבאַנד״־צווייג 360, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פֿון ה׳ לואי בלאָק, אויף אַ קאָנ־

פערענץ פון לאַנדסמאַנשאַפטן אין ביאַליסטאָקער צענטער, אין שייכות מיט מיין אַזוי־גערופענעם 50־יאָריקן יובל. פאַראַיאָרן, אויף דעם ערשטן ניי־יאָר באַנקעט פון דעם ליבמאַן־צווייג 360 א. נ. אַ. פּ. אין רענד־סקול, האָט ער, אַ יום־טובדיקער, אַריינגעמאַרשירט אין זאַל, אין דער באַגלייטונג פון אַ חשובער קולטור־טוערין פון מעקסיקאָ, און, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט אַ פלאַש קאָסטבאַרע משקה. דער אָוונט איז געווען אַ זייער געראָטענער, און צוויבאַק איז באמת דעמאָלט געווען „אין דער הויך פון די הימלען״.

ער האָט זיך אומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן פון קלוב־צימערן פאַר דעם צווייג און פאַר דער „וואָכנבלאַט״־משפחה, און ווער ווייסט מיט וויפל נאָך אייגנאַרטיקע פּלענער און חלומות דער אָפּט־עקזאַלטירטער מענטשן־פרינץ האָט זיך אַרומגעטראָגן, ווען ניט דער גרויזאַמער מלאך וועלכער איז אים, צו דער רגע, געקומען באַגעגענען אויף דעם אומ־פאַרמיידלעכן ראַנדעוואו — איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו דערקלע־טערן צום יונגן עלטער פון איין־און־זעכציק יאָר.

# מ. ירדני*)

## א

**די** ראַם פאַר דעם פּאָרטרעט פון מיין איצטיקן העלד — דער אינגסטער, זיכער, אין יאָרן, פון מיין באַשיידענער צווייטער סעריע „בויער און שאַפער פון מיין דור" — קען, אויב מען וויל, לשם טעאָרעטישער הנחה, אויפגעבויט ווערן אין אָט־דעם איין־איינציקן משנה־זאַץ: ער האָט אָנגעהויבן אין די אינגל־און־בחור־יאָרן, אַלס מאָטל שערמאַן, זיין שליחות אויף גאָטס ערד, מיט אַריינזאַפּן אין זיינע רמ"ח אברים און שס"ה גידים מטוב הארץ פון דעם באָדן־שפע פון דריי קאָנטינענטן אידישן, וועלטלעכן און פּאַכמענישן וויסן באהלי של שם ויפת; האָט באַקומען, אין זיין צווייטן גורלדיקן לעבנס־עטאַפּ, מוזיקאַלישע השתלמות און קינסטלערישע פליגלען אין דעם בית־ועד פון דעם חד־בדרא חיים נחמן ביאַליק, דורך וועמעס שם המפורש זיין איינגעבאָרענע שירה האָט גענומען, מתיקותדיק נתגלה־נתעלה ווערן און אויפגיין ממש פאַר דעם שר־הנגינה, וואָס אין די הויכן פון די הימלען; איז, נאָך אַ ריי געראַנגלונגען, אַרונטער, מעטעאָריש, אויפן עולם התחתון — צוריק אויף דער האַרטער ערד פון קאָלאָמבוסעס מדינה, אין אויסטשוכענדיקן וואַנדער דורך הי־אידישע פּלאַכלאַנדערייען און שרייב־לאַנדישע מדבריותן, ביז זיין ענדלעכן לאַנדן,



*) וועמעס אמתער נאָמען איז געווען מאָטל שערמאַן.

ווי אַן אויסגעניכטערטער טרוימער־זינגער און אין פאַנצער־פאַר־וואַנדלדיקער קעמפער־דורכברעכער גם יחד, אין ריטעריש־רעוואָלו־ציאָנערער פאָזע־ניט־פּאָזע, אָנצוהייבן זיין דריטן ביים־שווועליקן לעבנס־עטאַפּ — אונטער דעם דגל־זעגל פון חברה מחנה אנשי־„וואָכנבלאַט״.

אין די קינפטיקע זאַצן, פּאַראַגראַפן און פרקים וועל איך, מיט גאָטס הילף, פּרובירן מסביר זיין, באַשטעטיקן און מיט פּענזל־שריפט אויספילן אַט־דעם איינעם־ערשטן משנה־זאַץ, וועלכער דינט מיר סיי אַלס מאַסשטאַב צו מעסטן די כוחות, די פּאָטענציעלע און שעצן־שאַצן די ווערק וואָס אין רייפקייט־געשאַפענע און וואָס דינט מיר אויך אַלס ראַם, אין וועלכער מיין איצטיקער פּאָרטרעט זאָל קע־נען קריגן זיין האַרמאָנישע חיצוניותדיקע בלענדונג און אַ לפּי־ערכדיקע שלמות — ווענדליק די מעגלעכקייטן פון אַ שנעל־שטריכיקער צײ־כענונג.

ב

אין מסביר זיין מיין ערשטן זאַץ וועל איך נעמען צו הילף די פּרי־העט, די געראָטענע וואָרט־פּרות פון מיין העלד גופא, וועמעס סטיל צייכנט זיך אויס, חוץ אַנדערע מעלות, מיט קלאָרקייט און מיט הסברהדיקייט. און אָט־אַזוי וועט ער פּאָרטייטשן מיין פּראָזע וועגן אַריינזאַפּן אין זיך „מטוב הארץ פון דעם באָדן־שפע פון דריי קאָנטי־נענטן אידישן, וועלטלעכן און פאַכמענישן וויסן באהלי של שם ויפת״:

„אויף די פעלדער פון דער רייכער, פעטער וואָלין, וואו מיין לעבן איז צוערשט אויפגעגאַנגען, האָב איך טיף איינגעזאַפּט אין זיך, צוזאַמען מיט מיין דערציאונג אויף תנ״ך, גמרא און דער העברעאישער ליטעראַטור דאָס געזאַנג פונם אוקראַינער סאָלאָוויי. דערנאָך איז גע־קומען אַמעריקע מיט איר קולטור, ליטעראַטור און מוזיק, צו וועמען איך בין צוגעפאַלן אַ דאָרשטיקער אין עלטער פון 15 יאָר. און שפּע־טער — ארץ־ישראל, וואו איך האָב זיך אָנגעשיכורט מיט די טיפע בלויקייטן פונם ארץ־ישראלדיקן הימל; דעם גאָלד פון דער אייביקער ארץ־ישראלדיקער זון; דעם זילבער פון די גרויסע ארץ־ישראלדיקע שטערן, און מער פון אַלץ: דעם זאַפּט פונם אָריענטאַלישן מזרח־קלאַנג, אָריענטאַלישן מזרח־מאָטיוו, וואָס האָט זיך מיט זיין פולער פּראַכט און כישוף צו מיר אַריינגעגאָסן און איז געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון מיין געזאַנג — אויף דער קאָנצערט־בינע, אויף דער ראַדיאָ און דורך רעקאָרדס!

„דער וועג פון אַ אידישן קינסטלער איז אַן אומגעהויער שווע־רער — דאָך דאַנק איך און לויב גאָט יעדן טאָג פאַר דער ברכה וואָס ער האָט מיר געגעבן: „אין דיין געזאַנג זאָלסטו לעבן!״.

אַט־דער פּירוש איז פון מ. ירדניס אַן „אני־מאמין״־אַרטיקל, גע־דרוקט אין דעם אַרגענטינער זשורנאַל „דער שפּיגל״, אין יולי־נומער, פון יאָר 1948.

אין דעם זעלבן קאָנפעסיאָנעלן געמיט דעקלאַרירט ער אינם נעמלעכן אַרטיקל צווי פּאָר אים כאַראַקטעריסטישע קרעדאָס:

„זינגען און שרייבן איז געוואָרן דאָס געפעס אין וועלכן איך גיס אַריין אַלע מיינע געפילן — עטישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע. האַלטן הויך די פאָן פון מיין געזאַנג, ווי די פאָן פון מיין שרייבן, זיינען פון די וויכטיקסטע מאָטיוון פון מיין לעבן.

„כ׳האָב קיינמאָל נישט געחלומט פון רייכטום, אָבער איך האָב אַלעמאָל געחלומט פון — שיינקייט, דערהויבנקייט און יום־טוב!

„און איבערהויפּט: יום־טוב פון וואָרט, און יום־טוב פון — קלאַנג!״

ג

און אַזוי, מיט גאָטס הילף, מיטן לייענערס געדולד און, מיט דער מיטשפּיל פון מיין אַלזייטיק־באַגאַבטן בעל־טעמע וועלן מיר עקסקורסירן פון איין פראַזע מיינער צו אַ צווייטער אינם פאַרזוך צו געבן הסברה און באַשטעטיקונג.

וואו־ווען־ווי האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן און אַרויסווייזן דער כאַ־ראַקטער פון דעם מענטשן וואָס האָט אין זיין פריען עלטער געקראָגן וועלט־באַרימטקייט? מ. ירדני דערציילט עס טרעפלעך אין זיין וואַרעמען און ליריש־האַרציקן נוסח־וואָרט, אין זיין וויכטיקער אויטאָ־ביאָגראַפישער דערציילונג „די דריטע מצה״ (געדרוקט אין פּסח־נומער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, פון יאָר 1952):

ד

ביזן 15טן יאָר האָט די אוקראַינישע „שוואַרצע ערד״ אים גענערט מיט אַלץ וואָס זי איז נאָר געווען געבענטשט: מיט בייזע מלמדים און מיט מעסיקערע לערער פון די ביי־אויפגעקומענע חדרים מתוקנים; מיט אינטימע ידיעות אין דער העברעאישער ליטעראַטור און מיט אַ הויך־שול פון אַ פּעטליורישן פּאָגראָם; פון זיין היימיש אין די תדרי־חדרים פון די אידישע פאַרטייען ביז אַ נייגעריקן אַריינבליק אין די פענצטער וואו עס האָבן, אין רייען, געפלעמלט רויטע ליכטער... זיינע זשוואָווע אויגן האָבן בליצן־אַרטיק וואו־נאָר־וואו געזוכט, אין פּאָרש, און זיינע וואַכזאַמע אויערן האָבן מער־און־מער אין זיך אַריינ־גענומען — איינגעזאַפּט. און מיט דעם „טוב הארץ״ איז ער אָנגעקומען

צום טאַטן אויפן צווייטן קאָנטינענט, וועלכן איינער, אין געלאַף פון אַ דעמאָלטיקן פעטליורא, האָט פאַר אים ווי אָנגעגרייט...

פאַר די אַכט יאָר וואָס מאָטל האָט דעם טאַטן ניט געזען, איז אים נאָך אַלץ ניט פאַרשוואונדן פון זיין שמיעה דער אָנזאָג פון טאַטן „פון גיין יעדן טאָג אין חדר אַריין". און אויך דאָ, אין נייעם לאַנד, שוין נאָך די רעוואָלוציעס (די רוסישע) און נאָך די דעקלאַראַציעס („באַלפור") האָט ער ווייטער געמוזט — און געוואָלט — ציען דעם חדר־ניגון... נאָר דאָ, אין פילאַדעלפיע, איז דאָס געוועזן די ישיבה „משכן ישראל" פון דעם שם־יחוס און פּראָפעסאָר האַקסיס „סקול אָוו מיוזיק ענד דראַמאַ", פון דעם יפת־צד... וואו ער האָט געלערנט, אין לויף פון דריי יאָר, מוזיק און דראַמע, פאַראַלעל מיט זיין פאַרטיפן זיך אין דעם ים התלמוד...

און מיט דעם „טוב הארץ" וואָס אַ געראָטן און מתמיד־מעסיקער זון קען נאָר געניסן פון אַן ארץ זבת חלב ודבש, האָט ער, אין יאָר 1928, אַריבערגעשפּרייזט ימים און אָקעאַנען כדי באַטרעטן דעם יבשה־באָדן פון דריטן קאָנטינענט — צום פאַרבענקטן לאַנד פון זיינע אָבות־אבותינו.

ה

די נגינה, וואָס איז אים איבערגעגאַנגען בירושה פון זיין טאַטן, דעם בעל־תפילה, האָט זיך געזאַפּטיקט מיט דער סלאַווישער מעלאָ־דישקייט איבער די אוקראַאינישע פעלדער און געדבקהט מיט די אור־אידישע הויפּט־טענער פון די אידישע שטיבער, חדרים, ישיבות און בתי מדרשים, און איז, אין עצם, ניט געשטערט געוואָרן מיט דער פּאַכמענישער דערלערנונג און דערוווערבונג פון אַן אַלגעמיינער מוזיקאַלישער עשירות — האָט, ענדלעך, געפונען איר תיקון אונטער די תכלת־הימלען פון ארץ־ישראל, אונטער דער דירעקטער השפּעה פון חיים נחמן ביאַליק, וועלכער האָט זיך היפּש פאַרנומען מיט פירן אים צו די נאַציאָנאַלע מקורות, פון וואַנען צו שעפּן די עכטע אידישע קלאַנגען. אין די אַכט יאָר פון זיין באַהאַפטן ווערן מיט דאָס נייע און מיט דאָס אַלטע פון ארץ־ישראל האָט ער ניט איין אידישן פאָ־קולטעט פאַרענדיקט און זיי זיינען, איבערהויפּט, געווען די געהעריקע צוגרייטונג צו געשטאַלטן זיך, פריער אַלס דער „פּאַלעסטינער זינגער" און שפּעטער, שרייבעריש, אַלס דער בעל־חלום אין וואָרט. קומענדיק צוריק קיין אַמעריקע אין 1936 האָט זיין שטערן אויפן מוזיקאַלישן הימל אויפגעלויכטן מיט גליאיקער קלאָרקייט אַלס אָריגינעלער אויס־טייטשער פון אידישע און העברעאישע לידער. „יפים הלילות", „למולדתי", „באה מנוחה", „זמרי לי" און „שיר החליל" זיינען

אין אַ גאָר קורצער צייט, אַ דאַנק זיינע אָפטע אויפטריטן אויף דער ראַדיאָ און אויף קאָנצערטן, געוואָרן פון די באַרימטסטע לידער צווישן דער נאַציאָנאַל־אינספּירירטער אידישער יוגנט פון אַמעריקע. די אַנגעזעענסטע „רעקאָרד״־פירמעס פון אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן פּראָדוצירן זיינע לידער און תפילות, וואָס דאָס האָט זיין נאָמען — אין עלטער פון 27־28 יאָר — געגעבן נאָך גרעסערן פּרסום. מען הויבט אים אָן אַרויסרופן איבער דער וועלט, און מיר לייענען באַגייסטערטע אָפּרופן וועגן אים אין דער אידישער וועלט־פּרעסע. דער באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מיכל געלבאַרט שרייבט וועגן אים אין אונזער אייגענעם זשורנאַל, טאַקע אין „וואָכנבלאַט״, פון 14טן פעברואַר, 1942:

„ירדניס לירישע שטימע (אַ טענאָר) און האַרציקע אויסטייטשונ־גען פון די ארץ־ישראל־לידער, האָבן אים געשאַפן צענדליקער טויזנטער חסידים, וועלכע הערן זיך צו צו זיינע וועכנטלעכע ראַדיאָ־פּראָגראַמען״.

אַברהם וויסבוים, באַקאַנטער פעליעטאָניסט אין מעקסיקאָ, שרייבט אין זיין פעליעטאָן „מאָלע וואָס מ׳רעדט״ („דער וועג״, אָקטאָבער 13, 1951): „דער באַרימטער זינגער און אויסטייטשער פון אידישן און העברעאישן ליד, מרדכי ירדני, איז שוין ביי אונז געווען אין מעקסיקאָ מיט אַ דריי יאָר צוריק און האָט אַלעמען אַנטציקט אויף זיינע קאָנ־צערטן פון אידישע און ארץ־ישראל־לידער. איצט האָט ירדני אויך באַוויזן, אַז ער איז אויך אַ גרויסער עמוד־קינסטלער. ער האָט גע־דאַוונט ימים־נוראים אין דער גרויסער „נדחי־ישראל״ שול. אַזאַ געשמאַקן דאַווענען, מיט אַזאַ טיפן געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר די ימים־נוראימדיקע תפילות, אַזוי זאָגן דעם „הנני העני ממעש״, מיט אַזאַ האַרציק־טיפן נשמה־ציטער, מיט אַזאַ השתפכות־הנפש, האָט מען נאָך ביי אונז אין שול נישט געהערט״.

דר. ל. זשיטניצקי, באַוואוסטער טעאַטער־ און מוזיק־קריטיקער, אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, אין אַן אַרטיקל אונטערן קאָפּ „דער ערשטער אויפטריט פון מרדכי ירדני״ אין „די פּרעסע, פון 14טן יולי, 1948, שרייבט פאַכמעניש: „מ. ירדני ווייסט וואָס און ווי און קען זינגען, אומאָפּהענגיק פונם דיאַפּאַזאָן פון זיין שטים. ער איז אַבסאָלוט מוזיקאַליש, פאַרמאָגט אַ רייכן חוש צו וואַריאירן און צוגעבן קאָליר־פולקייט דער מוזיקאַלישער אינטערפּרעטאַציע, קען און באַווייזט אַריינצודרינגען אינם מקור פון דער נגינה, זינגט מיט האַרץ און מוח, מיט סענטימענט און אינטעליגענץ, ווייסט וואו און ווי אַזוי שטעלן דעם טראָפּ אויפן וואָרט, אויפן בינדן די אויסגעצוונגענע פראַזע, באַחנט זי מיט איידלקייט און פיינקייט — און אַ דאַנק דעם איז טאַקע

זיין ערשטער אויפטריט אין טעאַטער „סאַלעיל" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריכטיקער קולטור־ און קונסט־אַקט".

דעם זעלבן טאָג און אין דער זעלבער שטאָט האָט קאָמענטירט שמואל ראַזשאַנסקי, באַקאַנטער טעאַטער און מוזיק־קריטיקער אין אַרגענטינע, אין אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל „וועגן קאָנצערטן" אין „די אידישע צייטונג": „אַז אַ זינגער און אַ חזן, וואָס איז ביי אונז איבגאַנצן אַ פּנים־חדשות, זאָל גלייך צו זיין דעביוט אויפטרעטן אין אַ פול־באַזעצטן טעאַטער, איז בלי־שום ספק אַ גרויסער חידוש. מרדכי ירדני איז, הפּנים, אַ גרויסער בר־מזל. אין דעם גוטן מזל האָט זיכער אַ היפּשן חלק, וואָס ער איז, ירדני, אַ שרייבער מיט אַן איידעלער באַציאונג צו נגינה און צו וועמעס ערשטן קאָנצערט עס איז געקומען די גאַנצע שרייבער־ און קינסטלער־משפּחה פון בוענאָס איירעס. ירדני איז אַ מתיקותדיקער אינטערפּרעטירער פון ליד און תפילה. אַ קליינע שטימע, אַ לירישער טענאָר, דער עיקר מיט אַ ווייכן גרונט־טאָן. מאָמענטנווייז דאַכט זיך אויס אַז נישט מ'הערט זינגען, נאָר שפּילן אויף אַן אוקאַלאַלע... אַז ער הויבט אויף דאָס קול, קלינגט עס ווי אַן עכאָ, ווייט, ווייט, ווי געזאַנג אין פעלד. ירדני לייגט דעם אַקצענט אויפן אויסטייטשן דאָס ליד און תפילה. און ער איז שטעלנווייז פּרעכטיק אַלס פאַרטייטשער און אַריינטייטשער. מיט יראת־הכבוד פאַר געזאַנג, מיט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר דער אוידיטאָריע, אינטעליגענט, איידל, ערנסט, מיט פּיעטעט, מיט פיינער האַלטונג, וואָס פאַרשאַפט אַ נחת־רוח. דער קאָנצערטיסט אַ מיטלוואוקסיקער, איז אויסגעוואָקסן אויף דער בינע. קלאַסיש אין האַלטונג, מיט מאָס, אָן ראַשיקע זשעסטן. אידישלעך און דאָך גרויסוועלטיש. ירדני האָט אַ שיינעם פאַלצעט. ער קען בכלל די קונסט פון זינגען, נאָר דער עיקר איז ער אַ בריה אין פאַסאַזשן צום פאַלצעט."

פון אַרגענטינע ביז מעקסיקאָ איז — ווי זאָגט איר? אַ קאַצן־שפּרונג... שרייבט וועגן אונזער קאַוואַלעראָ דער אויטאָריטאַטיוועסטער מוזיק־קריטיקער פון מעקסיקאָ, סאַלאָמאָן קאַהאַן („דער וועג", מעקסיקאָ, 2טער מערץ, 1948): „מרדכי ירדני איז צווישן דער פּלעיאַדע פון אידישע אינטערפּרעטירנדיקע קינסטלער אפשר דער איינציקער, וואָס האָט אַ פילאָסאָפישן צוגאַנג צו זיין טעטיקייט אויף דער קאָנצערט־בינע, ווי אויך ביים עמוד. ער געהערט נישט צו די, וואָס זינגען „פריי, ווי דער פויגל". טיף אינם וועזנטלעכסטן וועזן פון דער אידישער נגינה איז ער אַריינגעדרונגען, און ער האָט דאָרט געפונען דעם אידנס ספּעציפישן צוגאַנג, דעם אויסדרוק, דעם קנייטש, וואָס מאַכט איר איינציק אינם גרויסן אָרקעסטער פון נאַציאָנאַלע אויסדרוקן דורך דער פּענטאַגראַמע. „אַ איד זינגט נישט קיין אַריעס, אַ איד

ברומט אַ ניגון" (ירדניס אַן אויסדרוק), פון אַט דער פונדאַמענטאַלער קאָנצעפּציע פּליסט אַרויס ירדניס ספּעציעלער כישוף, ווען ער איבערפּרעטירט, נישט ווייניקער ווי די מייסטערשאַפט פון זיין געזאַנגטעכניק".

ז

ביים סוף, אַן ערך, פון 1929, האָט מאָטל שערמאַן, נאָך זיין איבער אַ פּולן, אויסגערונדיקטן יאָר אין ארץ ישראל, דערפּילט אין זיך די גרייטקייט פון נעמען אויף זיך די אַחריות ניט באָר פון אַ שליח־ציבור ביים עמוד, דורך תפילה, נאָר דורך דעם קלאַנג פון אידישן וואָרט. ער האָט דערפּילט אין זיך די רייפקייט פון ברענגען זיין וואָרט אויף דער פּען... וואָס־זשע טוט מען? קודם, דאַרף מען משנה־שם זיין... ביי די בלויע וואַסערן פון ים כנרת, אויף זיינע אָפּטע שפּאַצירן ביי די ברעגן פונם ירדן, האָט ער ניט איינמאָל דערפּילט אין זיינע בלוטן דאָס פּליסטערן פון דעם חומשדיקן טייך צו אים: הנני, אָט בין איך... נעם מיך.. ירשע מיך! און — דער חדר־אינגל מאָטל איז אַריין ממש אין די מילדע וואַסערן פונם היימישן טייכל, איז אַדורך די געדערים פונם פּולן ירדן, ביז דער ירדן איז אַריין אין אים. און אַזוי איז אויפגעקומען, אַזוי באַטירלעך, דער נאָמען ירדני, פריער אין דער נגינה און, שפּעטער, אינם שרייבן.

אין זיין שרייבן, ווי אין זיין זינגען איז געקומען צום אויסדרוק דער ליריקער: דער באַזינגער און דער באַוואונדערער. און אַזוי זיינען געווען זיינע ערשטע גרוסן פון ארץ ישראל אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט". אין 1938, ווען ער האָט שוין דערוואָרבן געניטע שרייבערישן סטאַזש, ווערט ער אָנגעשטעלט אין „טאָג" אַלס אָפיציעלער מוזיק־קריטיקער, און זיינע אַרטיקלען, געדרוקט אין די סוף־וואָך טעג, ווערן, ווי מע רופט עס אויף דער צייטונג־שפּראַך, „געפּיטשורט". דער פריער־דערמאָנטער סאַלאָמאָן קאַהאַן כאַראַקטעריזירט אַזוי די וויכטיקייט פון מ. ירדניס שרייבן וועגן מוזיק („דער וועג", 17טן פעברואַר, 1948, מעקסיקאָ):

„ס'איז ביז מיט אַן אַכט יאָר צוריק אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל מיט רעכט קענען פּרעטענדירן אויף דעם נאָמען „מוזיק־קריטיקער", ביז ס'איז געקומען מ. ירדני. מיט זיין באַווייזן זיך אויף איסט־בראָדוויי האָט אַ נייער ווינט גענומען בלאָזן, וואָס איז שייך שרייבן וועגן מוזיק און קאָמפּאָזיטאָרן, ווי אויך וועגן געשעענישן, דערשיינונגען און פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט פון מוזיק. אַ זשורנאַליסט פון ערשטער מדרגה, באַקליידט ירדני אין זיינע אַרטיקלען, אין אַן אינטערעסאַנטער

אַנציִענדיקער פאָרם, גרינטלעכע מוזיק־קענטעניש, סאָלידן וויסן אין פראַגן פון מוזיק־געשיכטע און אַ ווייטן אויסבליק אויף דער קונסט־ און קולטור־וועלט בכלל. צו דעם אַלעם באַזיצט ער די זעלטענע אייגנשאַפט, וואָס אַפילו נישט יעדער גוטער זשורנאַליסט באַזיצט: אַריינצוברענגען אויף אַ דעליקאַטן אופן אין זיינע אַרבעטן דעם עלע־מענט פון דעם, וואָס ס'הייסט אויף ענגליש: „יומען אינטערעסט". ירדני איז „אין דער היים" ווען ער שרייבט וועגן דער געשיכטע און דעם ספּיריטועלן וועזן פון אַ געוויסן חסידישן מאָטיוו, פּונקט אַזוי ווי, ווען ער רעדט וועגן שאָסטאַקאָוויטשעס ניינטער סימפאָניע; ווען ער אַנאַליזירט דעם אורשפּרינגלעך אידישן כאַראַקטער פון אַ געוויסער מוזיקאַלישער טעמע, ווי ווען ער דערציילט וועגן דעם באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער און סערגעי קוסעוויצקי, איר דיריגענט און קינסטלערישער פירער; וועגן דער מהות פון דער ארץ־ישראלדיקער מוזיק, פּונקט אַזוי ווי, וועגן די כאַראַקטער־שטריכן פון איגאָר סטראַ־ווינסקיס שאַפונגען. אַט די אַלזייטיקע באַהאַוונטקייט אויף דעם ברייטן און פאַרצווייגטן מוזיקאַלישן געביט, פּליוס זיין מערקווירדיקע פעאי־קייט צו שרייבן וועגן מוזיקאַלישע טעמעס גרינג און אַנציִענדיק, האָבן עס ירדנין געשאַפן אין דער אידישער פרעסע פון ניו־יאָרק דעם בכבודיקן פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט איצט אַלס „ספּעץ" אין מוזיק. קיינמאָל פריער איז דאָרט ניט געשריבן געוואָרן אויף מוזיקאַלישע טעמעס אַזוי פאַכמעסיק און גלייכצייטיק אַזוי אַנציִענדיק, ווי עס טוט עס מ. ירדני".

קאַרגע צוואַנציק יאָר האָט מ. ירדני גענוצט די לירישע פעדער זיינע אויף צו באַזינגען אַלץ און אַלעמען, אויף צו דערהויבן דעם און יענעם. ער האָט נאָך אַלץ געשוועבט אין די שמי שמים, וואו ביאַליק האָט אים, מיט זיין כישוף־וואָרט, אַרויפגעוואָלקנט... ביז עטוואָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1949, ווען ער איז, ווי אַ מעטעאָר, אַרונטער־געפאַלן פון די הימלען, אַ שיר־ניט צעשמעטערטער אויף אַן אויסגע־ברוקירטער שטיינערנער גאַס. דער פאַל מיטן אַרונטערפאַל פאַר־ענדיקט דעם צווייטן עטאַפּ אין זיין לעבן, ווי ער דערציילט עס, אין דעם שלוס־נומער „וואָכנבלאַט" פון יאָר 1949, ווי און פאַרוואָס ער האָט „אויסגעפּאַטשט אַ רעדאַקטאָר":

„אַנשטאָט צו פייערן דעם חודש דעם צען־יאָריקן יובילײ, זינט איך האָב אָנגעהויבן שרייבן פאַרן „טאָג", האָב איך עפנטלעך, אויפן גאַס, אויף איסט־בראָדוויי, אין פראָנט פון דער „פאָרווערטס"־געביידע, מכבד געווען דעם נייעם רעדאַקטאָר פון „טאָג", מרדכי דאַנציס, מיט צוויי פייערדיקע פּעטש!

„אַוודאי האָב איך עס ניט געטאָן מיט קיין גרינג האַרץ, אָבער

איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה; דער מענטש האָט מיך פּראָוואָצירט דערצו.

„אין לויף פון צען יאָר צייט האָב איך געשריבן איינציקע אַרטיקלען און גאַנצע סעריעס אויף מוזיקאַלישע טעמעס פאַרן „טאָג". מיינע אַרטיקלען און סעריעס האָבן זיך אויסשליסלעך געדרוקט אין די שבת און זונטיק נומערן — פריער אונטער עדלינס רעדאַקציע און דערנאָך אונטער דינגאָלן. כ'האָב קיינמאָל פון זיי ניט געהערט קיין קרום וואָרט און זיי פון מיר — אַוודאי ניט.

„כ'וועל עדלינס פריינטלעכע באַציאונג צו מיר קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן. אויך דינגאָל האָט זיך דזשענטעלמעניש צו מיר באַצויגן.

„עס זעט, אָבער, אויס, אַז ה' מאָריס ווייַנבערג, דער אַרויסגעבער פון „טאָג", האָט אַזוי לאַנג געקליבן רעדאַקטאָרן פאַר זיין צייטונג ביז — „מצא מין את מינו"...

„מיט דעם אַריינקום פונם נייעם רעדאַקטאָר, מרדכי דאַנציס, האָב איך גלייך דערזען, וואוהין ער צילט. ער האָט תיכּף אָנגעהויבן צו זוכן וועגן, ווי אַזוי מיך אַרויסצושטופּן פון „טאָג": ניט ווייל ער האָט עפּעס געהאַט צו מיר פּערזענלעך, אָדער ווייל מיין שרייבן איז אים ניט געפעלן געוואָרן, נאָר דערפאַר וואָס ער האָט באַשלאָסן אַריינצושלעפּן זיינעם אַ פריינט אויף מיין אָרט...

„ווייסנדיק דאָס, האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז איך וועל זיך ניט לאָזן פּראָוואָצירן פונם נייעם רעדאַקטאָר און וועל זיין באַכגעביק, וויפל נאָר אַזאַ רואיקער ווי איך קען אויסהאַלטן.

„אין משך פון אַ קאַרגן יאָר צייט האָט דאַנציס געטאָן אַלץ כדי מיך צו באַליידיקן און מיר ווייז צו טאָן — מיינענדיק, אַז איך, זייענדיק אַ סענסיטיווער מענטש, וועל אַליין אַוועקגיין און ער וועט קענען אַריינשלעפּן זיין „פריינט".

„איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון אַריינצוברענגען קלאַגעס קעגן דעם נייעם רעדאַקטאָר צום פּרץ שרייבער פאַראיין, ווייל איך האָב ניט געוואָלט אים אַריינשפּילן אין די הענט אַריין.

„ווען ער האָט דערזען, אַז ער קען מיט מיר גאָרנישט מאַכן, איז ער אַרויס מיט אַ נייעם פּזמון: „אייערע אַרטיקלען געפעלן מיר ניט, און איך וועל אייך מער ניט דרוקן".

„סטייטש? צען יאָר זיינען מיינע אַרטיקלען געווען גוט און אויפן עלפטן יאָר האָבן זיי פּלוצלונג אויפגעהערט צו טויגן?"

„האָט ער מיר צוריקגעענטפערט אין אַ חוצפּהדיקן טאָן: „צען יאָר זיינען אייערע אַרטיקלען געווען גוט און אויפן עלפטן זיינען זיי געוואָרן זויער!"

„אָט־דעמאָלט האָב איך איינגעזען, אַז ס'האָט ניט קיין זין מיט אַזאַ חברהמאַן אויסצוטענהן זיך. עס איז פאַראַן נאָר איין אַרגומענט, וואָס אַזאַ סאָרט מענטש קען פאַרשטיין: הרגעמענט! אָבער ניט אין רעדאַקציע, כדי ניט פאַרשוועכן דעם שטול וואו עס זיינען געזעסן בכבודיקע רעדאַקטאָרן, און אויך דערפאַר, וואָס בשעת ער האָט מיר געגעבן זיין חוצפּהדיקן ענטפער, זיינען אין רעדאַקציע אַנוועזנד געווען נאָר צוויי שרייבער: א. גלאַנץ און י. ראַבינאָוויטש.

איצט, נאָך דעם ווי איך האָב זיך געקילט מיין האַרץ, וויל איך מאַכן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„דער דאָזיקער מענטש האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט און זייער פיל האַרץ־ווייטיק, אָבער פאַר דעם וועל איך אים פאַרגעבן. איך וועל אים אַפילו פאַרגעבן די באַדייטנדיקע געלט־פאַרלוסטן מיינע. נאָר דאָס וואָס ער האָט מיך דערפירט דערצו, אַז איך זאָל אויפהויבן אַ האַנט קעגן אַ מענטשן, איך, וואָס האָב מיין גאַנץ לעבן קיין פליג אויפן וואַנט נישט אָנגערירט, פאַר דעם וועל איך אים קיינמאָל ניט מוחל זיין!"

ז

מיט אויספּאַטשן אַ רעדאַקטאָר בפני כל עם ועדה — אַ דראַמאַטיזירטער שלוס־אַקט פון זיין צווייטן לעבנס־עטאַפּ — איז גלייכצייטיק צעבראָכן געוואָרן זיין לירישע האַרפע, און מיט ברענגען זיין באַריכט וועגן זיין אַנטוואָגטער טאַט צו דער צייטונג פון דער אומקאָמפּראָמיסלעכער אָפּאָזיציע — צום „וואָכנבלאַט" — האָט ער זיין ליריש וואָרט פאַרוואַנדלט אין אַ צוויי־שאַרפיקן שווערד, וועלכן ער האָט ניט אויפגעהערט צו נוצן עפעקטיוו אין לויף פון די לעצטע פינף יאָר דורך פאַרשיידענע פאָרמען, אויף וואַריאירטע טעמעס, ביי כל־ערליי געלעגנהייטן. אַ שרייבער ווי יעקב גלאַטשטיין, צ. ב., האָט ער, מיט אַמאָל, אים גענומען דערזען אין אַ גאָר אַנדער ליכט. ווען וואָלט זיך אַ גלאַטשטיין געוועזן ריכטן אַז דער ליריקער־זינגער מ. ירדני זאָל אים אָנרופן „שייגעץ" און זאָל וועגן אים שרייבן אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „אַן ענטפער יעקב גלאַטשטיינען אין זיין אייגענעם שייגעץ־שליסל"? אַ, ברודער גלאַטשטיין און איר אַלע אַנדערע צעבאַלעוועטע שרייבער־זינדלעך פון דער עוועניו! ס'איז אויפגעשטאַנען, נאָך דעם פאַל פון זיין אַראָפּפאַל, אַ שפּאָגל־נייער ירדני, אַ צוגעשטאַנענער צו דער געפערלעכער ליבמאַן־מחנה, און ער רעדט, און ער שרייבט משונהדיקע רייד. אָקאָרשט הערט, ווי ער הויבט אָן טאַקע דעם נעמלעכן אַרטיקל וועגן־קעגן גלאַטשטיינען (געדרוקט אין „וואָכנבלאַט", אין נומער פון 30סטן מערץ, 1951):

„אַזוי ווי איך זוך ניט ביי קיינעם קיין „סמיכה", ניט אויף מיין זינ־גען און ניט אויף מיין שרייבן, בין איך ניט מחויב צו רעכענען זיך מיט יענעמס מיינונגען — איבערהויפט מיט די מיינונגען פון יענע אידי־שע שרייבער אין אַמעריקע, וועלכע האַלטן זייערע פעדערס אין „אַרענ־דע" ביי פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, געזעלשאַפטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס, מצה־פירמעס, אונטערוועש־פירמעס, צדקה־פּושקע־פירמעס, און וואו נאָר מ'קען ערגעץ פאַרדינען אַ סענט פון שרייבן „פּובליסיטי" און „כפל שמונהדיקע־אַנאָנסן"; האָב איך ניט קיין מורא צו זאָגן, אַז מיין פריינט יעקב גלאַטשטיין שניידט זיך אויף אַ צווייטן מרדכי דאַנציס! יענער שרייבט אויף „טיש און אויף בענק", וועגן אַלץ און אַלעמען, און גלאַטשטיין האָט אים אָנגעהויבן נאָכטאָן, דער חילוק איז נאָר, וואָס מרדכי דאַנציס האָט ניט וואָס צו פאַרלירן, שרייבט ער נאָך אַן אַרטיקל, נאָך אַ ביסל וואַסער, אָבער גלאַטשטיין מאַכט זיך קאַליע דעם טאַלענט דערמיט"...

די אויפטריטן זיינע אויף די קאָלומס פון „וואָכנבלאַט" האָבן אַלץ מער און מער אָנגענומען די פאָרמע פון געפעכטן, ווי די שריי־בערישע עובדא דאַרף באמת זיין. און זיין שרייבערישער כוח גברא האָט גענומען שטייגן פון נומער צו נומער. זיין אָנזען צווישן די אָפּאָ־זיציאָנעלע שרייבער האָט גענומען אויפגיין. מען האָט אויך גענומען קאָמענטירן וועגן זיינע אַרטיקלען.

דער לעבעדיקער, צ. ב. האָט אַרויסגעפירט די ירדני־סחורה „אויפן ליטעראַרישן יאַריד", („מאָרגן זשורנאַל", אָקטאָבער 18, 1950): „מ. ירדניס „חשבון הנפש" אין ראש השנה נומער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", איז ממש אַ דאָקומענט וואָס דאַרף ניט קיין „נאָטאַרי־פּאַבליק"... עס איז אַ דע־פּראָפונדעס פון אַ חזן וואָס שרייבט אַ „„ממעקים קראתיך"... אַ „הנני העני" לויט אַ נייעם נוסח. אַ גאַנץ־זוכעניש אין אַלע אידישע ווינקלען פון איינעם וואָס שטייט ביים עמוד... אַ ביישטראָג צו אידישקייט פון אַ רעליגיעזן אידן און דאָך היינט־וועלטיקן וואָס חלשט צו ווערן אַן אַפּיקורס און קען ניט... עס איז אַן אָנקלאַגע אויף אונזער אויסגעליידיקטקייט (ניט נאָר אין שול)".

ענלעכע אַרבעטן פון אַ פּראָוואָצירנדיקן כאַראַקטער, וועלכע האָבן אויפגערודערט אַפילו אונזער פאַרגלייכגילטיקטע „אידישע גאַס", האָט ירדני פאַרעפנטלעכט לרוב אין „וואָכנבלאַט". דערצו האָט ער געהאַט אַרבעטן פון אַן עסייאיסטישן כאַראַקטער, ווי, צ. ב., זיין אויס־געצייכנטע עסיי „פון כל נדרי ביז נעילה" וואָס קען אויך אויסגע־נוצט ווערן אַלס אַ מוסטער־טעקסט פאַר אַ כרעסטאָמאַטיע פאַר מיטלשול תלמידים; זיינע רייזע־בילדער איבער די דרום־אַמעריקאַ־נישע לענדער — קרעדיטירן אים מיט נאָך „אַ פעדער אין זיין הוט".

אָבער די קרוין־ווערק זיינע אין „וואָכנבלאַט" איז די סעריע „איג־טערוויוס מיט אידישע שרייבער", אין וועלכע ער פאַרמעסט זיך צו קאָרעגירן פאַלש־פאַרקריפטע מיינונגען וועגן דער היגער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע און רעווידירן אַ ריי כלומרשט־איינגעשטעלטע און פון אַלעמען אָנגענומענע שטאַנדפּונקטן וועגן שרייבער און ביכער. זיין באַנד „אינטערוויוס" וועלכער ווערט, האָפנטלעך, דערשיינען בקרוב, וועט מיט זיך פאָרשטעלן איינעם פון אַ ריי ביכער, וועלכע וועלן ענטפּערן דעם לאַנג־אַרויסגעלאָזטן רוף פאַר גערעכטיקייט, פּונקט ווי נח שטיינבערגס בוך „יונג אַמעריקע" האָט דורכגעפירט אַן ענלעכע שליחות מיט אַן ערך פון דרייסיק יאָר צוריק.

אַם שאַרפסטן, אָבער, האָט, די טעג, אויפגעכאַפּט ירדנים שאַרפע פּובליציסטיק אונזער פריינט סאַלאָמאָן קאַהאַן פון מעקסיקאָ, אין דער דאָרטיקער צייטונג „די שטימע":

„אין דעם „אנפאנט טעררי‌בל" פון דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע: יצחק ליבמאַנס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", דעם פּרעסע־אָרגאַן פון דער דאָרטיקער ליטעראַרישער אָפּאָזיציע, וואָס ווי וועגן יעדער וויכטיקער, ערנסט מיינענדיקער אָפּאָזיציע, קען אויך וועגן אים געזאָגט ווערן, אַז „ווען זי וואָלט נישט עקסיסטירט, וואָלט מען זי געדאַרפט דערפינדן" — לייענען מיר אָפט ירדנים גלענצנדיקע פּובליציסטישע אַרטיקלען אויף טעמעס פון קולטור־געביט. ניט איינמאָל רופט ער דאָרט אָן זאַכן מיטן ריכטיקן נאָמען און זאָגט פּראָסט און פּשוט, אַז „דער קעניג גייט נאַקעט". ער טוט עס מיט מערקווירדיקן מוט, מיט דער אומדערשראָקנקייט פון אַ מענטשן, וואָס קעמפט פאַר העכערע ווערטן. ווי אַ ביישפּיל פון אַט דעם בירגערלעכן מוט קען דינען דער איינלייטנדיקער טייל צו זיין דאָ לעצטנס אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" פאַרעפנטלעכן לענגערן אַרטיקל וועגן ב. שעפנער".

„סיי ווי אַן עסייאיסט, סיי ווי אַ מוזיק־קריטיקער און סיי ווי אַ פּובליציסט, האָט מרדכי ירדני וואָס צו זאָגן און סיי דעם טאַלאַנט צו זאָגן עס אויף זיין אייגענעם אופן. דאָס מאַכט זיין שרייבן וויכטיק און אינטערעסאַנט."

ח

אין דעם לעבן פון אַזאַ פיל־פאַרביקע פיגור ווי מ. ירדני זיינען געווען אַ סך שטורמישע, אויפבליצנדיקע מאָמענטן אין זיין לעבן.

איין מאָמענט אַזאַ איז געווען אין פרילינג פון יאָר 1945, ווען מעיאָר פיאָרעלאָ לאַ־גוואַרדיאַ מיט אַ געקליבענעם קאָמיטעט פון די סאַמע פּראָמינענטסטע בירגער פון דער שטאָט ניו־יאָרק האָבן אין געהיים גענומען צוגרייטן אַ פּראָגראַם אויף צו פייערן פאַר די אויגן

פון מיליאָנען בירגער פון ניו־יאָרק אין סענטראַל פּאַרק „מאָל" דעם נצחון פון די אַליאירטע אַרמייען איבער היטלערן און זיינע דייטשע חיילות, מיט דער באַטייליקונג פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער און די גרעסטע קינסטלער פון דער מוזיק, טעאַטער, פילם און ראַדיאָ־וועלט, ווירטואָזן און זינגער ווי מישאַ עלמאַן, אַרטור רובינשטיין, מעריען ענדערסאָן און מיטן אָנטייל פון אַלע דריי רעליגיעס, די קאַטוילישע, פּראָטעסטאַנטישע און אידישע: האָט מען פונם מעיאָרס אָפיס אָנגעקלונגען צו ירדני אַהיים און מ'האָט אים געלאָזט וויסן, אַז מ'האָט אים אויסגעקליבן און ס'ווערט אַרויפגעלייגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף אים פאַר דער דורכפירונג פונם אידישן טייל, וואָס איז באַשטאַנען פון צוגעפּאַסטע צוויי רעליגיעזע תפילות, געזונגען פון אַ כאָר פון דריי הונדערט חזנים, אונטער דער דיריגענץ פון זאַוועל זילבערטס. דער טעלעפאָן־געשפרעך פונם מעיאָרס אָפיס איז מיט אַ טאָג שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן בריוו פונם מעיאָרס אָפיס און מיטן זיגל פון דער שטאָט ניו־יאָרק. נאָך דער פייערונג האָט ירדני דערהאַלטן אַ וואַרעמען דאַנק־בריוו, אונטערגעשריבן פונם מעיאָר און זיין געקליבענעם קאָמיטעט פון פּראָמינענטע בירגער פון ניו־יאָרק.

אַ 2טער מאָמענט אַזאַ איז געווען זיין אָנטייל אינם רוזוועלט־מעמאָריאַל. די „טיימס" האָט אויף דער 1טער זייט אַזוי באַריכטעט:

„ווען מ. ירדני האָט געזונגען דעם טראַדיציאָנעלן אידישן רעקוויום „אל מלא" אויף דעם גרעסטן מעמאָריאַל־מיטינג וואָס איז ביז איצט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאַנד נאָכן פּלוצלונג פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פון די יונייטעד סטייטס, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט פאַר אַן עולם פון אַריבער הונדערט טויזנט מענער און פרויען אינם גאַרמענט סענטער וואָס פאַרשיידענע אַרבעטער יוניאָנס אין ניו־יאָרק האָבן נעכטן איינגעאָרדנט, מיט דער באַטייליקונג פונם מעיאָר פון ניו־יאָרק, פיאָרעלאָ לאַ־גוואַרדיאַ, און הויך־ראַנגיקע מיליטערלייט פון דער אַרמיי, לופט און פלאָטע, איז געפאַלן אַ שטילקייט אויף דער געוויינלעך רוישיקער זיבעטער עוועניו".

אָבער דאָס זיינען נאָר געווען איינצלנע בליצן, צעאינזלטע שטורעמס. זיינע פאַרבינדונגען מיט דער קריגער־משפּחה פון „וואָכנבלאַט", אַלס געניטער און באַגאַבטער שווערדן־פעכטער, שטעלט אים אַוועק אין דער פּאָזיציע פון אַ גענעראַל אין שטענדיקן קריג, מיט אומאויפהערלעכע בליצן און מיט ניט־אָפּשטעלבאַרע שטורעמס. ער איז אַרייך אין אַן אַרמיי קעמפער וואָס זיינען דאָ ניט נאָר אויף אַ שפּאַציר־שליאַך, נאָר — להשתקע. מען איז דאָ צו קאָרעגירן, רעווידירן — לתקן את המעוות. און מ. ירדני, ביי זיין איצטיקן באַשיידענעם יובל, איז אין סאַמע צענטער פון דעם גרויסן און הייליקן קאַמף.